# אלע ווערק

(ס. י. אבראמאוויטש)

פון

מענדעלע מוכר ספרים

אלע ווערק פון

# מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאוויטש).

# פרק שירה

XIII באנד.

פערקויף: געזעלשאפט „צענטראל", ווארשא.

# הַקְדָּמָה לְפֶּרֶק שִׁירָה.

## א.

דִי גַאנְצֶע װֶעלְט אַרוּם אוּן אַרוּם,
אִיטְלִיכְם פִּיצֶעל װָאס דָארְט אוּמֶעטוּם,
דָאס גַאנְצֶע גֶעשְׁלִידֶער אִין הִימֶעל,
דִי עֶרְד אוּנְטֶען מִיט אִיהְר גֶערִימֶעל:
מִיט אִיהְרֶע יַמִים, קְװַאלֶען, טַייכֶען,
מִיט אַלֶערְלֵיי שְׁטֵיינֶער דֶעסְגְלַייכֶען,
מִיט גְרָאזֶען, בֵּיימֶער פוּן יֶעדֶען סָארט,
מִיט לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש אוֹיף אִיהר דָארְט,
פוּן דִי פִישׁ, װָאס אִין װַאסֶער לֶעבֶּען,
בִּיז דִי פֵייגֶעל, װָאס אִין דֶער לוּפְט שְׁװֶעבֶּען.
פוּן דִי װִילְדֶע חַיוֹת אִין װֶעלְדֶער,
אוּן דִי מִינֵי בְּהֵמוֹת אוֹיף פֶעלְדֶער,
בִּיז דִי שְׁרָצִים פוּן אַלֶערְלֵיי גֶעשְׁטַאלְטֶען,
װָאס פְלִיהֶען, קְרִיכֶען אִין לֶעבֶער אוּן שְׁפַּאלְטֶען.
דִי אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש מִיט־אַ־נַאנְד,
הָאט מִיט זַיין חָכְמָה אוּן זַיין פֶערְשְׁטַאנְד,
װָאס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹיס נָאר אָהְן אַ בְּרֶעג,
גָאט אוּנְזֶער הַאר בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

## ב.

די וועלט אינאַנצען, ווי גרויס זי איז און לאַנג,
איז איין קאַפּעלע, איין ניגון, איין געזאַנג,
אַ קאַפּעלע מיט גרויס חכמה און געפּיהל,
וואס שפּילט בעשטענדיג און קיין רגע ניט שטיל.
אַ ניגון, וואס איטליכס בעשעפּניש בעזונדער
זינגט אין איהם זיין שטיקעל קונציג אַ וואונדער,
אַ געזאַנג זעהר ריכטיג און חידושים שיין,
וואס אין איהם זינגען אַלע פון גרויס ביז קליין:
די הימעל און די היילינגע מלאכים דאָרט,
די זון, די לבנה, די שטערען פון זייער אָרט,
געהענגדיג אין זייער וועג דאָרט אין דער הויך,
אי די ערד אונטען זאָגט שירה און זינגט אויך:
עס העלפען איהר אונטער משוררים אָהן אַ צאהל:
דאָס געוועקס, חיות און שרצים מיט אַ מאָל,
אויף זעהר פאַרשידענע קולות אַלערליי,
אַלע אויף זייער שטייגער ווי עס פּאַסט זיי,
אַלע אינאיינעם שפּילען, זינגען און לויבען,
צום בעריהמטען מייסטער אין הימעל אויבען.
וואס איז חידושים גרויס גאָר אָהן אַ ברעג,
וואס האט אַלסדינג בעשאַפען אין זעקס טעג.

## ג.

דער בעריהמטער זינגער דוד המלך,
וואס פון זיין געזאַנג ווערד אויפ'ן הארץ פרעהליך.

ער דערקענט נאכט וואנדער, פרעהט זיך און קוועלט,
ער זינגט און הייסט אויך זינגען די גאנצע וועלט,
רעכענט פון די וועלט-זינגער אויס א צעטיל,
אין זיינע הללויות דארט אויף א בלעטיל
הללויה, לאזען זינגען און גאט לויבען, א)
אלע דארט פון די הויכע הימעל אויבען,
לויבט איהם אלע זיינע מלאכים אינאיינעם,
זיין גאנץ געשלידער גיט א לויב א שיינעם.
לויבט איהם, אי זון אי לבנה, ביידע אויף א קול,
אלע ליכטיגע שטערען, לויבט איהם מיט א מאל,
לויבט איהם אלע הימלען ארום און ארום,
און די וואסער אין דער לופט אויבען אומעטום.
אלע זאלען לויבען דעם נאמען פון גאט,
דען זיי זענען געווארען אויף זיין געבאט:
ער האט זיי געשטעלט אויף אייביגע יאהר,
גיט געזעץ, נישט עובר צו זיין זיי אויף א האר.
לאזען אויך לויבען גאט פון דער ערד אונטען,
די גרויסע פיש און אלע טיפע גרונטען
אי בליץ אי האגעל, שניי און דער טומאן דארט,
דער שטורעמווינד, וואס טהוט און דערפילט זיין ווארט,
הויכע בערג און די אלע בערגליך מיט זיי,
פרוכטבעימער און צעדערבעימער אלערליי,
ווילדע חיות און אלע בהמות אין לאנד,
שרצים וואס קריכען און פייגעל אלערהאנד.
דער זיסער זינגער פון ישראל שטעלט פיר,
די גאנצע וועלט איז א הללויה, א שיר.

אז אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּערִיהְמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,
וָואס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹיס גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְסְדִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

## ד.

אז אַ קַאפֶּעלֶע אִיז אִינְגַאנְצֶען דִי וֶועלְט,
הָאבֶּען אוֹיךְ נְבִיאִים, חֲכָמִים פִירְגֶעשְׁטֶעלְט
אִיטְלִיכֶער פוּן זֵיי בֶּעזוּנְדֶער אוֹיף זַיין גַאנְג
שְׁטֶעלְט פִיר פוּן דֶער וֶועלְט דֶעם נִיגוּן, דֶעם גֶעזַאנְג
אִיטְלִיכֶער דְרִיקְט זִיךְ אַזוֹי אוֹיס מִיט וֶוערְטֶער,
וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ בַּיי זֵיי אִין פִיל עָרטֶער.
זֵיי לָאזֶען הֶערֶען שְׁרַייעֶן, זִינְגֶען דִי הִימֶעל,
מִיךְ פוּן דֶער עָרְד אַרוֹיסְגֶעהְן אַ גֶעטִימֶעל,
בֶּערְג לָאזֶען אַרוֹיס אַ גֶעזַאנְג, אַ גֶעשְׁרֵיי,
דֶער וַואלְד אוּן דִי בֵּיימֶער אִין אִיהם אַלֶערְלֵיי. ב)
דִי וֶוערְטֶער פוּן דִי הֵיילִיגֶע גְרוֹיסֶע לַייט,
זָאגֶען פִילוּסוּפִים אִין דֶער אַלְטֶער צַייט,
דִי גַלְגַלִים אִין דִי אוֹיבֶּערְסְטֶע סְפִירוֹת,
זִינְגֶען דְרֵעהֶענְדִיג זִיךְ זֵעהר זִיסֶע זְמִירוֹת. ג)
אֲפִילוּ דִי עָרְד אוּנְטֶער אוּנְזֶערֶע פִים,
אִי זִי אוֹיךְ זָאגְט שִׁירָה אוּן זִינְגְט מְחַיֶה זִיס. ד)
קָדוֹשׁ, קָדוֹשׁ, קָדוֹשׁ, תָּמִיד אַ מָאל דְרַיי,
זָאגֶען אוֹפַנִים אוּן שְׂרָפִים גַאנְץ גֶעטְרַיי. ה)
אַלֶע עָפְּנֶען אַ מוֹיל, זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּערִיהְמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,

וָואס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹיס גָאר אָהְן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְסְדִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

## ה.

דִי וֶועלְט־קַאפֶּעלֶע אָבֶּער זִי צוּפִילֶען,
צוּפַארְשְׁטֵעהֶען רִיכְטִיג, וָואס בֶּעטַייט דָאס שְׁפִּילֶען,
וָואס אִין דֶעם נִיגוּן לִיגְט אוּן וָואס עֶר דְרִיקְט אוֹיס,
וָואס פוּן דֶעם דָאזִיגֶען גֶעזַאנְג קוּמְט אַרוֹיס,
וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶע חָכְמָה, פַאר אַ גֶעפִיהל,
לִיגְט אִין אִיטְלִיכֶענְס וָוארְט, אִין אִיטְלִיכֶענְס שְׁפִּיל,
צוּפַארְשְׁטֵעהְן אִיטְלִיכְס שְׁטִיקֶעל פַאר זִיךְ אַלֵיין,
אוּן דֶעם גֶעזַאנְג אִינְגַאנְצֶען וָואס וואוּנְדֶער־שֵׁיין,
אוּן צוּ דֶערְקֶענֶען, דֶערְפוּן צוּזַיין אִין שְׁטַאנְד,
דֶעם מַייסְטֶער אַלֵיין, וָואס מַאכְט עֶס מִיט פַארְשְׁטַאנְד,
צוּדֶערְקֶענֶען זַיין גְרוֹיסְקַייט, וָואס עֶר בֶּעטַייט,
צוּדֶערְקֶענֶען זַיין וֶוערְק אוּן וואוּנְדֶערְלִיכְקַייט,
הָאט גָאט, נָאכְדֶעם ווִי עֶר מַאכְט פַארְטִיג זַיין וֶועלְט,
אוּן אַלְסְדִינְג כְּסֵדֶר, כְּסֵדֶר דָארְט אוֹיסְגֶעשְׁטֶעלְט,
גֶעמַאכְט אִין זַיין גֶעשְׁטַאלְט דֶעם מֶענְשֶׁען צוּלֶעצְט,
אִין אִיהם שֵׂכֶל, אַ נְשָׁמָה אַרַיינְגֶעזֶעצְט.
מִיט זַיין שֵׂכֶל אִיז עֶר אוֹיף דֶער עֶרְד אֵיינֶער,
עֶר קֶען פַארְשְׁטֵעהֶן גָאטְס וֶוערְק, וַויטֶער נִיט קֵיינֶער,
נָאר עֶר קֶען פָארְשֶׁען אַלְסְדִינְג מִיט זַיין מוֹחַ,
פַארְשְׁטֵעהֶן דִי נַאטוּר אוּן אִין אִיהר גָאטְס כֹּחַ,
עֶר מִיט זַיין שֵׂכֶל, פוּן גָאט אַ מַתָּנָה,
קֶען פוּן דֶער שִׁירָה פַארְשְׁטֵעהֶן דִי כַּוָּנָה,

פוּן אִיטְלִיכֶענְס טֶבַע, הַנְהָגָה אוּן גַאנְג,
פַארְשְׁטֶעהן דֶעם פְּשַׁט פוּן זַיין שִׁירָה, זַיין גֶעזַאנְג,
ווִי אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּעריהמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,
ווָאס אִיז הִידִישִׁים גְרוֹיס גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
ווָאס הָאט אַלְץ דִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

## ו.

דֶער אֵיינְצִיגֶער ווֶעג צוּקֶעגֶען גָאט דֶעם הֶער,
אִיהם לִיבּ צוּהָאבֶּען אוּן פָארְכְטֶען ווִי עֶס גֶעהר,
אִיז טַאקִי דִי שִׁירָה פוּן דֶער ווֶעלְט אַלֵיין,
גָאטְס חָכְמָה אִין דִי בְּרוּאִים פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין.
אַז דֶער מֶענְשׁ דֵיינְקְט מִיט שֵׂכֶל אוּן גִיט זִיךְ אָפּ,
גָאטְס ווֶערְק צוּזֶעהֶען פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאפּ,
דִי טֶבַע פוּן דִי בֶּעשֶׁעפְּנִיש מִיט־אַ־נַאנְד,
זֵייעֶר פִיהְרוּנְג, זֵייעֶר לֶעבֶּען, זֵייעֶר שְׁטַאנְד,
ווִי זֵי דֶערְנֶעהְרֶען זִיךְ אוּן הַאלְטֶען זִיךְ אוֹיס,
ווִי קֵיינֶער גֶעהט נִישְׁט פוּן זַיין גֶעזֶעץ אַרוֹיס,
אוּן זֶעהְט דַארִינֶען גָאטְס חָכְמָה אוּן וואוּנְדֶער,
זַיין הַשְׁגָחָה אוֹיף אִיטְלִיכֶען בֶּעזוּנְדֶער,
דֶענְסְמָאל בֶּעקוּמְט עֶר צוּ גָאט חֵשֶׁק אוּן לוּסְט.
אִיהם לִיבּ צוּהָאבֶּען פַארְלַאנְגְט זַיין הַארְץ אוּן גְלוּסְט.
אַז עֶר בֶּעטְרַאכְט אַלְסְדִינְג אוֹיף אַזַא דֶרֶךְ,
זֶעהט, ווִי אַקֶעגֶען גָאט אִיז קְלֵיין זַיין עֶרֶךְ,
בֶּעקוּמְט עֶר יִרְאַת שָׁמַיִם, גָאטְס מוֹרָא,
אוּן הִיט זִיךְ צוּ טָאן עֶפִּים אַיין עֲבֵרָה, ו)

עֶר גִּיט אוֹיף דִּי הַבְלֵי הָעוֹלָם אַ שְׁפַּיי,
עֶר טְהוּט מַעֲשִׂים טוֹבִים אוּן וֶוערְד פוּן זִינְד פְרַיי.
עֶר ווִיל אוֹיךְ מִיט גֶעפִיהל זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּערִיהְמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,
וָואס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹיס גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְסְדִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֵעג.

ז.

אִיצְט עֶרְשְׁט קֶען מֶען פַארְשְׁטֶעהן דִי טִיפֶע חֲקִירָה,
אִין דֶעם מַאֲמַר, וָואס פַאר דֶער פֶּרֶק שִׁירָה.
דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא זָאגְט מִיט חָכְמָה דָארְט,
וָואס מֶען דַארְף פַארְצוּקֶערֶען זַיין אִיטְלִיכְס וָוארְט,
עֶס צִילְט גַאנְץ וַוייט, ווִי אַ פַייל אוֹיסֶען בּוֹיגֶען,
עֶס דֶערְקְווִיקְט דָאס הַארְץ, עֶס עֶפֶענְט דִי אוֹיגֶען.
עֶר זָאגְט: וֶוער אִין פֶּרֶק שִׁירָה אוֹיף דֶער וֶועלְט,
אִין דֶער גַאנְצֶער פִיהְרוּנְג, וָואס גָאט הָאט גֶעשְׁטֶעלְט,
אִיז זִיךְ עוֹסֵק, דֶערְמִיט בֶּעשֶׁעפְטִיגְט שְׁטֶענְדִיג,
בֶּעטְרַאכְט אַלְץ גָאטְס מַעֲשִׂים אוּן וֶוערְד פַארְשְׁטֶענְדִיג,
אוֹיף אִיהם זָאג אִיךְ עֵדוּת, אַז עֶר וֶוערְד גַאנְץ לֵייז,
פוּנֶ'ם יֵצֶר הָרָע אוּן פוּן אַל־דָאס־בֵּייז,
אִי פוּנֶ'ם שָׂטָן, וָואס פַארְדַארְבְּט גָאר אַ שְׁרֶעק,
אִי פוּן אַלֶע מִינֵי מַזִיקִים אוּן שְׁלֶעק,
פוּן פְלָאג אִין מָשִׁיחַ'ס צַייט, בִּשְׁעַת אַ נוֹיט,
אוּן פוּנֶ'ם גֵיהִנֹם שְׁפֶּעטֶער נָאךְ דֶעם טוֹיט.
דִי מַדְרֵגָה זַיינֶע אִיז זֵעהר אַ הוֹיכֶע,
טוֹלֶערַנְץ אִין דָאס צוּשְׁטַאן אִיז עֶר זוֹכֶה.

זַיין לֶערְנֶען הָאט אַ מַמָשׁוּת, אַ בֶּעשְׁטַאנְד,
עֶס הָאט אַ הַאפְט אִי אַ קִיוּם אִין זַיין הַאנְד.
עֶר אִיז אוֹיךְ מַאֲרִיךְ יָמִים דָא אוֹיפֶ'ן אָרְט,
אוּן אִיז נָאךְ זוֹכֶה צוּ עוֹלָם הַבָּא דָארְט. ז)
זַיין נָאמֶען וֶועט אִי שְׁפֶּעטֶער גְרוֹיס זַיין אוּמֶעטוּם,
וֶועט זִיצֶען אִין אַ קְרוֹין פוּן כָּבוֹד אוּן רוּהם,
מִיט דִי הֵיילִיגֶע דָארְט זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּערִיהְמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,
וָואס אִיז׳ חִידוּשִׁים גְרוֹיס גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְמְדִינְג בֶּעשַאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

### ח.

דֶער הֵיילִיגֶער תַּנָא, דֶער שְׁטַארְק גֶעלֶעהרְטֶער,
זָאגְט וַוייטֶער אִין גָאנְס נָאמֶען מִיט דִי וֶוערְטֶער:
זָאלְסְט מִיט לַייב אוּן זֶעל־דִיר פַאר אַ חוֹק מַאכֶען,
צוּ וִויסֶען מַיין פִיהְרוּנְג אִין אַלֶע זַאכֶען,
צוּקוּמֶען אִין מַיין פַּאלַאץ, מַיין שֵׁיין גֶעבַּיי,
מַיינֶע גֶעזֶעץ צוּפַארְשְׁטֵעהן, צוּהִיטֶען טְרַיי.
זָאלְסְט אִין דֶעם הַארְץ דַיינֶעם הִיטֶען מַיין תּוֹרָה,
הָאב אַקֶעגֶען דַיינֶע אוֹיגֶען מַיין מוֹרָא.
הִיט דַיין מוֹיל, דַיין צוּנְג, נִיט רֵיידֶען וָואס אִיז שְׁלֶעכְט,
זִינְדִיגֶע נַארִישֶׁע רֵייד, וָואס אִיז נִישְׁט רֶעכְט,
אוּן אִיךְ וֶועל אוּמֶעטוּם, וָואהִין דוּ וֶועסְט גֵעהְן,
מִיט דִיר זַיין, דִיךְ לֶערְנֶען אַלְמְדִינְג צוּפַארְשְׁטֵעהְן,
דִיךְ לֶערְנֶען שֵׂכֶל, פַארְשְׁטַאנְד, אִיטְלִיכֶע זַאךְ.
דֶער עִיקָר, וָואס דְרִינֶען אִיז גֶעוֶוענְדֶט אַ סַךְ,

זָאלְסְט וִויסֶען, אַז אַלֶע בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אוּמֶעטוּם,
הָאט גָאט גֶעמַאכְט צוּלִיב זַיין כָּבוד און רוּהְם. ח)
אַז אַלְסְדִינְג אִין דֶער וֶועלְט פוּן וָואס פַאר אַ סָארְט,
אִיז נָאר צוּלִיב זַיין כָּבוד בֶּעשַׁאפֶען דָארְט.
דִי אַלֶע בֶּעשֶׁעפְנִישׁ זִינְגֶען און לויבֶּען,
צוּם בֶּערִיהמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אויבֶּען,
וָואס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹיס גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְסְדִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

## ט.

אַ וואוּנְדֶער־שֵׁיינֶע מַעֲשֶׂה, וָואס צִילְט זֶעהר וַוייט,
דֶערְצֶעהלֶען אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים גְרוֹיסֶע לַייט,
אוֹיף דֶעם זִיסֶען זִינְגֶער, דָוִד דֶעם קֶענִיג,
מֵיינֶען דֶערְמִיט אַ סַךְ און רֵיידֶען וֵוענִיג.
דִי דָאזִיגֶע מַעֲשֶׂה אִיז אַזוֹי גֶעשֶׁעהן:
אַז דָוִד הָאט דֶעם תְּהִלִים גוֹמֵר גֶעוֶוען,
אִיז עֶר גֶעוָוארֶען שְׁרֶעקְלִיךְ גָדוֹל בַּיי זִיךְ,
און זָאגְט: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אִיךְ פְרֶעג דִיךְ,
אִיז אִין דַיין וֶועלְט דָא אַ בֶּעשֶׁעפְנִישׁ בַּיי דִיר,
וָואס זָאגְט שִׁירָה און לויבְּגֶעזַאנְג מֶעהר פוּן מִיר.
אַ פְרָאשׁ גְרָאד קוּמְט פַאר אִיהם דֶענְסְטְמָאל צוּשְׁפְּרִינְגֶען
און זָאגְט: דָוִד, זַיי נִיט גְרוֹיס מִיט דַיין זִינְגֶען.
אִיךְ פְרָאשׁ, אַ פִּיצֶעל בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אִין דֶעם טַייךְ,
זָאג, כְּ׳לֶעבֶּען, מֶעהר שִׁירָה פוּן דִיר, קַיין פֶערְגְלַייךְ.
נָאךְ מֶעהר, אִיטְלִיכֶע שִׁירָה, וָואס אִיךְ קְוַואקֶע,
אִיז אוֹיף אִיהר דָא דְרַיי טוֹיזֶענְט מְשָׁלִים טַאקֶע.

פִּיל בַּאמְנֶעם מַאכְט דַארוֹיס אַ גְרוֹיסֶער זִינְגֶער,
אוּן לַייט קְוֶועלֶען, לֶעקֶען דֶערְפוּן דִי פִּינְגֶער.
בֶּעשֶׂעפְטִיגְט מִיךְ נָאךְ מִיט אַ מִצְוָה דֶערְצוּ,
דָאס אִיז יֶענֶע גְרוֹיסֶע מִצְוָה וָואס אִיךְ טְהוּ:
בַּיים בְּרֶעג פוּנֶ'ם יַם אִיז דָא אַ מִין בֶּעשֶׁעפְּנִיש,
וָואס בֶּעקוּמְט נָאר פוּן וַואסֶער זַיין בֶּעדֶערְפְנִיש,
בְּשַׁעַת עֶר אִיז גוּט הוּנְגֶעריג אוּן שְׁטַארְבְּט שִׁיער,
נֶעמְט עֶר אוּן עֶסְט מִיךְ אוֹיף אוּן יוֹצֵא מִיט מִיר. ט)
דִי מַעֲשֶׂה וַוייזְט, וִוי דָוִד מִיט זַיין חֲקִירָה
בֶּעטְרַאכְט דִי טֶבַע, פוּן דֶער וֶועלְט דִי שִׁירָה,
אַז אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּערִיהְמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,
וָואס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹיס גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְסְדִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.

י.

אִין דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ אוֹיף זֵייעָר אָרְט,
הָאבֶּען דִי לְוִיִם אַ שִׁיר גֶעזָאגְט דָארְט,
פַאר אִיטְלִיכֶען טָאג זַיין שִׁיר בֶּעזוּנְדֶער,
אַקֶעגֶען דִי גְרוֹיסֶע וֶוערְק אוּן וואוּנְדֶער,
וָואס אִין אִיהם זֶענֶען גֶעשֶׁעהֶן בַּאלְד אוֹיף דֶער שְׁטֶעל,
אִין דִי שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית אוֹיף גָאטְס בֶּעפֶעהל.
אוּן זֵייעָר שִׁיר גֶעדֵיינְקְט מֶען עַד הַיוֹם נָאךְ.
וָואס זָאגֶען זֵיי דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג פוּן דֶער וָואךְ?
צוּ גָאט אִיז דִי עֶרְד אוּן אַלְסְדִינְג דְרִינֶען,
דִי וֶועלְט מִיט דִי וָואס דָארְט זִיךְ גֶעפִינֶען;

ווייל דֶענְסְטְמָאל בֶּעשַׁאפְט עֶר פוּן גָארְנִישְׁט דִי וֶועלְט,
אִיז דָארְט הַאר אוּן גִיט זִי וֶועמֶען אִיהם גֶעפֶעלְט. י)
אִין דֶעם צְווֵייטֶען טָאג וָואס פַאר אַ קַאפִּיטֶעל?
גָאט אִיז גְרוֹיס אוּן וֶעהר בֶּערִיהמְט מִיט זַיין טִיטֶעל;
ווייל דִי וֶוערְק זַיינֶע צוּשִׁיידְט עֶר מִיט זַיין זָאג,
וְועצְט זִיךְ מִיט זַיין כָּבוֹד אִין הִימֶעל דֶעם טָאג. יא)
דֶעם דְרִיטֶען טָאג זָאגֶען זֵיי אִין יֶענֶער צַייט:
גָאט שְׁטֶעהט אִינְמִיטֶען צְווִישֶׁען דֶער עֶרְדָה פוּן לַייט;
ווייל עֶר עֶנְטְפְּלֶעקְט דִי יַבָּשָׁה מִיט פַארְשְׁטַאנְד
אוּן גִיט זִי פַארְטִיג אָפּ מֶענְשֶׁען אִין דֶער הַאנְד. יב)
דֶעם פֶערְטֶען טָאג הָאבֶען זֵיי גֶעזָאגְט דֶעם שִׁיר:
גָאט פוּן נְקָמוֹת, דַיין נְקָמָה, גָאט, נֶעהם אַפִּיר;
ווייל זוּן אוּן לְבָנָה מַאכְט עֶר דֶענְסְטְמָאל אוֹיבֶּען,
אוּן וֶועט שְׁטְרָאפֶען דִי לַייט, וָואס אִין זֵיי גְלוֹיבֶּען. יג)
דֶעם פִינְפְטֶען טָאג הָאבֶען זֵיי גֶעזָאגְט אַ מָאל:
צוּ גָאט, וָואס אוּנְזֶער שְׁטַארְקַייט זִינְגְט אוֹיף אַ קוֹל;
ווייל פֵייגֶעל אוּן פִישׁ הָאט עֶר אִין אִיהם גֶעמַאכְט,
וְואלֶען לוֹיבֶּען צוּ זַיין נָאמֶען, וָואס גֶעאַכְט. יד)
דֶעם זֶעקְסְטֶען טָאג הָאבֶען זֵיי גֶעזָאגְט מִיט פְרֵייד:
גָאט דֶער הַאר קִינִיגְט אוּן שֵׁיינְקַייט אִיז זַיין קְלֵייד;
ווייל דֶענְסְטְמָאל בֶּעשַׁאפְט עֶר חַיוֹת אַלֶערְלֵיי,
אוֹיךְ דֶעם מֶענְשֶׁען צוּלֶעצְט אוּן קִינִיגְט אוֹיף זֵיי. טו)
אַזוֹי אִיז דֶער שִׁיר פוּן דִי לְוִיִם גֶעוֶוען
כְּסֵדֶר ווִי אִין דֶער וֶועלְט אִיז אַלְלֶעדִינְג גֶעשֶׁעהן.
אִין דֶעם אֵייגֶענֶעם סֵדֶר מִיט זֵייעֶרֶע גַאנְג,
דַארְף דָא אִין פֶּרֶק שִׁירָה זַיין דָאס גֶעזַאנְג. טז)

וִוי אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש זִינְגֶען אוּן לוֹיבֶּען,
צוּם בֶּערִיהְמְטֶען מַייסְטֶער אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען,
וָואס אִיז חִידוּשִׁים גְרוֹים גָאר אָהן אַ בְּרֶעג,
וָואס הָאט אַלְסְדִינְג בֶּעשַׁאפֶען אִין זֶעקְס טֶעג.



# פֶּרֶק שִׁירָה.

## פרק ראשון

**שָׁמַיִם אוֹמְרִים.** הַשָּׁמַיִם מְסַפְּרִים כְּבוֹד אֵל וּמַעֲשֵׂה יָדָיו מַגִּיד הָרָקִיעַ:

**אֶרֶץ אוֹמֶרֶת.** לַיְיָ הָאָרֶץ וּמְלוֹאָהּ תֵּבֵל וְיוֹשְׁבֵי בָהּ:
וְאוֹמֵר. מִכְּנַף הָאָרֶץ זְמִירוֹת שָׁמַעְנוּ צְבִי לַצַּדִּיק וָאֹמַר רָזִי־לִי רָזִי־לִי אוֹי לִי בּוֹגְדִים בָּגָדוּ וּבֶגֶד בּוֹגְדִים בָּגָדוּ.

---

שָׁמַיִם. די הימעל, וואס דארטען אויבען איז גאטס שטול,
וואס דארטען איז זיין גרויסקייט, זיין כבוד פיל,
וואס די ליכטיגע שכינה זיינע רוהט דארט, ח)
שיינקייט איז פאר איהם, פרייליכקייט אין זיין ארט
אויף זיי איז דאריבער א גדולה, א פרייד,
און זיי זאגען שירה מיט אזעלכע רייד:
די הימעל דערצעהלען גאטס כבוד און רוהם
די ווערק פון זיינע הענד זאגען זיי אומעטום.
אֶרֶץ. די ערד, וואס קומט אויך פון דעם מייסטער ארויס,
און זעהט ווי די הימעל נישט אזוי גוט אויס,
מיט זיי בעשאפען געווארען אין איין טאג,
דאך דארטען איז פרייליך, דא יאמער אי קלאג.

דאָס לעבען אויף דער ערד איז ניט אַזוי גרינג,
מיט מיה מוז מען אויף איהר בעקומען אַלעדינג,
די בעדערפניש זענען פיל, גאר אהן איין עק,
און מען האט נעביך אויסצושטעהן פיל א שרעק,
מיט דעם שווייס פונ׳ם פנים עסט מען דאָס ברויט,
מען האט מכות, יסורים און דערנאך דעם טויט, יח)
וואס מחכמת דעם האבען די היידען געפעהלט,
און געזאגט: פשוט גאט האט פארלאזט די וועלט,
דער גרויסער הייליגער גאט איז דא קיין האר,
ער איז אין הימעל און די ערד פיהרט א שר,
איטליכער, וואס זיין הארץ בעגעהרט מעג זיך טאן,
דער אויבערשטער געהר זיך מיט דער ערד ניט אן,
נאר די ערד זאגט: איך, פאל ביי מיר ניט אראפ,
גאט טהוט פון מיר די השגחה זיינע נישט אפ:
זי זאגט: צו גאט איז די ערד, אלעדינג דרינען,
די וועלט מיט אלע, וואס דארט זיך געפינען. יט)
אויך זאגט זי: פון דער ערד ווערד געהערט א שיר: כ)
שיינקייט דעם צדיק, דעם גוטען וואס ביי מיר,
איך זאג דעם סוד פון שכר צו דעם גערעכטען,
איך זאג דעם סוד פון פורענות צום רשע דעם שלעכטען, כא)
ווען די פעלשער, מען פעלשט דאך אין זיי צוריק,
און די פעלשערם פעלשער, אין זיי פעלשט מען קריק,
עס מוז דאך אויסקומען אזא טרויער-שפיל,
נאך דעם אז איטליכער מעג טאן וואס ער וויל.

## פרק שני.

עֲנָנֵי כָבוֹד אוֹמְרִים. לְקוֹל תִּתּוֹ הֲמוֹן מַיִם בַּשָּׁמַיִם
וַיַּעֲלֶה נְשִׂיאִים מִקְצֵה הָאָרֶץ בְּרָקִים לַמָּטָר
עָשָׂה וַיּוֹצֵא רוּחַ מֵאֹצְרוֹתָיו:

---

עֲנָנֵי כָבוֹד. די הײליגע װאָלקען, גאָטס אױבּערקײַטיבּעל,
װי דָוִד הַמֶּלֶךְ רופט זײ אין דער בּיבּעל, כב)
זײ האָבּען אױף גאָטס בּעפעהל דעם צװײטען טאָג
צושײדט דאָס װאַסער און אָנגעמאַכט אַ קלאָג,
װאָס האָט זיך געהערט מיט אַ גרױס געטימעל,
בּײם שײדען זיך פון׳ם װאַסער אין הימעל.
דאָס װאַסער, װאָס האָט בּעדאַרפט אונטען פאַלען,
האָט געגאָסען מיט טרערען גאַנצע קװאַלען, כג)
די שִׂמְחָה פון יענעם טאָג האָט עס צושטערט,
און גאָטס „כִּי טוֹב״ אין איהם זיך נישט געהערט. כד)
מיר װעלען די זאַך דערקלערען אַבּיסעל,
צו די חֲכָמִים׳ס רײד געבּען אַ שליסעל.
בִּשְׁעַת בְּרִיאַת הָעוֹלָם אין יענער צײט,
איז דאָס װאַסער, אַזױ זאָגען גרױסע לײט,
געװען אַזאַ מין שטאָף, װאָס גאָר קײן פאַרגלײך,
מיט איצטיג װאַסער אונטען אין ים, אין טײַך.
דאָס װאַסער האָט זיך צוטײלט אין דרײ מינים,
איטליכס מיט זײן טבע און זײנע דינים,

גֵיהִנֹם אוֹמֵר. כִּי הִשְׂבִּיעַ נֶפֶשׁ שׁוֹקֵקָה וְנֶפֶשׁ רְעֵבָה מִלֵּא טוֹב.

דָאס אוּנְטֶערְסְטֶע איז דָאס עֶכְטֶע וַואסֶער גָאר,
די „רָקִיעַ״–קַאלְטֶע לוּפְט ווִי קְרִיסְטָאל קְלָאר,
דָאס אוֹיבֶּערְשְׁטֶע אַ מִין לוּפְט ווִי פַּייעֶר הֵייס
די פַּייכְטֶע גַאזֶען, וָואס שְׁוִויצֶען אוֹיס ווִי שְׁווייס
ווֶערֶען אִין דֶער רָקִיעַ, וָואס איז אַייז קַאלְט,
פַארְגְלִיוֶוערְט, בֶּעקוּמֶען דָאס וַואסֶער־גֶעשְׁטַאלְט,
עָס ווֶערְד פוּן זֵיי טְרָאפֶּען ווִי טְרֶעהרֶען אַ טַייךְ,
שְׁרַייעֶן און גִיסֶען אַ רֶעגֶען אַרָאפּ גְלַייךְ. כה)
אַז די הֵיילִיגֶע וָואלְקֶענְס, גָאטְס רַייטְוָואגֶען,
דֶערְצֵעהלֶען מִיט זֵייעֶר שִׁירָה און זָאגֶען:
סְ'איז אַ קוֹל פוּגִים וַואסֶער און גֶעטִימֶעל,
בַּיים שֵׁיידֶען זִיךְ דוּרְךְ דֶעם אַייז־קַאלְטֶען הִימֶעל,
פוּן עָק ווֶעלְט גֶעהֶען וָואלְקֶענְס אַרוֹיף גַאנְץ הוֹיךְ,
מִיט זֵיי קוּמֶען פַייכְטֶע גַאזֶען אַרוֹיף אוֹיךְ,
דָא צוּקִישֶׁען זִיךְ די גֶעשְׁווֶעסְטֶערקִינְדֶער,
און עָס ווֶערְד אַ בְּלִיק, אַ רֶעגֶען גָאטְס ווִינְדֶער.
אִין די דָאזִיגֶע ווֶערְטֶער פוּן דֶער שִׁירָה
לִיגְט אִיבֶּער גָאטְס גְבוּרוֹת אַ טִיפֶע חֲקִירָה,
דֶער סוֹד פוּן וַואסֶער און רֶעגֶען לִיגְט אִין זֵיי,
מִיט פֵּירוּשִׁים פוּן חֲכָמִים אַלֶערְלֵיי
גֵיהִנֹם, דֶער גֵיהִנֹם, זָאגְט שְׁלֹמֹה דֶער קְלוּגֶער,
אִיז נִישְׁט זַאט, די גַאנְצֶע ווֶעלְט איז אִיהם ווֵיינִיג,
אוֹיךְ דֶעם מֶענְשֶׁענְס אוֹיג איז נִישְׁט זַאט אִין לֶעבֶּען, ט)
אִיהם איז קַארְג ווִיפִיל מֶען זָאל אִיהם נִישְׁט גֶעבֶּען.

אוֹיף דִי רֵייד דֶערְצֵעהלְט דִי גְמָרָא אָפֶען
אַ שֵׁיינֶע מַעֲשֶׂה, וָואס הָאט זִיךְ גֶעטְרָאפֶען: כו)
אַז אַלֶכְּסַנְדֶר מוֹקְדוֹן, וָואס מִיט זַיין שְׁוֶוערְד
הָאט גֶעוָואלְט אַיינְגֶעהֶמֶען אִינְגַאנְצֶען דִי עֶרְד,
אִיז אוֹיף דִי נְסִיעוֹת אַ מָאל מִיט זַיינֶע לַייט,
בִּיז דֶער טִיר פוּן גַן עֵדֶן פַארְגַאנְגֶען וַוייט,
הָאט מֶען אִיהם דָארְט נִישְׁט גֶעוָואלְט עֶפְנֶען דִי טִיר,
אוּן אוֹיף זַיין בַּקָשָׁה: גִיט עֶפִּיס חָאטְשׁ מִיר, —
דֶערְלַאנְגְט מֶען אִיהם אַ שֶׁעדֶעל אַרוֹיס פוּן דָארְט,
דֶערְמִיט גֵעהט עֶר וַוייטֶער אַוֶועק פוּן דֶעם אָרְט.
אוֹיף אַ וָואג לֵייגְט עֶר דֶעם שֶׁעדֶעל אִין אֵיין שָׁאל,
אַקֶעגֶען זַיין גָאלְד אוּן זִילְבֶּער אָהן אַ צָאהל,
עֶר שִׁיט אוּן שִׁיט גָאלְד אִי זִילְבֶּער אָן אַהֶער,
נָאר אוּמְזִיסְט, דֶער שֶׁעדֶעל אִיז טַאקֶע אַלְץ שְׁוֶוער.
עֶר וואוּנְדֶערְט זִיךְ דַארוֹיף שְׁרֶעקְלִיךְ אָהן אַ בְּרֶעג,
אוּן גִיט דִי חֲכָמִים אוּנְזֶערֶע אַ פְרֶעג.
זֵיי עֶנְטְפֶערֶען: סְ'אִיז דֶערְפוּן אַזוֹי דֶער פְּשַׁט,
דָאס אוֹיג פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם אִיז אַלְץ נִישְׁט זַאט,
עֶס וָואלְט גֶעוָואלְט פַארְנֶעהמֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט,
אוּן צוּ־צִיהֶען צוּ זִיךְ אוֹצְרוֹת, גְרִידֶעס גֶעלְד,
דוּ קֶענְסְט דֶעם בֶּעסְטֶען סִימָן הָאבֶּען דַארוֹיף,
נֶעהם אוּן וַוארְף עֶרְד אַבִּיסֶעל אוֹיף דֶעם אַרוֹיף,
וֶוערְד עֶר זַאט אוּן אִיבֶּעְרִיג וֶוערְד אִיהם אַלְסְדִינְג,
דֶענְסְמָאל וֶועגְט עֶר אַ קְלֵיינִיגְקַייט, וֶוערְד גַאנְץ גְרִינְג.
אִיצְט קֶען מֶען פַארְשְׁטֵעהֶען פוּנְ'ם גֵיהִנֹם דָאס וָוארְט,
וָואס פַאר אַ טִיפֶע כַּוָנָה עֶס לִיגְט דָארְט.

ער זאָגט די טוֹבָה, וואָס דער טויט האָט געטאָן,
דען דאָס גלוסטיגע נפש זעטיגט ער אָן,
און אויך מיין הונגריג נפש מיט גוטס געפילט,
דאָ אין מיר איז דעם רשע׳ס תאווה געשטילט,
דער רשע איז זאט, פון זיין תאווה איין עק,
און איך האָב אַ גוטען ביסען, חאַפּ אַ לעק.



# פרק שלישי

**יַמִּים אוֹמְרִים. מִקֹּלוֹת מַיִם רַבִּים אַדִּירִים מִשְׁבְּרֵי־**
**יָם אַדִּיר בַּמָּרוֹם יְיָ:**
**נְהָרוֹת אוֹמְרִים: נְהָרוֹת יִמְחֲאוּ כָף יַחַד הָרִים יְרַנֵּנוּ:**

---

יַמִּים. דִי יַמִּים, וָואס זֶענֶען שְׁרֶעקְלִיךְ גְרוֹים אִי וַויט
רִינְגְלֶען דִי עֶרְד אַרוּם פוּן אִיטְלִיכֶער זַייט,
אוּן וַואלְטֶען גֶעקֶענְט אַזוֹי גְרִינְג, וִוי אַ הָאר,
אַיינְשְׁלִינְגֶען זִי מִיט אִיהרֶע אַיינְוואוֹינֶער גָאר.
פוּן דִי קוֹלוֹת אִין דֶעם וַואסֶער בְּשַׁעַת שְׁטוּרְם.
אוּן דִי שְׁטַארְקֶע חְוַואלְיֶעס, וָואס גְרוֹיס וִוי אַ טוּרְם,
הֶערְט מֶען דִי יַמִּים זָאגֶען מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי:
גָאט אִין הִימֶעל אִיז פִיל שְׁטַארְקֶער פוּן זֵיי. כח)
דֶעם רִיגֶעל, טִיהְרֶען צוּם יַם מַאכְט גָאט דֶער הֶער,
זָאגְט: בִּיז דַאנֶען נָאר קוּם אוּן וַויטֶער נִיט מֶעהר. כט)
נְהָרוֹת. דִי טַייכֶען, גְרוֹיסֶע אוּן קְלֵיינֶע אַלֶערְלֵיי,
פוּן קְוַואלֶען אוּן וַואסֶער אוֹיף בֶּערְג וֶוערֶען זֵיי,
זֵיי זֶענֶען אִין אָנְהֵייבּ דָאס רוֹב הוֹיךְ אַ שְׁרֶעק,
אוּן פְלֵייצֶען אַלְץ נִידֶערִיגֶער בִּיז צוּ דֶעם עֶק. ל)
פַאלֶענְדִיג פוּן אוֹיבֶּען פְלוּצְלִים מִיט אַמָאל,
זָאגֶען זֵיי זֵייעֶר שִׁירָה גַאנְץ הוֹיךְ אוֹיף אַ קוֹל:
דִי טַייכֶען קְלַאפֶּען מִיט דִי הֶענְד, שְׁרַייעֶן הוֹיךְ
דִי בֶּערְג גִיבֶּען אַ ווִידֶער־קוֹל, זִינְגֶען אוֹיךְ.

מַעְיָנוֹת אוֹמְרִים. וְשָׁרִים כְּחוֹלְלִים כָּל מַעְיָנַי בָּךְ:
שָׂדוֹת אוֹמְרִים: יְיָ בְּחָכְמָה יָסַד אֶרֶץ כּוֹנֵן שָׁמַיִם
בִּתְבוּנָה:

מַעְיָנוֹת. דִי קְוַואלֶען, וָואס פְּלַייצֶען און גֶעהֶען זֵייעֶר גַאנְג,
אוּנְטֶען אִין דֶער עֶרְד, ווִי בְּרֵייט זִי אִיז און לַאנְג,
אַז זֵיי שְׁפְּרִינְגֶען אַרוֹיס עֶרְגִיץ אִין אֵיין אָרְט,
הֶערְט זִיךְ זֵייעֶר גֶערוֹיש, זֵייעֶר שִׁירָה דָארְט. לא)
זֵיי זָאגֶען: מִיר זִינְגֶען, שְׁפִּילֶען און טַאנְצֶען,
אוּנְזֶער וַואסֶער אִיז דָאךְ פוּן דִיר אִינְגַאנְצֶען.
דֶען נָאט טְהוּם גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער גָאר אָהְן אַ צָאהל,
נִיט רֶעגֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, וַואסֶער אַלֶע מָאל,
דֶערְפוּן הָאבֶּען קְוַואלֶען יְנִיקָה אַלֶע צַייט,
שֵׁיין אִיז זֵייעֶר שִׁירָה, אַט וָואס זִי בֶּעטַייט.
שָׂדוֹת. דֶעם בֶּעקְטֶען טְהֵייל יַבָּשָׁה מַאכֶען פֶעלְדֶער אוֹיס,
פוּן זֵיי קוּמְט דִי בֶּעשֶׁעפְנִיש פִיל גוּטְס אַרוֹיס.
כְּדֵי זֵיי זָאלֶען אַרוֹיס פוּן דִי גֶעוֶועסֶער
און דִי יַבָּשָׁה זָאל וֶוערֶען אַלְץ גְרֶעסֶער,
הָאט נָאט דִי הִימֶעל, רָקִיעַ, מִיט זַיין זָאג.
בֶּעשַׁאפֶען גָאר תְּחִלַּת אִין דֶעם צְוֵוייטֶען טָאג,
וָואס הָאבֶּען אִין זִיךְ פַייכְטִיגְקֵייט אַיינְגֶעזַאפְּט,
און פוּן דִי גְרוּנְטֶען פִיל וַואסֶער אָפְּגֶעצַאפְּט,
וָואלְקֶענְס זֶענֶען הוֹיךְ אַרוֹיף פוּן דִי גְרוּנְטֶען,
און דוּרְכְדֶעם טַאקִי הָאט גֶעטְרִיקֶענְט אוּנְטֶען,
אוֹיבֶּען קִיהְלֶען זִיךְ דָארְטֶען דִי וָואלְקֶענְס אָפּ.
און גִיסֶען פוּן הִימֶעל אַ רֶעגֶען אַרָאפּ.

**מִדְבָּר אוֹמֵר. יְשֻׂשׂוּם מִדְבָּר וְצִיָּה וְתָגֵל עֲרָבָה וְתִפְרַח כַּחֲבַצָּלֶת: יִשְׂאוּ מִדְבָּר וְעָרָיו חֲצֵרִים תֵּשֵׁב קֵדָר יָרֹנּוּ יֹשְׁבֵי סֶלַע מֵרֹאשׁ הָרִים יִצְוָחוּ.**

אין דעם דאָזיגען ענין און אין דער זאַך,
האָט אויך דאָס ליכטיגקייט געהאָלפען אַ סך;
וואָרום ווי יעדער געלערענטער מענש ווייס,
געהמען זיך די וואָלקענס, ווען די זון באַקט הייס,
אַזוי איז געוועזען אין דער התחלה גאָר,
אַזוי בלייבט דאָס געזעץ אויף אייביגע יאָהר. לב)
דריבער איז די פעלדער אַ שירה געשטעלט,
ווי זיי זינגען און זאָגען דער גאַנצער וועלט:
„מיט חכמה גרונדפעסטיגט גאָט די ערד, דאָס לאַנד
אָנגעבּרייט די הימעל אויבען מיט פאַרשטאַנד".
עס האָבען געמוזט ביידע טאַקי געשעהן,
אַלא ניט וואָלט דאָך אייביג גאָרנישט געוועזען.
מדבּר. די מדבּר, וואָס איז שרעקליך וויסט און טרוקען,
אומעטום נאָר זאַמד, וואָהין מען זאָל נישט קוקען,
אָהן וואַסער, אָהן געוועקס און אָהן קיין שום זאַך,
נאָר גיפטיגע שלאַנגען, עקדעשען אַ סך,
וואָס מחמת דעם און די שרעקליכע היצען,
האָט בעדאַרפט אונמעגליך זיין דאָרט צו זיצען;
דאָך אין דעם ים פון זאַמד געפינט זיך ערטער,
וואָס זיי צובעשרייבען לאָזט זיך אויס ווערטער,
אַ גן עדן פּראַסט, מיט ביימער און טייכען, לג)
צו אינזלען אין ים קען מען זיי פאַרגלייכען.

**גַּן עֵדֶן אוֹמֵר. עוּרִי צָפוֹן וּבוֹאִי תֵימָן הָפִיחִי גַנִּי יִזְּלוּ בְשָׂמָיו יָבוֹא דוֹדִי לְגַנּוֹ וְיֹאכַל פְּרִי מְגָדָיו:**

„דִי מִדְבָּר פְרֵעהט זִיךְ מִיט זֵיי, זָאגְט גָאטְס וואוּנְדֶער,
אוּן עֶס פְרֵעהט זִיךְ אִיטְלִיכֶער סְטֶעפּ בֶּעזוּנְדֶער,
אַרוּם אוּן אַרוּם אִיז וַוִיסְט, נַאקֶעט אוּן בְּלוֹיז,
אוּן אִין דֶערְמִיט בְּלִיהֶעט אַ סְטֶעפּ וִוי אַ רוֹיז, לד)
עֶס זִינְגְט דִי מִדְבָּר אוּן דִי שְׁטֶעדְט אִיהרֶע דָארְט,
דִי הֵייפֶען פוּנֶ׳ם טָאטֶער אִין אַזָא אָרְט,
עֶס זִינְגֶען דִי אֵיינְוואוֹינֶער אוֹיף אַ סְקַאלֶע,
פוּן דִי שְׁפִּיץ בֶּערְג דָארְטֶען שְׁרַייֶען זֵיי אַלֶע".

גַּן עֵדֶן. דָאס גְלִיק פוּן אַ מֶענְשֶׁען אִיז אִין אִיהם גֶעוֶוענְדט,
אִיטְלִיכֶער מֶענְשׁ עֶסְט דִי פְרוּכְט פוּן זַיינֶע הֶענְד,
וִוי מֶען הָאט גֶעזֵייעט, אַזוֹי אִיז דָאס שְׁנִיט,
דִי פַייגֶען עֶסְט דֶער, וֶוער דֶעם בּוֹים הָאט גֶעהִיט.
„לוֹיבְּט דֶעם צַדִיק, אִיז פוּנֶ׳ם נָבִיא דָא אַ וָוארְט,
דִי פְרוּכְט פוּן זַיינֶע וֶוערְק עֶסְט עֶר דָא אוּן דָארְט". לה)
בִּיטֶער אִיז דִי פְרוּכְט פוּן זִינְד אוּן עֲבֵירוֹת,
דִי גוּטֶע מַעֲשִׂים טְרָאגֶען זִיסֶע פֵּירוֹת.
דֶער גַּן עֵדֶן, אֵיין אָרְט פוּן תַּעֲנוּג אוּן פְרֵייד,
זָאגְט דֶערִיבֶּער שִׁירָה מִיט דִי דָאזִיגֶע רֵייד:
„דֶערְוֶועק זִיךְ אוּן בְּלָאז גֶעשְׁמַאק דוּ צָפוֹן-ווִינְד,
בְּלָאז אוּן וֵוייהֶע אוֹיךְ פוּן דָרוֹם-זַייט גֶעשְׁווִינְד,
אַ קִיהל ווִינְטֶעל אִין מַיין גָארְטֶען וֵוייהֶע, בְּלָאז,
זַיינֶע בְּשָׂמִים זָאלֶען שְׁמֶעקֶען אִין דֶער גָאז,

עָבִים אוֹמְרִים. יָשֶׁת חשֶׁךְ סִתְרוֹ סְבִיבוֹתָיו סֻכָּתוֹ
חֶשְׁכַת מַיִם עָבֵי שְׁחָקִים:

רוּחַ אוֹמֵר. עֹשֵׂה אֶרֶץ בְּכֹחוֹ מֵכִין תֵּבֵל בְּחָכְמָתוֹ

לָאז מַיין פְרַיינְד קוּמֶען אִין זַיין גָארְטֶען טַאקֶע.
אוּן עֶסֶען זַיינֶע פֵּירוֹת דִי גֶעשְׁמַאקֶע.״ לו)

עָבִים. דִי וָואלְקֶענְס וֶוערֶען פוּנ'ם וַוארֶעמֶען טוּמַאן,
חֲלָקִים פוּן וַואסֶער אִיז אִין זֵיי פַארַאן,
וָואס הוֹיךְ אִין הִימֶעל אָפְּגֶעקִיהְלְט וֶוערֶען זֵיי,
אוּן גִיסֶען אַ רֶעגֶען, הָאגֶעל אָדֶער שְׁנֵיי,
זֵיי פַארְדֶעקֶען דֶעם בְּלוֹיעֶן הִימֶעל אוֹיבֶען, לז)
אַ שִׁירָה צוּ גָאט זָאגֶען זֵיי אוּן לוֹיבֶען:
„טוּנְקֶעל מַאכְט עֶר זַיין פַארְבָּארְגְנִיש, זַיין גֶעצֶעלְט,
מִיט שְׁוַוארְצֶע חְמַארֶעס וַואסֶער אַרוּם פַארְשְׁטֶעלְט״.

רוּחַ. דֶער ווינְד אִיז גָאטְס אַ שָׁלִיחַ אִין דֶער וֶועלְט,
עֶר הָאט פַאר אַ מְשָׁרֵת זִיךְ בַּיי גָאט גֶעשְׁטֶעלְט, לח)
עֶר הָאט צוּאַרְבַּייטֶען, צוּטָאן שְׁרֶעקְלִיךְ פִיל,
אִיז תָמִיד בֶּעשֶׁעפְטִיגְט, זִיצְט קַיין רֶגַע שְׁטִיל.
פַייכְטֶע זוּמְפִּיגֶע עֶרְטֶער טְרִיקֶענְט עֶר אוֹיס,
אוּן דִי עֶרְד מִיט תְּבוּאָה זֶעהְט זִיךְ דָארְט אַרוֹיס,
מַאכְט אוֹיף צוּ זִיצֶען, צוּזַייעֶן, דִי עֶרְד פֶּעסְט,
עֶר רֵיינִיגְט דִי לוּפְט פוּן עִיפּוּשׁ אִי פוּן פֶּעסְט.
שְׁטוּפְּט אוּנְטֶער דִי וָואלְקֶענְס מִיט אַ גֶעטִימֶעל, לט)
אוּן שְׁפְּרֵייט זֵיי דָארְטֶען אוֹיס אוֹיבֶען אִין הִימֶעל.

**וּבִתְבוּנָתוֹ נָטָה שָׁמָיִם: אֹמַר לַצָּפוֹן תֵּנִי וּלְתֵימָן אַל תִּכְלָאִי הָבִיאִי בָנַי מֵרָחוֹק וּבְנוֹתַי מִקְצֵה הָאָרֶץ:**

אִין דִי אַלֶע עֶקֶען וֶועלְט שְׁפַּארְט עֶר אָן וַוייט,
בְּרֵיינְגְט אַלֶערְלֵיי סְחוֹרָה, זֶעצְט אָפּ אוּן פַּארְבַּייט:
פוּן דַאנֶען בְּרֵיינְגְט עֶר וַוארֶעמְקַייט, פוּן דָארְט נֶעק,
בֶּעצִיהט בְּשָׂמִים, גֶעווִירְץ פוּן דִי בֶּעסְטֶע פְּלֶעק,
פוּן פִּיל גֶעוֶיעֶקְס דֶעם צְוַייט אוּן זְרִיעָה דַארִין,
פַּארְטְרָאגְט עֶר צוּ זֵייעֶר גְלַייכֶען וַוייט אַהִין. ס)
דִי זְרִיעָה נֶעהְמְט זִיךְ אָן, עֶס וַואקְסְט גָאר ווִינְדֶער,
עֶס וַואקְסֶען דָארְט אַרוֹים דוֹר דוֹרוֹת קִינְדֶער,
דִי וָואס אִין צָפוֹן קוּמֶען פוּן דָרוֹם וַוייט,
אוּן וָואס אִין דָרוֹם הֶעט הֶעט פוּן צָפוֹן־זַייט.
דֶער ווִינְד, וָואס פַּארְזָארְגְט אַזוֹי פִּיל גֶעשֶׁעפְטֶען,
דֶערְהַאלְט. דִי וֶועלְט מִיט אַלֶע זַיינֶע קְרֶעפְטֶען,
וָואס גֶעהֶעט אִין גָאטְס שְׁלִיחוֹת, אַרְבַּייט אוּן טְרָאגְט,
אִיהם פַּאסְט דִי שִׁירָה זַיינֶע, וֶועלְכֶע עֶר זָאגְט.
זָאגְט: „דִי עֶרְד מַאכְט עֶר מִיט זַיין כֹּחַ אוּן קְרַאפְט,
דִי וֶועלְט מִיט זַיין חָכְמָה פֶעסְטִיגְט עֶר אוּן שַׁאפְט,
אוּן דִי הִימֶעל שְׁפְּרֵייט עֶר אוֹיס מִיט זַיין פַּארְשְׁטַאנְד.
זָאגְט נָאךְ זַאכֶען, וָואס צוּטָאן אִיז עֶר אִין שְׁטַאנְד:
צוּ דֶעם צָפוֹן זָאגְט גָאט: אַהֶער גִיבּ דוּ ווִינְד,
אוּן צוּם דָרוֹם־ווִינְד: פַּארְמַייד נִיט, בְּרֵיינְג גֶעשְׁווִינְד,
בְּרֵיינְג מַיינֶע קִינְדֶערְלִיךְ פוּן אַ וַוייטֶען אָרְט,
אוּן דִי טֶעכְטֶערְלִיךְ מַיינֶע פוּן אַיין עֶק וֶועלְט דָארְט.

בְּרָקִים אוֹמְרִים. בְּרָקִים לַמָּטָר עָשָׂה מוֹצֵא רוּחַ מֵאוֹצְרוֹתָיו:
גְּשָׁמִים אוֹמְרִים, גֶּשֶׁם נְדָבוֹת תָּנִיף אֱלֹהִים נַחֲלָתְךָ וְנִלְאָה אַתָּה כוֹנַנְתָּהּ:

בְּרָקִים. דִי בְּלִיצֶען, וָואס אַזוֹי אִיז אַ חוּק גֶעשְׁטֶעלְט,
זִיךְ מִיט רֶעגֶען אוּן ווִינְד צוּ ווַייזֶען דֶער וֶועלְט:
בְּשַׁעַת עֶס בְּלִיצְט, גִיסְט אַ שְׁלַאקְס-רֶעגֶען גֶעשְׁווִינְד, מא)
עֶס בְּלָאזְט אוּן שְׁטוּרֶעמְט אוֹיךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער ווִינְד,
גָאט ווַייזְט דֶערְמִיטְמָאל זַיינֶע וואוּנְדֶער אָהְן אַיין עֶק,
אוֹיךְ זַיין כֹּחַ אוּן זַיין גְבוּרָה נָאר אַ שְׁרֶעק.
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער שְׁטוּרְמְט אִין הִימֶעל, גִיט זַיין קוֹל,
דוּנֶער, הָאגֶעל, בְּלִיצֶען פַייעֶר מִיט אַ מָאל,
לָאזְט אָפּ זַיינֶע פַיילֶען הִין אוּן הֶער צוּשְׁפְּרֵייט,
שִׁיסְט אַרָאפּ בְּלִיצֶען אִין דֶער לֵיינְג, אִין דֶער בְּרֵייט.
עֶס עַנְטְפְּלֶעקֶען זִיךְ קְווַאלֶען ווַאסֶער אוּנְטֶען,
עֶס דֶעקֶען זִיךְ אוֹיף פוּן דֶער עֶרְד דִי גְרוּנְטֶען–
דִי בְּלִיצֶען, פוּן גָאטְס גְרוֹיסְקַייט דִי אוֹיסְשְׁרַייעֶר,
זֵיי זָאגֶען זֵייעֶר שִׁירָה שְׁטַארְק מִיט פַייעֶר:
„בְּלִיצֶען הָאט גָאט צוּ דֶעם רֶעגֶען גֶעמַאכְט טְרַיי,
לָאזְט פוּן זַיינֶע קַאמֶערֶען דֶעם ווִינְד אָפּ פְּרַיי".

גְשָׁמִים. דִי רֶעגֶענְס, וָואס פוּן גָאטְס גְבוּרוֹת דִי גְרֶעסְטֶע,
פוּן זַיינֶע גוּטֶע חֲסָדִים דִי בֶּעסְטֶע,
וָואס מִיט תְּחִיַּת הַמֵּתִים נָאר אוֹיף אַיין שְׁטַאנְד
הַאלְטֶען זֵיי אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים מִיט פַארְשְׁטַאנְד: מב)

טַל אוֹמֵר. אֶהְיֶה כַטַּל לְיִשְׂרָאֵל יִפְרַח כַּשּׁוֹשַׁנָּה וְיַךְ שָׁרָשָׁיו כַּלְּבָנוֹן:

זַיי טְרִינְקֶען אָן דִי עֶרְד, דִי גְרוֹיסֶע מוּטֶער,
עֶס שְׁפְּרָאצְט אַרוֹים גְרָאז, פַאר דִי בְּהֵמוֹת פוּטֶער,
עֶס וַואקְסְט פוּן דֶער עֶרְד אוֹיךְ פַארְ'ן מֶענְשֶׁען בְּרוֹיט,
דֶערְהַאלְט אִיהם בַּיים לֶעבֶּען, אִיהם מַצִיל פוּן טוֹיט,
עֶס דֶערְקְווִיקֶען זִיךְ בְּהֵמוֹת אוֹיף דִי פֶעלְדֶער,
אוֹיךְ אַלֶע ווִילְדֶע חַיּוֹת אִין דִי וֶועלְדֶער,
זַיי קְלַייבֶּען, עֶסֶען, וָואס גָאט הָאט גֶעגֶעבֶּען,
אַלֶע פִיהלֶען עֶפִּים גָאר אַ נַיי לֶעבֶּען־
דִי רֶעגֶענְס, וָואס שְׁטֶעלֶען יֶעדֶען אוֹיף דִי פִּיס,
צוּגִיסֶען זִיךְ אִין דֶער שִׁירָה מְחַיֶּה זִיס,
זָאגֶען: „הָאסְט אַ מִילְדֶען רֶעגֶען, גָאט, גֶעשִׁיקְט,
דַיין דָארְשְׁטִיג לַאנְד, דַיין נַחֲלָה הָאסְט דוּ דֶערְקְווִיקְט".
טַל. דֶער טוֹי שֵׁיידט פוּן רֶעגֶען זִיךְ אוּנְטֶער דֶערְמִיט:
רֶעגֶען צַייטֶענְוַויים גִיהט עֶר, צַייטֶענְוַויים נִיט,
אַ מָאל גִיסְט עֶר טַייכֶענְוַויים, אִין אֵיין אָרְט דָא,
עֶרְגִיץ אַנְדֶערְשׁ־פוּן אִיהם אַ זֵכֶר נִיטָא,
אַ מָאל אִיז עֶר אִין לֶעבֶּען אַרַיין נֵייטִיג,
אַ מָאל אַרְבֵּייט עֶר אָן צָרוֹת אוּן ווֵייטִיג, (סג)
אַ מָאל גִיהט עֶר מְחַיֶּה אַזוֹי שְׁטִיל אוּן מִילְד
אוּן אַ מָאל מִיט שְׁטוּרֶעם, עֶפִּים מְשׁוּנֶה ווִילְד:
דֶער טוֹי אָבֶּער גֵיהט בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַלֶע צַייט, (סד)
אִיז פוּל דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִין אִיטְלִיכֶער זַייט.

אִין צַייט, אִין אָרְט–אִיז נִישְׁטָא פַאר אִיהם קַיין גְבוּל,
אֵייבִּיג אִיז עָר דָא, אִיז דִי גַאנְצֶע וָועלְט פוּל.
תָמִיד בְּרֵיינְגְט עָר גְרוֹיס נוּטְצֶען, פַארְרִיכְט זֶעהר פִיל, מח)
אָהן רַעשׁ, אָהן שְׁטוּרֶעם, גֶעהט גֶעלַאסֶען שְׁטִיל.
פוּנֶ׳ם טוֹי דִי מַעֲלוֹת צוּם חֵלֶק, צוּם טְהֵייל,
הָאט גֶענוּמֶען יַעֲקֹב, אָדֶער יִשְׂרָאֵל,
אִין דֶער בְּרָכָה בַּיים סוֹף פוּן יִצְחָקְ׳ס לֶעבֶּען.
גָאט, אַזוֹי זָאגְט יִצְחָק, גָאט זָאל דִיר גֶעבֶּען,
פוּנֶ׳ם טוֹי פוּן הִימֶעל דִי מַעֲלוֹת זַיינֶע, מט)
זַיי גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַזֶעלְכֶע מַעֲלוֹת פַיינֶע.
צוּ טוֹי אִיז יַעֲקֹב גְלַייךְ אַרוּם אוּן אַרוּם:
אִיז נִיצְלִיךְ, אִיז שְׁטִיל, אִיז אֵייבִּיג אוּן אוּמֶעטוּם.
מִיכָה הַנָּבִיא זָאגְט דִי אֵייגֶענֶע זַאךְ:
יַעֲקֹב וָועט וִוי טוֹי זַיין צְווִישֶׁען פֶעלְקֶער אַ סַךְ. נ)
נָאר דֶערְפוּן אִינְגַאנְצֶען אָבֶּער דִי סִבָּה,
אִיז צְווִישֶׁען אִיהם אוּן גָאט דִי שְׁטַארְקֶע לִיבֶּע.
אֵייבִּיג אִיז יִשְׂרָאֵל אִין דֶעם גֶעטִימֶעל,
וַוייל אֵייבִּיג אִיז דֶער גָאט זַיינֶער אִין הִימֶעל;
וַוייל דֶער אֵייבִּיגֶער גָאט, וָואס אִין הִימֶעל הוֹיךְ,
אִיז צוּ יִשְׂרָאֵל וִוי טוֹי טַאקֶע עָר אוֹיךְ.
וִוי גָאט זָאגְט עָס טַאקֶע דִי וֶוערְטֶער אַלֵיין,
אוּן וִוי דִי חֲכָמִים דֶערְקְלֶערֶען עָס שֵׁיין, נא)
וַוייל וִוי טוֹי פוּן חֶרְמוֹן אִיז גָאטְס הַשְׁגָחָה,
גָאט בֶּעפֶעהלְט אוֹיף אֵייבִּיג לֶעבֶּען אוּן בְּרָכָה.
אוֹיךְ צוּ אַ רוֹיז הָאבֶּען דִי חֲכָמִים דָארְט,
פַארְגְלִיכֶען דִי יִשְׂרָאֵל מִיט אַ קְלוּג וָוארְט.

**יְרָקוֹת שֶׁבַּשָּׂדֶה אוֹמְרִים. תְּלָמֶיהָ רַוֵּה נַחֵת גְּדוּדֶיהָ בִּרְבִיבִים תְּמֹגְגֶנָּה צִמְחָהּ תְּבָרֵךְ:**

כְּשַׁעַת גְּרוֹיס הִיטְק וְוַיַּאלֶעט דִי רוֹיז, אִיז בְּלַאס טוֹיט.
פַאלְט דַארוֹיף טוֹי, אִיז זִי ווִידֶער פְּרִישׁ אוּן רוֹיט.
בְּשַׁעַת נוֹיט דַאכְט זִיךְ, יִשְׂרָאֵל אִיז פַארְבַּיי,
קוּים וֶוערְד עֶפִּיס בֶּעסֶער, לֶעבְּט עֶר אוֹיף דָאס נַיי. מט)
דֶער טוֹי שְׁטֶעלְט זִיךְ אִין יִשְׂרָאֵלִ'ס לֶעבֶּען פִיר,
אִין אַ גַאנְצֶען פָּסוּק אִיז נִכְלַל זַיין שִׁיר:
„ווִי טוֹי וֶועל אִיךְ צוּ דִי יִשְׂרָאֵל זַיין גְלַייךְ.
בִּין אֵייבִּיג, אוּמְטוּם, ווִי עֶר עוֹלָם בַּיי אַייךְ,
עֶר בְּלִיהט ווִי אַ רוֹיז, גֶעהט קֵיינְמָאל נִיט אוּנְטֶער,
ווִי לְבָנוֹן'ס וַואלְד זַיין וָוארְצֶעל אַ גֶעזוּנְטֶער".
יְרָקוֹת שֶׁבַּשָּׂדֶה, דִי קְרַייטֶער, וָואס מֶען זֵייעט אוֹיף דִי פֶּעלְדֶער,
אוּן וַואקְסֶען נִיט ווִילְד ווִי גְרָאז אִין דִי וֶועלְדֶער,
וָואס דֶעם מֶענְשֶׁען קוּמְט גֶעבִּיךְ אָן גֶענוּג שְׁוֶוער,
בִּיז עֶר בְּרֵיינְגְט זֵיי אַרוֹיס אוֹיף דֶער וֶועלְט אַהֶער:
עֶר אַקֶערְט פְרִיהֶער, עֶר גְרָאבְּט אוּן מַאכְט בֵּייטֶען,
פַאר דֶער זְרִיעָה אַ גֶעלֶעגֶער צוּבְּרֵייטֶען.
וַוייךְ, וַוארְם צוּלִיגֶען זָאל דָארְט זַיין דֶער זְרִיעָה.
עֶר אִיז עֶם מְגַדֵל ווִי אַ קִינְד, רַייסְט קְרִיעָה,
לְסוֹף אַז עֶר פַּטֶערְט אָפּ אַרְבַּייט אַזוֹי פִיל,
הֵייבְּט עֶר צוּ נָאט דִי אוֹיגֶען אוֹיף מִיט גֶעפִיהְל.
נָאט זָאל טִיט חֶסֶד אוֹיף זִיךְ גֶעהמֶען אַצִינְד.
צוּשְׁפַּייזֶען, צוּהָאדֶעוֶוען דָאס יוּנְגֶע קִינְד.

## שִׁבּוֹלֶת חִטִּים אוֹמֶרֶת. שִׁיר הַמַּעֲלוֹת מִמַּעֲמַקִּים קְרָאתִיךָ יְיָ:

ער זָאל רַחֲמָנוּת הָאבֶּען אוֹיף אַלֶע לַייט,
און זָאל גֶעבֶּען גוּטֶע רֶעגֶענְס אִין דֶער צַייט.
עֶס זָאל אוֹיפְגֶעהן און וַואקְסֶען מִיט הַצְלָחָה,
אוֹיף פֶּעלְדֶער אוֹיף קְרַייטֶער זָאל זַיין דִי בְּרָכָה.
דִי קְרַייטֶער אוֹיפֶ׳ן פֶּעלְד אַרוּם און אַרוּם,
וָואס וַואקְסֶען און בְּלִיהֶען מִיט גָאטְס הִילְף אוּמְטוּם,
זַיי דֶערְצֶעהלֶען גָאטְס חֲסָדִים אָהן אַ צָאהל,
זִינְגֶען, זָאגֶען שִׁירָה אַלֶע מִיט אַ מָאל:
„דִי בֵּייטֶען אִין פֶּעלְד הָאסְט דוּ אָנְגֶעטְרוּנְקֶען,
טִיף צְווִישֶׁען זֵיי דָארְט דָאס וַואסֶער גֶעזוּנְקֶען,
מִיט גוּבְרֶעגֶענְס דֶערְוֵוייכְט דִי עֶרְד, אִיטְלִיכְס אָרְט,
דָאס גֶעוָועקְס, דִי תְּבוּאָה אִיהרֶע גֶעבֶּענְשְׁט דָארְט".
שִׁבּוֹלֶת חִטִּים. דָאס וֵייץ, דֶער בֶּעסְטֶער מִין צְווִישֶׁען תְּבוּאוֹת דָא,
וָואס צוּ זַיינֶע מַעֲלוֹת זַיין גְלַייכֶען נִיטָא,
וָואלְט דָאךְ בֶּעדַארְפְט פוּן אַלֶע גְרֶעסֶער זַיין אוֹיךְ,
הַאלְטֶען דֶעם קָאפּ אַרוֹיף, וַואקְסֶען אִין דֶער הוֹיךְ, (ג
לְסוֹף גָאר אִיז עֶס דַוְקָא מֶעהר עָנָיו פוּן זֵיי,
קְרִיכְט נִיט וַוייט אוֹיף דִי הוֹיכֶע בֶּערְג אַלֶערְלֵיי.
זַיי שְׁטוּפֶּען זִיךְ הֶעט אוֹיבֶּען אוֹיף דִי בֶּערְג דָארְט,
און עֶר גֶעהמְט טִיף נִידְרִיגֶער פוּן זֵיי אַיין אָרְט. א)
און טַאקִי וַוייל עֶר אִיז וִויכְטִיג, אַזוֹי שְׁוֶוער,
טַאקֶע וַוייל עֶר הָאט אִין קָאפּ פוּן אַלֶע מֶעהר,

# שִׁבּוֹלֶת שְׂעוֹרִים אוֹמֶרֶת. תְּפִלָּה לְעָנִי כִּי יַעֲטֹף וְלִפְנֵי יְיָ יִשְׁפֹּךְ שִׂיחוֹ:

וַוייל עֶר אִיז פוּן אַלֶע אִיטְלִיכֶען לִיבֶּער,
אִיז עֶר אַ שָׁפָּל און קוּקְט אַרָאפּ דְרִיבֶּער.
הָאט נָאךְ דֶערְצוּ אַיין אָפֶען הַארְץ אַ פַיינֶע, (נב
אַזוֹי אִיז מַאכִי נָאר דִי טֶבַע זַיינֶע.
פוּנֶ׳ם וַוייץ דֶער טַייעֶרֶער וִויכְטִיגֶער זַאנְג,
וָואס זַיינֶע מַעֲלוֹת זֶענֶען שוֹין בֶּעקַאנְט לַאנְג,
עֶר הַאלְט זִיךְ נָאר נִידֶערִיג און קוּקְט אַרָאפּ,
שָׁאקֶעלְט זִיךְ און זָאגְט זַיין שִׁיר הַמַעֲלוֹת אָפּ.
„שִׁיר הַמַעֲלוֹת, זָאגְט עֶר בְּהַכְנָעָה זַיין שִׁיר,
פוּן דֶער טִיפְקַייט, אָ גָאט, רוּף אִיךְ צוּ דִיר״.
שִׁבּוֹלֶת שְׂעוֹרִים. דֶער גֶערְשְׁטֶען אִיז אוֹיסְגֶעבְּרֵייט אִין דֶער וֶועלְט וַוייט,
און אִיז אוּמְטוּם אַ מַאֲכָל פוּן אָרְמֶע לַייט. (נג
אֵיין מִין, דֶער גֶעוֶועהְנְלִיכֶער אִיז דָא פַאראַן,
הֵייסְט עֶר בַּיים עוֹלָם „רַאטֶעוֶוע דֶעם אָרְמַאן“, (נד
וַוייל בְּשַׁעַת הוּנְגֶער, אַז פְלֶעגְט אוֹיסְקוּמֶען שְׁמָאל,
דִי גַאנְצֶע הָאפְנוּנְג אוֹיף אִיהם גֶעוֶוען אַ מָאל.
אוֹיף אִיהם הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעקוּקְט אִין דֶער נוֹיט,
צוּדֶערְהַאלְטֶען דִי נְשָׁמָה חָאטְשׁ מִיט זַיין בְּרוֹיט.
וִויפִיל תְּפִילוֹת בֶּעט דֶער אָרְמַאן מִיט טְרֶערֶען,
דֶער גֶערְשְׁטֶען זָאל גֶערָאטֶען, צַייטִיג וֶוערֶען.
דְרוּם פַּאסְט מַאכִי וִוי פוּנֶ׳ם גֶערְשְׁטֶען דֶער זַאנְג
שָׁאקֶעלְט זִיךְ, זָאגְט שִׁירָה מִיט אַזַא גֶעזַאנְג:

**שְׁאָר הַשִּׁבֳּלִים אוֹמְרוֹת. לָבְשׁוּ כָרִים הַצֹּאן וַעֲמָקִים יַעַטְפוּ בָר יִתְרוֹעֲעוּ אַף יָשִׁירוּ:**

„אַ תְּפִילָה צוּם אָרֶמַאן בְּשַׁעַת צָרוֹת אוּן לֵייד,
אוּן פַאר גָאט קְלָאגְט עֶר זִיךְ, פַארְגִיסְט זַיינֶע רֵייד״.

שְׁאָר הַשִּׁבֳּלִים. אַלֶע תְּבוּאוֹת אִין דִי זַאנְגֶען אַז זֵיי שְׁטֵעהֶן,
מֶעג מֶען אָנְצוּקוּקֶען אוֹיף דִי פֶעלְדֶער גֵעהֶן.
ס׳אִיז אַ פַארְגְנִיגֶען, אַ פְרֵייד צוּזֶעהֶן זֵיי דָארְט,
זֵיי שָׁאקְלֶען זִיךְ, שְׁטֵעהֶן נִיט אַיין שְׁטִיל אוֹיף אֵיין אָרְט.
לָאז נָאר אַ קְלֵיין ווִינְטֶעלֶע בְּלָאזֶען אוֹיף זֵיי,
הַאפֶּען זֵיי ווִי קִינְדֶער זִיךְ אוֹיף מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי.
אַהִין אוּן אַהֶער ווַארְפְט זִיךְ אִיטְלִיכֶער זַאנְג,
קִישֶׁען זִיךְ פְרַיינְדְלִיךְ, ווִיטֶען זִיךְ מִיט גֶעזַאנְג.
צוּ אַיין אָפֶּערֶע זֶעגֶען דָא פֶעלְדֶער גְלַייךְ,
דִי זִינְגֶען, זֵיי זֶענֶען אוֹיסְגֶעפּוּצְט זֵעהר רַייךְ,
מִיט אַפָארְהַאנְג, ווָאס אִיז מְשׁוּנֶה לַאנְג אִי בְּרֵייט,
אוֹיף אִיהם פוּן אַלֶע פַארְבֶּען אַ גְרוֹיסֶע קְווֵייט.
בֶּעדֶעקְט מִיט אַ לֶעבֶּעדִיגֶער ווָאלֶענֶער דֶעק־
מִיט טְשֶׁערֶעדֶעס שָׁאף אַלֶערְלֵיי אָהן אַיין עֶק.
טַאקִי נָאר גָאט קֶען אוֹיסְווֶעבֶּען אַזַא קְלֵייד,
צוּ אִיהם אַ הַלְלוּיָה זִינְגְט מֶען דָארְט מִיט פְרֵייד.
מֶען זֶעהט הֶערְט, גְרוֹיסְקַייט אִין אַלֶע עָרְטֶער,
דִי זַאנְגֶען זָאגֶען שִׁירָה, רֵיידֶען ווֶערְטֶער:
„מִיט שָׁאף בֶּעקְלֵיידֶען זִיךְ דִי פֶעלְדֶער אוּמְטוּם.
דִי טָאהלֶען ווִיקְלֶען זִיךְ מִיט תְּבוּאוֹת אַרוּם,

# אִילָנוֹת שֶׁבַּשָּׂדֶה אוֹמְרִים . אָז יְרַנְּנוּ כָּל עֲצֵי יָעַר:

עָס שְׁווִיבֶּעלְט, עָס גְרִיבֶּעלְט אִין אִיטְלִיכֶער זַייט,
עָס שְׁרַייעֶן אוּן עָס זִינְגֶען אַלֶע גַאנְץ וַוייט״.
אִילָנוֹת שֶׁבַּשָּׂדֶה. זֶעהר שֵׁיין הָאט בֶּעשַׁאפֶען גָאט דִי
וֶועלְט זַיינֶע,
אִין אִיהר גֶעפְּלַאנְצְט אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער פַיינֶע.
זוִי אַ גַן־עֵדֶן וֶועהט דוּרְךְ זֵייא דִי עֶרְד אוֹיס,
אוּן נוּטְצֶען אָהן אַ בְּרֶעג קוּמְט פוּן זֵייא אַרוֹיס.
דֶער מֶענְשׁ אָבֶּער מִיט זַיינֶע תַאֲווֹת אוּן זִינְד,
פַארְדַארְבְּט זִי אוּמְטוּם אַזוֹי ווִי אַ ווִילְד קִינְד.
נָאךְ אִין אָנְהֵייבּ אִיז זַיין הַארְץ גֶעוֶועזֶן נִישְׁט גוּט,
עֶר מַאכְט שְׁטַארְקֶע מִלְחָמוֹת אוּן פַארְגִיסְט בְּלוּט.
אִין דִי מִלְחָמוֹת פַארְווִיסְט עֶר נָאךְ פֶעלְדֶער,
הַאקְט אוֹיס אַלֶערְלֵייא בֵּיימֶער, גַאנְצֶע וֶועלְדֶער.
פוּן אַ טְהֵייל מַאכְט עֶר אַ לַאגֶער אוֹיף דֶער שְׁטֶעל,
אוּן דֶעם גְרֶעסְטֶען טְהֵייל גְלַאט חָרֵב, אוּמְזִיסְט תֵּל.
אַזוֹי הָאט אַמָאל אִין דֶער וֶועלְט זִיךְ פַּאסִירְט,
אַזוֹי הָאבֶּען פֶעלְקֶער דֶענְסְמָאל זִיךְ גֶעפִירְט.
ווִי עָס שְׁטֵעהט אִין פָּסוּק אִין אַ סַךְ עֶרְטֶער,
מִיט רֵיינֶע דִבּוּרִים, מִיט קְלָארֶע וֶוערְטֶער. ט)
דְרִיבֶּער זָאגְט דֶער הֵיילִיגֶער נָבִיא אַ וָוארְט,
ווִי טֶענֶענְבֵּיימֶער אוּן דֶער וַואלְד לְבָנוֹן דָארְט,
פְרֵייעֶן זִיךְ אַז שְׁטַארְבְּט פוּן בָּבֶל דֶער מֶלֶךְ,
זִינְט דוּ לִיגְסְט אִין קֶבֶר, זָאגֶען זֵייא פְרֵיילֶעךְ,

לִפְנֵי יְיָ כִּי בָא כִּי בָא לִשְׁפֹּט הָאָרֶץ יִשְׁפֹּט תֵּבֵל בְּצֶדֶק וְעַמִּים בֶּאֱמוּנָתוֹ:

גֶּפֶן אוֹמֶרֶת. כֹּה אָמַר יְיָ כַּאֲשֶׁר יִמָּצֵא הַתִּירוֹשׁ בָּאֶשְׁכּוֹל

זִינְט הָאסְט בֶּעקוּמֶען דִי מַפָּלָה, דֶעם שְׁלַאק,
קוּמְט אוֹיף אוּנְז מֶעהר נִיט קַיין הֶעקֶער מִיט זַיין הַאק. נו)
נָאר מִיר הָאפֶען, עָס וֶועט קוּמֶען יֶענֶער טָאג,
אִין וֶועלְכֶען, לוֹיט דִי הֵיילִיגֶע נְבִיאִים׳ם זָאג,
וֶועט גָאט רִיכְטֶען צְווִישֶׁען דִי פֶּעלְקֶער אַ מָאל,
אוּן אוֹיסְגְלַייכֶען דִי פִיל אוּמוֹת אָהן אַ צָאהל,
פָאלְק אַקֶעגֶען פָאלְק נִישְׁט אוֹיפְהֵייבֶּען קַיין שְׁוֶוערְד,
אוּן מֶעהר קַיין מִלְחָמָה הַאלְטֶען אוֹיף דֶער עֶרְד, נז)
גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּן וָוארְהַייט וֶועט זַיין גֶעשְׁטֶעלְט,
מֶען וֶועט נִיט שָׁאדֶען אוּן פַארְדַארְבֶּען דִי וֶועלְט. נח)
זִיכֶער וֶועט מֶען זִיצֶען אִין וִויסְטֶע פֶּעלְדֶער,
זִיךְ עָלְטֶערֶען אוּן שְׁלָאפֶען אִין דִי וֶועלְדֶער. נט)
דִי בֵּיימֶער זָאגֶען שִׁירָה, שְׁרַייעֶן אִיצְט גְוַואלְד:
„אַ מָאל וֶועלֶען זִינְגֶען בֵּיימֶער פוּנֶ׳ם וַואלְד,
גָאט וֶועט קוּמֶען, וֶועט קוּמֶען רִיכְטֶען דִי עֶרְד,
נִישְׁט מִיט קַיין כְּלֵי־זַיִן אוּן נִישְׁט מִיט קַיין שְׁוֶוערְד,
מִיט גֶערֶעכְטִיגְקַייט וֶועט עֶר דִי וֶועלְט רִיכְטֶען,
אוּן דִי פֶּעלְקֶער מִיט זַיין וָוארְהַייט פַארְרִיכְטֶען“. ס)

גֶפֶן. דֶער וַויינְשְׁטָאק אִיז יִשְׂרָאֵל אִין אַלֶע פֶּעל,
זָאגֶען אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אִין אַ שְׁטֶעל.

## וְאָמַר אַל תַּשְׁחִיתֵהוּ כִּי בְרָכָה בּוֹ כֵּן אֶעֱשֶׂה לְמַעַן עֲבָדַי לְבִלְתִּי הַשְׁחִית הַכֹּל:

דִי צְוַוייגְלִיךְ, פוּנֵים וַויינְשְׁטָאק דֶער חִיזוּק גָאר,
וָואס טְרָאגֶען בְּלֶעטֶער אוּן טְרוֹיבֶּען אַלֶע יָאהר,
דָאס זֶענֶען דִי בַּעֲלֵי בַּתִּים, רַייכֶע לַייט,
וָואס מֶען גֶעפִינְט אִין יִשְׂרָאֵל אַלֶע צַייט,
וָואס מִיט זֵייעֶר חֶסֶד אוּן צְדָקָה גֶעבֶּען,
דֶערְהַאלְטֶען זֵיי דִי אָרְמֶע לַייט בַּיים לֶעבֶּען;
דִי הֵיינְגְלֶען טְרוֹיבֶּען, דִי פֵּירוֹת גוּפָא דָארְט,
דָאס זֶענֶען דִי חֲכָמִים אִין אִיטְלִיכְם אָרְט;
דִי בְּלֶעטֶער דָארְט, וָואס פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאפ
פַארְדֶעקֶען דִי טְרוֹיבֶּען אוּן הִיטֶען זֵיי אָפּ,
דָאס זֶענֶען מֶענְשְׁלִיךְ פוּנֵים נִידְרִיגֶען שְׁטַאנְד,
וָואס אַרְבַּייטֶען שְׁוֶועהרֶע מְלָאכוֹת אַלֶער הַאנְד.
זֵיי הָארֶעוֶוען מִיט שְׁוֵויים, אַרְבֵּייטֶען אַלְמְדִינְג,
דִי חֲכָמִים זָאלֶען עֶסֶען, לֶעבֶּען גְרִינְג:
דִי רִיטְלִיךְ דָארְט, וָואס דְרֵעהֶען זִיךְ וִוילְד אַרוּם,
זֶענֶען יוּדִישֶׁע לֵיידִיגְגֵעהֶער אוּמְטוּם,
וָואס פוּן זֵיי אַלֵיין קוּמְט כְּלַל גָארְנִישְׁט אַרוֹיס,
דְרֵעהֶען זִיךְ נָאר אוּן זוֹיגֶען אַנְדֶערֶע אוֹיס. סא)
דֶער וַויינְשְׁטָאק הַאלְט זִיךְ, אִין אִיהם אִיטְלִיכֶע וַואךְ,
כָּל זְמַן עָס וַואקְסֶען הֵיינְגְלִיךְ טְרוֹיבֶּען אַ סַךְ.
אֶלָּא נִיט, אִיז אִין אִיהם נִישְׁטָא דֶער עִיקָר,
צוּהַאקְט מֶען אִיהם אִינְגַאנְצֶען אוֹיף שְׁטִיק-שְׁטִיקֶער.

## תְּאֵנָה אוֹמֶרֶת. נוֹצֵר תְּאֵנָה יֹאכַל פִּרְיָהּ:

אִיז דָא אִין יִשְׂרָאֵל מֶענֶער מִיט פַארְשְׁטַאנְד,
הָאט עֶר צוּלִיבּ זֵיי צוּ קִיוּם, אַ בֶּעשְׁטַאנְד.
וַיינֶע חֲכָמִים, וָואס שְׁפִּילֶען אַ רָאלְיֶע,
זֵיי פַארְרִיכְטֶען אִיהם דָאס מַזָל, דִי דָאלְיֶע.
וֶוען נִיט דִי גוּטֶע אוּן פְרוּמֶע, וֶוען נִיט זֵיי,
וָואס טוֹיגֶען דִי מִינֵי מֶענְשְׁלִיךְ אַלֶערְלֵיי.
דִי רַייכֶע לַייט זַיינֶע אוּן דִי בַּטְלָנִים
וֶוערֶען אִין דֶער וֶועלְט בֶּעטְרַאכְט פַאר גַזְלָנִים.
זֶעגֶען לוֹיטֶער גְרָאז, בְּלֶעטֶער, אָרֶעם אִי רַייךְ,
מֶען מִישְׁט זֵיי אַלֶע אוֹיס מִיט דֶער בְּלָאטֶע גְלַייךְ.
טַאקִי נָאר דִי יִשְׂרָאֵל׳ס גוּטֶע טְרוֹיבֶּען,
מֶענֶער וָואס גֶעלֶערֶענְט אִי אִין גָאט גְלוֹיבֶּען,
זֵיי הָאבֶּען גָאטְס וַויינְגָארְטֶען אִין יֶעדֶער צַייט
דֶערְהַאלְטֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט אִין אִיטְלִיכֶער זַייט.
אַצוּנְד לָאמִיר נֶעהמֶען דֶעם וַויינְשְׁטָאק אַפִּיר,
אַזוֹי לָאזְט מֶען אִיהם זִינְגֶען, זָאגֶען זַיין שִׁיר:
„גָאט זָאגְט: ווִי אִין דֶעם הֵיינֶגֶעל גֶעפִינְט זִיךְ וַויין,
זָאגְט מֶען דִי בְּרָכָה אִיז דָא, לָאז עֶס גַאנְץ זַיין;
אַזוֹי וֶועל אִיךְ צוּלִיבּ דִי גוּטֶע, פַיינֶע,
נִישְׁט פַארְדַארְבֶּען דִי אַלֶע יוּדֶען מַיינֶע״.
תְּאֵנָה־דֶער פַייגֶענְבּוֹים, וָואס בֶּערִיהמְט אִין דֶער וֶועלְט וַוייט
זַיינֶע פֵּירוֹת וֶוערְד נִישְׁט צַייטִיג אִין אֵיין צַייט. סב)
בִּיסְלִיכְוַוייס מוּז מֶען זֵיי אַלְץ קְלַייבֶּען דְרִיבֶּער.
בְּלַייבֶּען אוֹיפֶ׳ן בּוֹים דִי פַארְטִיגֶע אִיבֶּער,

## רִמּוֹן אוֹמֵר. כְּפֶלַח הָרִמּוֹן רַקָּתֵךְ מִבַּעַד לְצַמָּתֵךְ:

בֶּעפַּאלְט זֵיי עָפִּים אַ מִין וָוארֶעם אַ פְּלָאג,
אוּן וָוערֶען וֶוערֶעמְדִיג אַלֶע אִין אֵיין טָאג. נט)
מֶען מוּז הִיטֶען דִי צַייט אוּן נִישְׁט פַארְגֶעסֶען,
אֶלָא נִיט, הָאט מֶען גָארְנִישְׁט וָואס צוּ עֶסֶען.
מִיט דֶעם פַּייגֶענְבּוֹים וִוי אוּמְצוּגֵעהן רִיכְטִיג
אִיז בֶּאֱמֶת אַיין עִנְיָן, וָואס זֵעהר וִויכְטִיג.
פוּנֶ'ם פַּייגֶענְבּוֹים אִיז אַ מוּסָר פַאר לַייט,
וִוי מֶען טָאר נִיט זַיין פוֹיל, פַארְשְׁלָאפֶען דִי צַייט:
דֶער מֶענְשׁ מוּז מִיט אַרְבַּייט פַארְדִינֶען אַלְסְדִינג,
הֵן תּוֹרָה, הֵן וֶועלְט-זַאכֶען קוּמְט נִישְׁט אָן גְרִינְג. ס׳)
אַז מֶען אִיז נִישְׁט פוֹיל,
הָאט מֶען אִין דֶעם מוֹיל:
עֶר זָאגְט: „וָוער דֶעם פַּייגֶענְבּוֹים הִיט פַארְשְׁטֶענְדִיג,
דֶער וֶועט דִי פֵּירוֹת זַיינֶע עֶסֶען שְׁטֶענְדִיג".
רִמּוֹן, פוּן דִי אֶרֶץ-יִשְׂרָאֵל-פֵּירוֹת אֵיינֶער,
אִיז דֶער מִילְגְרוֹים, זֵעהר אַ רוֹיטֶער, אַ שֵׁיינֶער
אִינְוֶוענְדִיג מִיט אַ סַך קֶערְלִיךְ אָנְגֶעזֶעצְט,
אוּן אוּמְטוּם בַּיים עוֹלָם בֶּעלִיבְּט אִי גֶעשֶׁעצְט.
אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אִין זֵעהר פִיל עָרְטֶער,
גְלַייכֶען צוּ אִיהם דִי יוּדֶען מִיט דִי וֶוערְטֶער:
אֲפִילוּ דִי לֵיידִיגֶע מֶענְשֶׁען בַּיי אַייךְ
זֶענֶען פוּל מִיט מִצְוֹת וִוי אַ מִילְגְרוֹים גְלַייךְ. סא)
וֶוענֶען זַיין גֶעשְׁמַאלְט אוּן דֶעם רוֹיטֶען קָאלִיר,
פַּאסְט טַאקִי דֶעם מִילְגְרוֹים צוּזָאגֶען דֶעם שִׁיר

תָּמָר אוֹמֵר. צַדִּיק כַּתָּמָר יִפְרָח כְּאֶרֶז בַּלְּבָנוֹן יִשְׂגֶּה:
הַתַּפּוּחַ אוֹמֵר. כְּתַפּוּחַ בַּעֲצֵי הַיַּעַר כֵּן דּוֹדִי בֵּין הַבָּנִים
בְּצִלּוֹ חִמַּדְתִּי וְיָשַׁבְתִּי וּפִרְיוֹ מָתוֹק לְחִכִּי:

„ווי אַ הֶעלְפְט מִילְגְרוֹים אַ רוֹיטֶע, אַ פַיינֶע
זֶענֶען דַיינֶע בַּאקֶען, גֶעלִיבְּטֶע מַיינֶע". סו)
תָּמָר, דֶער טֵייטֶעלְבּוֹים, אַ בּוֹים וָואס אוּמְטוּם גֶעאַכְט,
וָואס פַאר זַיינֶע מַעֲלוֹת זִיךְ בֶּערִיהְמְט גֶעמַאכְט,
עֶר הָאט בֶּעשֵׁיינְט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל אַ מָאל,
דָארְטֶען גֶעבְּלִיהט אוּן גֶעוַואקְסֶען אָהן אַ צָאהל. סז)
זַיין וואוּקְס אִיז וואוּנְדֶער-שֵׁיין, שְׁרֶעקְלִיךְ הוֹיךְ אִי גְלַייךְ,
זַיינֶע בְּלוּמֶען פִיל, מִיט זִיסֶע פֵּירוֹת רַייךְ. סח)
זַיין וַואקְסֶען אוּן זַיין בְּלִיהֶען אִיז גָאר אַנְטִיק,
אִיז מִיט זַיינֶע פֵּירוֹת פַאר מֶענְשֶׁען אַ גְלִיק.
עֶר אִיז אַ צֵייכֶען פוּן שָׁלוֹם, פוּן פְרִידֶען, סט)
צוּ אִיהם גְלַייךְ זֶענֶען דִי פְרוּמֶע בַּיי אִידֶען,
מִיט זֵייעֶר גְלַייכְקַייט אוּן מִיט אִיטְלִיכֶער זַאךְ, ע)
בְּלִיהֶען, טְרָאגֶען פֵּירוֹת אוּן נִיצְעֶן אַ סַךְ.
וואוּנְדֶער-שֵׁיין אִיז דְרִיבֶּער דִי שִׁירָה גֶעשְׁטֶעלְט,
וָואס דֶער טֵייטֶעלְבּוֹים זָאגְט צוּ דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט:
„ווי אַ טֵייטֶעלְבּוֹים בְּלִיהֶעט דֶער צַדִּיק אוֹיךְ, עא)
ווי אַ צֶעדֶערְבּוֹים אִין לְבָנוֹן וַואקְסְט עֶר הוֹיךְ".
תַּפּוּחַ, פוּן דִי עֶפֶּעלְבֵּיימֶער אַ בֶּערִיהְמְטֶער סָארְט,
גֶעפִינְט זִיךְ וַוייט אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דָארְט,
וָואס שְׁטֶעהט פַאר זַיינֶע מַעֲלוֹת בַּיים עוֹלָם הוֹיךְ,
זַיינֶע עֶפֶּעל שְׁמֶעקֶען זֵעהר, מֶען עֶסְט זֵיי אוֹיךְ. עב)

וייַער רֵיחַ קְרֶעפְּטִיגְט, די קְרַאנְקֶע מְחַיֶה
גִים-צוּ גֶעזוּנְט, גָאר אַ נְשָׁמָה אַ נַייעֶ. עג)
אַ צֵייכֶען פוּן לִיבְּשַׁאפְט דָארְטֶען בַּיי דִי לַייט,
וָוענֶען זֵיי גֶעוֶועזֶען אִין דֶער אַלְטֶער צַייט. עד)
דֶער מִין בּוֹים זָאגְט שִׁירָה, וִוי אִיהם פַּאסְט טַאקֶע,
אַ שִׁירָה אַ זִיסֶע אוּן אַ גֶעשְׁמַאקֶע:
„וִוי דֶער עֶפֶּעלְבּוֹים צְוִוישֶׁען בֵּיימֶער אִין וַואלְד,
וֶוערְד דוּרְךְ זַיין רֵיחַ פוּן אַלֶע דֶערְקֶענְט בַּאלְד,
אַזוֹי מַיין גֶעלִיבְּטֶער צְוִוישֶׁען יוּנְגֶע לַייט,
אִין זַיין שָׁאטֶען גְלוּסְט אִיךְ זִיצֶען אַלֶע צַייט,
עֶר קְרֶעפְּטִיגְט מִיךְ, גִיט מִיר צוּ גֶעזוּנְט אַ שְׁטִיק,
אוּן זַיין פְּרוּכְט צוּ מַיין גוּמֶען זִים אַיין אַנְטִיק.



# פרק רביעי

## שֶׁמֶשׁ אוֹמֶרֶת. שֶׁמֶשׁ יָרֵחַ עָמַד זְבֻלָה לְאוֹר חִצֶּיךָ

שֶׁמֶשׁ. דִי תּוֹרָה דֶערְלַייכְט דִי אוֹיגֶען, אִיז רֵיין קְלָאר,
אִיהרֶע וֶוערְטֶער רִיכְטִיג, אֱמֶת אוֹיף אַ הָאר,
דִי מַעֲשֵׂי בְּרֵאשִׁית שִׁילְדֶערְט זִי זֵעהר גֶעטְרַיי,
אִיהרֶע דֶערְצֶעהלוּנְגֶען פוּן אַ פֶעהלֶער פְרַיי.
אוֹיף אֵייבִּיג-אֵייבִּיגֶער צַייט אִיז אִיהר בֶּעשְׁטַאנְד,
דֶעם נַאר לֶערֶענְט זִי חָכְמָה, גִיט אִיהם פַארְשְׁטַאנְד.
„לִיכְט זָאל וֶוערֶען"-אִיז גָאטְס דֶער עֶרְשְׁטֶער בֶּעפֶעהל,
אוּן עֶס וֶוערְד לִיכְט דֶעם עֶרְשְׁטֶען טָאג אוֹיף דֶער שְׁטֶעל.
עֶרְשְׁט שְׁפֶּעטֶער נִיט דֶערְנָאךְ גָאט וַוייטֶער אַ זָאג,
אוּן זוּן אוּן לְבָנָה וֶוערֶען דֶעם פֶערְטֶען טָאג. (עה)
דֶעם פְּרָאסְטֶען עוֹלָם אִיז גֶעוֶועןְ אַ ווּאוּנְדֶער,
קַשְׁיוֹת הָאט גֶעפְרֶעגְט אִימְלִיכֶער בֶּעזוּנְדֶער.
אַזֶעלְכֶם צְווָאגֶען ווִי פַאלְט דִי תּוֹרָה אוֹיס,
פוּן דֶער לִיכְטִיגֶער זוּן קוּמְט דָאךְ לִיכְט אַרוֹיס,
ווִי אִיז מֶעגְלִיךְ צוּטְהֵיילֶען אִין צְוֵויי טֶעג וַוייט,
אַזֶעלְכֶם וָואס וֶוערֶען הָאט גֶעטוּוְט אִין אֵיין צַייט.
דִי גְרוֹיסֶע חֲכָמִים אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג,
הָאבֶּען דֶערְגַאנְגֶען קְלָאר דֶעם אֱמֶת'ן וֶועג.

יְהַלֵּכוּ לְנֹגַהּ בְּרַק חֲנִיתֶךָ: קוּמִי אוֹרִי כִּי בָא אוֹרֵךְ וּכְבוֹד יְיָ עָלַיִךְ זָרָח:

דִי זון אַלֵיין איז גאָר טונקעל, האָט קיין שַיין,
אַרום איהר איז עפּיס אַ גאַז וואָס זעהר פַיין,
דער גאַז אַליין-פֿאַר איז דאָס ליכט, גאַנץ ריכטיג,
דורך דער זונס בעוועגונג אין איהם ווערד ליכטיג. ש)
אונזערע חֲכָמִים, וואָס זייערע רייד
טראָגען תָּמִיד אויף זיך פון מְשָׁלִים אַ קְלייד,
האָבען די אייגענע זאַך געזאָגט שוין לאַנג,
מיט זעהר אַ שיינער מַעֲשֶׂה אויף זייער גאַנג:
בְּשַׁעַת קֹרַח האָט מיט משֶׁה זיך געקריגט,
און די ערד דענסמאָל האָט פָּשׁוּט זיך געוויגט,
זענען זון און לְבָנָה אין דעם געטימעל,
אַרויף אין זְבוּל, העט אין אויבערשטען הימעל.
רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, רופען זיי זיך אָן,
ווען דו פאַר עַמְרָם׳ס זוהן דאָרט דיין מִשְׁפָּט טאָן
וועלען מיר לייכטען אויף דער ערד אַראָפּ
ווען ניט, זאָגען מיר דערפון זיך ביידע אָפּ.
פיילען און שפּיזען וואַרפט דענסמאָל גאָט אויף זיי,
און ענטפערט מיט אַ בייזער, מיט אַ געשריי:
צו אייך בוקען אַלע טאָג זיך די היידען,
דאָך לייכט איהר, קיין וואָרט אֲפִילוּ צורייידען.
מיין כָּבוֹד דער היילינער מאַכט אייך נישט אויס,
פאַר אַ מענשענס כָּבוֹד שטעלט איהר זיך אַרויס.

# יָרֵחַ אוֹמֵר. עָשָׂה יָרֵחַ לְמוֹעֲדִים שֶׁמֶשׁ יָדַע מְבוֹאוֹ:

אַלֶע טָאג־אַזוֹי בֶּעקוּמֶען זֵיי פֵּיילֶען,
אוּן לַייכְטֶען דוּרְכְדֶעם אוֹיף טוֹיזֶענְטֶער מַיילֶען
אַזוֹי וִוי פוּנ׳ם פָּסוּק דָאס הֵיילִיגֶע וָוארְט:
דוּרְךְ פְלִיהֶנְדִיגֶע פַיילֶען לִיכְט שַׁיינֶען זֵיי דָארְט׃ עז)
דִי כַּוָּנָה זֵייעֶרֶע אִיז אוֹיבֶּען אוֹיף,
דִי זוּן אִיז טוּנְקֶעל, נָאר גָאטְס לִיכְט שַׁיינְט דַארוֹיף, עח)
דָאס לִיכְט גָאטְס פוּן פְרִיהֶער, פוּן דִי זִיבֶּען טֶעג, עט)
דֶערְפוּן פְלִיהֶען פַּיילֶען, שְׁטְרַאהלֶען אָהן אַ בְּרֶעג.
אַזוֹי אִיז כְּסֵדֶר פוּן אֵייבִּיג אָן גֶעשְׁטֶעלְט,
אוּן דוּרְכְדֶעם אִיז טַאקִי לִיכְטִיג אִין דֶער וֶועלְט.
דִי חֲכָמִים׳ם רֵייד וֶועלֶען מְחַיֶה נְפָשׁוֹת,
מֶען דֶּעדַארְף נָאר פַארְשְׁטֵעהן זֵייעֶרֶע דְרָשׁוֹת.
נָאךְ אַזֶעלְכֶע רֵייד אוּן נָאךְ אַזַא חֲקִירָה,
וִוי וואוּנְדֶער־שֵׁיין אִיז פוּן דֶער זוּן דִי שִׁירָה:
„דִי זוּן, דִי לְבָנָה בֶּעשְׁטִימְט עֶר זֵייעֶר אָרְט,
דוּרְךְ פְלִיהֶנְדִיגֶע פַיילֶען לִיכְט שַׁיינֶען זֵיי דָארְט.
שְׁטֵעה אוֹיף לַייכְט, אַזוֹי זָאגְט זִי ווַייטֶער אַ שִׁיר,
דַיין לִיכְט אִיז דָאךְ דָא, גָאטְס כָּבוֹד שַׁיינְט אוֹיף דִיר".

יָרֵחַ. דִי לְבָנָה וֶועהט מֶען נִישְׁט תָּמִיד אִין אֵיין שְׁטַאנְד,
נִישְׁט תָּמִיד גְלַייךְ וֶועהט מֶען אִיהר פָּנִים אִין לַאנְד,
צַייטֶענְווַייס אִיז זִי בַּיי אוּנְז אִינְגַאנְצֶען דָא,
צַייטֶענְווַייס אַ שְׁטִיקֶעל, אָדֶער גָאר נִישְׁטָא.

עָס וֶוענְדְט זִיךְ אִיהר פַארְעֶנְדֶערוּנְג אַלֶע צַייט,
וִוי זִי שְׁטֵעהט פוּן דֶער זוּן נָאהֶענְט אָדֶער וַוייט:
שְׁטֵעהט זִי צְוִוישֶׁען דֶער עֶרְד אוּן זוּן אִין דֶערְמִיט,
דֶענְסְמָאל אִיז דֶער מוֹלָד אוּן מֶען זֶעהט זִי נִיט.
וָואס מֶעהר וַוייטֶער פוּן דֶער זוּן וֶוערְד זִי גְרֶעסֶער,
בֶּעקוּמְט אַלְץ מֶעהר פָּנִים אוּן זֶעהט אוֹיס בֶּעסֶער: ס)
אַזוֹי טַאנְצְט דִי לְבָנָה אִיהר אֵייבִּיגֶען טַאנְץ,
וֶוערְד צַייטֶענְוַויים גֶעמִינֶערְט, צַייטֶענְוַויים גַאנְץ.
אַזוֹי מִינֶען זִיךְ אִין פָּנִים אַלֶע צַייט
דִי וָואס קוּמֶען גֶעבִּיךְ אָן צוּ גְרוֹיסֶע לַייט.
צוּ דֶער גְרוֹיסֶער זוּן קוּמְט דָאךְ אָן דִי לְבָנָה,
פוּן אִיהר נֶעהמְט זִי דָאס לִיכְטִיגְקַייט בְּמַתָּנָה,
אוּן אַז מֶען קוּקְט יֶענֶעם אִין דֶער הַאנְד אַרַיין,
מוּז דָאס פָּנִים, דָאס גֶעשְׁטַאלְט פַארְעֶנְדֶערְט זַיין.
מֶען שְׁטֵעהט וִוי עָס קוּמְט אוֹיס, וִוי נָאךְ צַייטֶען,
אַ מָאל נָאהֶענְט אוּן אַ מָאל פוּנְדֶערְוַוייטֶען.
וִוי נָאךְ צַייטֶען אִיז פוּן דֶער לְבָנָה דֶער גַאנְג,
צַייטֶענְוַויים אִיז עֶר קוּרְץ אוּן צַייטֶענְוַויים לַאנְג.
זִי וֵוייסְט נִישְׁט דִי רֶגַע פוּן אִיהר אוּנְטֶערְגֵעהן,
זִי בְּלַייבְּט אַ מָאל קִירְצֶער, אַ מָאל לֵיינְגֶער שְׁטֵעהן. סא)
דֶעם טִיפֶען עִנְיָן, דִי גְרוֹיסֶע כַּוָּנָה,
לָאזְט אוּנְז אִין אִיהר שִׁירָה הֶערֶען דִי לְבָנָה:
„גָאט מַאכְט דִי לְבָנָה אוּן אַזוֹי זִי גֶעשְׁטֶעלְט,
צוּ צַייטֶען זִיךְ פַארְעֶנְדֶערֶען אִין דֶער וֶועלְט. סב)
דִי זוּן, וָואס דַארְף אַרוּם קֵיינֶעם זִיךְ נִיט דְרֵעהן,
זִי וֵוייסְט זִיךְ תָּמִיד כְּסֵדֶר אִיהר אוּנְטֶערְגֵעהן.

**כּוֹכָבִים אוֹמְרִים. וְהַמַּשְׂכִּילִים יַזְהִירוּ כְּזֹהַר הָרָקִיעַ וּמַצְדִּיקֵי הָרַבִּים כַּכּוֹכָבִים לְעוֹלָם וָעֶד:**

כּוֹכָבִים. דִי שְׁטֶערֶן, וָואס אִין הִימֶעל פִּיל אָהְן אַ צָאהל,
וָואס קוּקֶען אַרָאפּ פוּן אוֹיבֶען אַלֶע מָאל,
זַיי זִיצֶען וִוי דִי זוּן פֶעסְט אוֹיף זַייעֶר אָרְט,
הָאבֶּען זַייעֶר לִיכְט אוּן שַׁיינֶען אֵייבִּיג דָארְט.
אֵייבִּיג שְׁטֵעהֶען זַיי אוּן שַׁיינֶען אִינְאֵיינֶעם,
דַארְפֶען זַייעֶר לִיכְט נִישְׁט בָּארְגֶען בַּיי קֵיינֶעם,
וִוי אַ שְׁטֵייגֶער דִי לְבָנָה אוּן מַזָלוֹת,
וָואס רַייסֶען אַלְץ אַנְדֶערֶע בַּיי דִי פָּאלֶעם,
דְרֵעהֶען זִיךְ אַרוּם דֶער זוּן וִוי אָרְמֶע לַייט.
אוּן בֶּעקוּמֶען אַ נְדָבָה לִיכְט אַלֶע צַייט.
וִוי אוֹיךְ בַּיי אוּנְז מֶענְשֶׁען מַשְׂכִּילִים אַ סַךְ,
וָואס נֶעהמֶען אַלְץ בַּיי פְרֶעמְדֶע אִיטְלִיכֶע זַאךְ,
פַארְשְׁטֵעהֶען אוּן קֶענֶען מִיט יֶענֶעמְס פַארְשְׁטַאנְד,
אַלֵיין צוּפָארְשֶׁען קֶענֶען זֵיי נִיט אִין שְׁטַאנְד.
דִי שְׁטֶערֶען בֶּעדַארְפֶען קֵיינֶעמְס לִיכְט נִישְׁט, נֵיין,
זֵיי שַׁיינֶען אוּן פוּנְקֶעלֶען אֵייבִּיג אַלֵיין. פּג)
זֵיי בֶּעלַייכְטֶען נָאךְ מַזָלוֹת אַלֶערְלֵיי,
וָואס גֵעהֶען אוּן דְרֵעהֶען זִיךְ דָארְט אַרוּם זֵיי.
וִוי בַּיי אוּנְז דִי חֲכָמִים, גְרוֹיסֶע מֶענֶער,
וָואס זֵיי אַלֵיין זֶענֶען מוּפְלָגִים, קֶענֶער,
מִיט זֵייעֶר גוּטְסְקַייט, זֵייעֶר תּוֹרָה טַאקֶע,
זֶענֶען זֵיי פִּיל אַנְדֶערֶע מֶענְשֶׁען מְזַכֶּה.

**וְאוֹמֵר. אַתָּה הוּא יְיָ לְבַדֶּךָ אַתָּה עָשִׂיתָ אֶת הַשָּׁמַיִם שְׁמֵי הַשָּׁמַיִם וְכָל צְבָאָם הָאָרֶץ וְכָל אֲשֶׁר עָלֶיהָ הַיַּמִּים**

דִּי לִיכְטִיגֶע שְׁטֶערֶען, וָואס לַייכְטֶען בַּיי נַאכְט,
זַיי אַלֶע הָאט דָאךְ דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער גֶעמַאכְט,
זַיין הַאנְד שְׁפְּרֵייט דֶעם הִימֶעל אוֹיס וִוי אַ גֶעצֶעלְט,
אוּן דִי שְׁטֶערֶען אוֹיף זֵייעֶר וַואךְ דָארְט צוּשְׁטֶעלְט.
גָאט אַלֵיין אִיז אִין הִימֶעל אוֹיבֶּען דֶער הֶער,
אוּן אוּנְטֶען אוֹיף דֶער עָרֶד נִיטָא חוּץ אִיהם מֶעהר.
דָאךְ הָאבֶּען הֵיידֶען אוֹיף דִי שְׁטֶערֶען גֶעקוּקְט,
צוּ זֵיי זִיךְ גֶעקְנִיעֶט, צוּ זֵיי זִיךְ גֶעבּוּקְט.
גָאט זֵייעֶר מַייסְטֶער הָאבֶּען זֵיי נִישְׁט גֶעקֶענְט,
אוּן גֶעדִינְט גָאר צוּ דִי וֶוערְק פוּן זַיינֶע הֶענְט.
דִי שְׁטֶערֶען אָבֶּער דָארְט אִין הִימֶעל אוּמְטוּם,
דֶערְצֵעהלֶען גָאטְס גְרוֹיסְקַייט, זַיין כָּבוֹד אוּן רוּהם.
הַאלְטֶען דֶעם מֶענְשֶׁען אַ דְרָשָׁה בֶּעשְׁטֶענְדִיג,
זָאגֶען מוּסָר אוּן מַאכֶען אִיהם פַארְשְׁטֶענְדִיג.
זֵיי רֵיידֶען זֵעהר פִיל אִיבֶּער גָאט, אִיבֶּער לַייט,
וואוֹיל וֶועלְכֶען פַארְשְׁטֵעהט, וָואס זֵייעֶר רֵייד בֶּעטַייט.
דִי שְׁטֶערֶען זָאגֶען שִׁירָה אֱמֶת רִיכְטִיג,
פוּן דֶער שִׁירָה וֶוערְד אִין דִי אוֹיגֶען לִיכְטִיג:
„דִי מַשְׂכִּילִים, וָואס קֶענֶען פַאר זִיךְ אַלֵיין,
שַׁיינֶען וִוי דֶער הִימֶעל פוּן יֶענֶעמְס לִיכְט שֵׁיין:
דִי אָבֶּער וָואס שְׁהוּן גוּטְס אוּן אַנְדֶערֶע מְזַכֶּה,
זֶענֶען וִוי שְׁטֶערֶען, וָואס גִיבֶּען לִיכְט טַאקֶע”. סד)

**וְכָל אֲשֶׁר בָּהֶם וְאַתָּה מְחַיֶּה אֶת כֻּלָּם וּצְבָא הַשָּׁמַיִם לְךָ מִשְׁתַּחֲוִים׃**

דַארוֹיף וָואס מֶען דִינְט צוּ זֵיי אִין פִיל שְׂרְטֶער
זָאגֶען זֵיי רִיכְטִיג וַוייטֶער מִיט דִי וֶוערְטֶער:
„דוּ גָאט, דוּ אַלֵיין הָאסְט גֶעמַאכְט דִי הִימֶעל,
דִי הוֹיכֶע הִימֶעל מִיט זֵייעֶר גֶערִימֶעל,
דִי עֶרְד מִיט דִי זַאכֶען אוֹיף אִיהר אַלֶערְלֵיי,
דִי יַמִים מִיט דִי בֶּעשֶׁעפְּנִישׁ וָואס אִין זֵיי,
דוּ דֶערְהַאלְטְסְט אַלֶע, דוּ שְׁטֶעלְסְט זֵיי אַנִידֶער,
צוּ דִיר בּוּקְט זִיךְ פוּן הִימֶעל דָאס גֶעשְׁלִידֶער“.



# פרק חמישי

## לִוְיָתָן אוֹמֵר. הוֹדוּ לַיְיָ כִּי טוֹב כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ:

---

לִוְיָתָן. אִין תְּהִלִּים אִיז דָא הוֹדוּ אַ קַאפִּיטֶעל,
הֵייסְט עֶס „הַלֵּל הַגָּדוֹל" מִיט דֶעם טִיטֶעל. פה)
דֶער גְרוֹיסֶער הַלֵּל אִיז דֶער נָאמֶען וַיינֶער,
אַ נָאמֶען וֵועהר אַ שֵׁיינֶער, וֵועהר אַ פַיינֶער,
אוּן דֶעם נָאמֶען הָאט עֶס בֶּעקוּמֶען דְרִיבֶּער,
וַוייל דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, אוּנְזֶער גָאט דֶער לִיבֶּער,
זִיצְט אוֹיבֶּען אוּן טְהֵיילְט אַרוֹיס דָאס בֶּעדֶערְפְנִיס,
אוֹיף דֶער עֶרְד אוּנְטֶען צוּ אַלֶע בֶּעשֶׁעפְנִיס.
אַזוֹי שְׁטֵעהְט דָאךְ דָארְט בְּפֵירוּשׁ, אִיז דֶער בֶּעוַוייז:
„צוּ אַלֶע בֶּעשֶׁעפְנִיש גִיט עֶר זֵייעֶר שְׁפַּייז".
אוּן דָאס אִיז אַ גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאךְ,
אוֹיסְצוּהַאלְטֶען אַ וֶועלְט מִיט בְּרוֹאִים אַ סַךְ. פו)
אוֹיף אִיטְלִיכֶען פוּן זֵיי צוּהָאבֶּען אַיין אוֹיג,
אִיטְלִיכֶען בֶּעזוּנְדֶער גֶעבֶּען וָואס אִיהם טוֹיג.
פוּנֶ'ם קְלֵיין וֶוערְמִיל בִּיז דֶעם רְאֵם מִיט הֶערְנֶער, פז)
דֶעם גְרָאז, יֶענֶעם פְלֵייש, דֶעם אַנְדֶערֶען קֶערְנֶער.
דֶער לִוְיָתָן, אַ בֶּעשֶׁעפְנִיש גָאר אַ שְׁרֶעק,
מְשׁוּנֶה גְרוֹיס, מְשׁוּנֶה לַאנְג, אַ וֶועלְט אָהן אַיין עֶק, פח)

# דָּנִים אוֹמְרִים. קוֹל יְיָ עַל הַמָּיִם אֵל הַכָּבוֹד הִרְעִים יְיָ עַל מַיִם רַבִּים:

זַיין עֶסֶען, זַיין טְרִינְקֶען טָאר נִישְׁט זַיין גֶעפֶּעהלְט,
עֶר עֶסט און טְרִינְקְט אַלֵיין פַאר אַ גַאנְצֶער וֶועלְט
טְרִינְקְט הָעם יַרְדֵן וַואסֶער אוֹיס אִינְגַאנְצֶען גָאר, פט)
און פַארְקְרִימְט זִיךְ נִישְׁט אֲפִילוּ אוֹיף אַ הָאר.
פוּן דְרַיי הוּנְדֶערְט מַייל און מֶעהר, אַזֶעלְכֶע פִּיש,
קוּמֶען מַחֲנוֹת־וַויים בֶּעשְׁטֶענְדִיג צוּ זַיין טִישׁ, צ)
אִי דָאס אִיז עֶר דֶערְמִיט נָאךְ גָאר נִיט יוֹצֵא,
דִי חַלָה קְוֶועלְט אִיהם נִיט אוֹיף דֶער הַמוֹצִיא;
דֶער לִוְיָתָן, וָואס אַ וֶועלְט פַארְנֶעהמְט זַיין מוֹיל,
אִיז גֶעזוּנְט אַייזֶען, עֶס נֶעהמְט אִיהם נִישְׁט קַיין קוֹיל, צא)
וָואס עֶר בֶּעדַארְף הָאבֶּען עֶסֶען שְׁרֶעקְלִיךְ פִיל,
און בַּיי גָאט אִיז עֶר אִינְגַאנְצֶען גָאר אַ שְׁפִּיל צב)
און שִׁיקְט אִיהם תָּמִיד צוּ זַיין לֶעבֶּענְס מִיטֶעל,
עֶר זָאגְט דֶעם הַלֵל, הוֹדוּ דָאס קַאפִּיטֶעל.
עֶר זָאגְט אִיהם פוּן אָנְהֵייבּ, אִיז מִתְפַּלֵל,
און אִיז שׁוֹין מוֹצִיא דִי וֶועלְט מִיט זַיין הַלֵל.
„הוֹדוּ, לוֹיבְּט גָאט, זָאגְט עֶר שִׁירָה אוֹיף אַ קוֹל,
דֶען גוּט אִיז עֶר, זַיין גְנָאד אֵייבִּיג אַלֶע מָאל“.

דָנִים. דָוִד הַמֶלֶךְ, דֶער מְשׁוֹרֵר דֶער זִיסֶער,
שִׁילְדֶערְט גָאטְס וואוּנְדֶער אִין דֶעם טִיף גֶעוְוִיסֶער,
דִי וָואס זֶעגְלֶען מִיט שִׁיפֶען אִין יַם נְסִיעוֹת,
וָואס הָאבֶּען פוּנִים גֶעשֶׁעפְּט אִין וַואסֶער יְדִיעוֹת,

זײ זעהען פון גאָט די גרויסע מעשׂים דאָרט,
און די וואונדער זײנע אין דעם טיפען אָרט.
קוים זאָגט ער, און באַלד ווערד אַ שטורעם, אַ ווינד,
די כוואַליעס דערהײבען זיך שרעקליך געשווינד.
זײ דערהײבען זיך גאַנץ הויך ביז צום הימעל,
זײ זינקען אין אָפּגרונט מיט אַ געטימעל.
צומישט ווערען די שיפּלײט באַלד אויפען פּלעק,
די נשמה פּשוט געהט זײ אַרויס פאַר שרעק.
אַז דער ווינד ווערד שטיל, די כוואַליעס אײנשווײגען,
און זײ קומען אַ הײם מיט גרויס פאַרגניגען,
לויבען זײ גאָט גאַנץ איטליכער בעזונדער
האָבען לײט צודערצעהלען זײנע וואונדער. צג)
ווען מענשען וואָס מיט דעם ים נישט גוט בעקאַנט,
און איז פאַר זײ ביז אַצינד אַ פרעמדער קאַנט;
וואָס פאָהרען אויף איהם נאָר אויבען, אי דאָס, גיך,
און ווײסען ניט וואָס דאָרט אינװעניג טהוט זיך,
ווען זײ, פאָהרענדיג אַ מאָל אויף די שיפען,
הער צעהלען וואונדער פונ׳ם ים דעם טיפען,
וואָס זאָלען שוין זאָגען די פיש אַלערלײ,
וואָס דערגאַנצער ים איז אַ וואוינונג פאַר זײ.
זײ ווענען דאָך דאָרט פול אין איטליכער זײט,
און זעהען דאָך גאָט וואונדער אין אַלע צײט,
זײ זעהען דאָך יאָ גאָט כח דאָרט אומטום,
הערען זײנע קולות אַרום און אַרום.
הערען אויף די וואַסער זײן שרעקליך געשרײ,
ווי ער דערלאַנגט מיט כח דעם ים אַ דרײ,

תַּנִּינִים אוֹמְרִים: הַלְלוּ אֶת יְיָ מִן הָאָרֶץ תַּנִּינִים וְכָל תְּהֹמוֹת:

אז ער שפרינגט אַזש אונטער פלוצלים פון אונטען,
און עפענט ווי אַ מויל אויף זיינע גרונטען,
ווי גאט שטורעמט, גיט דעם שטאלצען ים אַ שמיץ,
מיט זיין קנאקענדיגען דונער, מיט זיין בליץ.
דער ים שטעלט זיך דיבאם, סאפעט ווי אַ פערד,
אט שפרינגט ער ארויס, אט צוטראגט ער די ערד.
ער צאפעלט און ער זעצט איהם ארויס אַ שוים,
גאט אבער האלט מיט כח איהם ביי דער צוים.
די פיש, וואס אין ים נעכטיגען און טאגען,
זיי פאסט זייער שירה, זיי פאסט צו זאגען:
„גאטס קול הילכט איבער וואסער אומטום,
גאט, וואס איהם געהער כבוד אי רוהם.
ער דונערט מיט גרויס כח א שרעק,
איבער פיל געוויסער אהן איין עק".

תנינים. משונה ווילדע חיות זענען אין ים דא,
משונה גרויס און שטארק, זייער גלייכען ניטא. צד)
זיי זענען אין ים די פיינע בריות דארט,
און געפינען זיך דארטען אין איטליכס ארט.
אין אפגרונטען וואס טיף א מורא, א שרעק,
אזש ביז אהינצו גרונטעווען זיך די שלעק.
די אוצרות, וואס גאט פארבארגט וואסער דארין,
אונטער דער ערד, וואס קיינער קומט נישט אהין.

## עָגוּר אוֹמֵר. הוֹדוּ לַיְיָ בְּכִנּוֹר עָשׂוֹר זַמְּרוּ לוֹ:

אִי דִי טִיפֶע אוֹצְרוֹת הַאלְטֶען זֵיי נִיט אָפּ,
זֵיי שְׁווִימֶען אוּן לָאזֶען זִיךְ אַהִין אַרָאפּ.
דָאס וָואס זֵיי זֶעהֶען דָארְטֶען פוּן גָאטְס וְוינְדֶער,
אִיז אֵייבִּיג אַ סוֹד פַאר דִי מֶענְשֶׁענְס־קִינְדֶער.
זֵיי זֶעהֶען גָאטְס גְבוּרוֹת, וָואס דָארְטֶען גֶעהט פִּיר.
אוּן קֶענֶען פוּן הַלְלוּיָהּ זָאגֶען דֶעם שִׁיר:
„הַלְלוּיָהּ, לוֹיבְּט גָאט, אִיהר פוּן דֶער עֶרְד אוּנְטֶען,
גְרוֹיסֶע יַם־בֶּעשֶׁעפֶּנִישׁ אוּן אַלֶע גְרוּנְטֶען".
עָגוּרי דֶער עָגוּר אִיז אַ פֵייגֶעל נִישְׁט קַיין קְלֵיינֶער.
מִיט לַאנְגֶע פִיס וִוי שְׁטָאלְצֶען, זֵעהר אַ שֵׁיינֶער.
הַאלְט זִיךְ אוֹיף דִי זוּמְפֶּען אִין אִיטַלִיכֶען קַאנְט,
אוּן אִיז מִיט דֶעם נָאמֶען זְשׁוּרַאוֶועל בֶּעקַאנְט, צה)
עֶר אִיז פוּן דֶער נַאטוּר אַ גְרוֹיסֶער שְׁרַייעֶר,
זַיין שְׁטִימֶע אִיז גָאר אַ טְרוּמֵייט זֵעהר מְהַייעֶר. צו)
טְרוּמֵייטֶערְט עֶר, אִיז אִיהם נִישְׁט אַיינְצוּשְׁטִילֶען.
הָאט גֶעמֶעגְט אוֹיף אַלֶע חֲתוּנוֹת שְׁפִּילֶען.
אַ גֶעשְׁוֶועסְטֶערקִינְד הָאט עֶר אִין אַ וַוייט אָרְט, צז)
רוּפְט מֶען אִיהם פָּשׁוּט טְרוּמֵייטֶערְפוֹיגֶעל דָארְט:
אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים אִיז בֶּעקַאנְט זַיין גֶעשְׁרֵייא:
„כְּרוּכְיָא דֶער שְׁרַייעֶר" אַזוֹי הֵייסְט עֶר בַּיי זֵיי. צח)
דֶער קְלֶעזְמֶער גִיט קָאנְצֶערְטֶען נִישְׁט פַאר קַיין גֶעלְט.
אִיהם קֶען גָאר אוּמְזִיסְט הֶערֶען דִי גַאנְצֶע וֶועלְט.
עֶר רַייסְט שְׁרַייעֶנְדִיג זִיךְ פָּשׁוּט אַיין דִי קֶעהְל,
אַ שִׁירָה צוּ גָאט טְרוּמֵייטֶערְט עֶר זֵעהר הֶעל.

חֲסִידָה אוֹמֶרֶת: דַּבְּרוּ עַל לֵב יְרוּשָׁלַיִם וְקִרְאוּ אֵלֶיהָ כִּי מָלְאָה צְבָאָהּ כִּי נִרְצָה עֲוֺנָהּ כִּי לָקְחָה מִיַּד יְיָ כִּפְלַיִם בְּכָל חַטֹּאתֶיהָ:

זָאגְט ווִי אִיהם פַּאסְט אַזוֹי: „לוֹיבְּט גָאט אוֹיף אֵיין הַארְף,
אוֹיף אַ פִידֶעל פוּן צֶעהן שְׁטְרוּנֶעם שְׁפִּילְט אִיהם שַׁארְף".

חֲסִידָה. דֶער פוֹיגֶעל מִיט לַאנְגֶע פִּים, ווַיים ווּאוּנְדֶער־שֵׁיין,
דָאס אִיז דֶער בּוֹיטֶעל מִיט זַיין כָּבוֹד אַלֵיין, צט)
אִיטְלִיכֶער זֶעהט אִיהם נִישְׁט אֵיין מָאל, נָאר אַ סַךְ,
עֶר שְׁטֶעהט קְווַאטִיר בַּיי אוּנְז אוֹיבֶען אוֹיפֶ'ן דַאךְ.
מֶען לֵייגְט אִיהם אוּנְטֶער פוּן אַ וָואגֶען אַ רָאד,
עֶר זִיצְט דָארְטֶען בְּשָׁלוֹם, טְהוּט קֵיינֶעם קֵיין שָׁאד.
זוּמֶער נָאר אִיז עֶר אוּנְזֶער גַאסְט, אוֹיף אַ צַייט,
און ווִינְטֶער פַּארְלָאזְט עֶר אוּנְז, פְלִיהט אַוֶועק ווַייט.
פַּארְלָאזְט זַיין נֶעסְט, ווַארְפְט אַוֶועק נֶעבִּיךְ זַיין אָרְט,
און פְלִיהט אִין ווַארְמֶע לֶענְדֶער, אִין גָלוּת דָארְט.
אוּמְטִיג ווֶערְד אוֹיפֶ'ן הַארְץ אַז עֶר פְלִיהט אַוֶועק,
אוּמְטוּם ווִיסְט־טְרוֹיעֶרִיג ווֶערְד דֶענְסְמָאל אַ עֶק.
קוּמֶענְדִיג פוּן זַיין גָלוּת אִין אָנְהֵייבּ מַאי,
בְּרֵיינְגְט עֶר אַ פְרֵעהלִיךְ גֶעמִיט אוּנְז אוֹיף דָאס נַיי.
אַ נַיי לֶעבֶּען ווֶערְד דֶענְסְמָאל אוֹיף דִי פֶעלְדֶער,
און עֶס שְׁווִיבֶּעלְט, עֶס גְרִיבֶּעלְט אִין דִי ווֶעלְדֶער.
אַזוֹי ווַאנְדֶערְט עֶר תָּמִיד אוֹיף אֵיין שְׁטֵיינֶער,
תָּמִיד אִין אֵיין צַייט, רִיכְטִיג ווִי אַ זֵייגֶער.

## נֶשֶׁר אוֹמֵר. וְאַתָּה יְיָ אֱלֹהִים צְבָאוֹת אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל

ירמיה הנביא שטראפט די יודען און קלאגט,
שטעלט דעם בושעל זיי פאר א מוסר און זאגט:
„דער בושעל, זאגט ער, וואס פליהט אין הימעל הויך,
ער אפילו ווייסט די צייטען זיינע אויך,
די צייט פון זיינע נסיעות קיינמאל פארפעהלט,
און מיין פאלק וויים ניט גאטס פיהרונג אין דער וועלט. ס)
דער בושעל, וואס א שטארקער מקורב מיט לייט,
קען מיט זיין לעבען, וואס ער פיהרט אלע צייט,
איטליכען טרייסטען און אויסריידען דאס הארץ,
בשעת עפים א צרה, עפים א שמארץ.
איך, ברידער, ווער פארוואגעלט, קען ער זאגען,
נאט העלפט, קום איך ווידער, צו־וואס זיך זארגען,
בפרט ירושלים, וואס נעביך ווייסט, טוט,
איהר אויסריידען דאס הארץ קען ער אין דער נויט
אויף אלסדינג א צייט, נעהמט ער זי איין מיט רייד
נאך צרות און גלות קומט מנוחה און פרייד.
דער בושעל אויפ'ן דאך קוקט צו אונז אראפ,
און קלאפט פון דארטען די שירה זיינע אפ:
„רעדט דאס הארץ ירושלים אוים און זאגט איהר,
איהר שלעכטע צייט איז דערפילט, האט א שיעור,
איהר שולד איז בעווילינט געווארען אצינד,
איז נעביך טאפעל בעשטראפט פאר איהרע זינד".
נשר. דער אדלער, וואס וואקסט פון דער גילדענער פאהן,
איז מלך איבער די עופות פון לאנג אן. קא)

# הַבִּיצָה לִפְקֹד כָּל הַגּוֹיִם אַל תָּחֹן כָּל בֹּגְדֵי אָוֶן סֶלָה:

זַיין כֹּחַ, זַיין ווילְדְקַייט איז קַיין קַאטָאוועס,
פֵייגעל צִיטֶערֶען פַאר אִיהם אֵימוֹת מָוֶת.
שְׁרֶעקְלִיךְ איז זַיין צָארֶען, מְשׁוּנֶה ווילְד זַיין גְרִים,
קַיין פִּיצֶעל רַחֲמָנוּת אִיז נִישְׁטָא בַּיי אִיהם.
עֶר פְלִיהט גַאנְץ הויךְ מִיט זַיינֶע שְׁטַארְקֶע פְלִיגֶעל.
קוּקְט אִין דֶער זוּן אַרַיין ווִי אִין אַ שְׁפִּיגֶעל.
קוּקְט אוֹיךְ אוּנְטֶען אַרָאפּ מִיט זַיין שַׁארְף אֵייגֶעל,
און זוּכְט זִיךְ אַ קָרְבָּן אוֹיס פוּן דִי פֵייגֶעל.
אַ תַּקִּיף אִין דֶער לוּפְט דָארְט אִיז עֶר אֵיינֶער,
פוּן זַיינֶע נֶעגֶעל דְרֵעהט זִיךְ נִישְׁט אוֹיס קֵיינֶער.
ווֶען דִי רָאבֶּען, שֵׁיינֶע, גוּטֶע חֶבְרָה־לַייט,
כָּלְבּוֹ־נִיקֶעס, ווָאס וֶוענֶען שְׁרֶעקְלִיךְ פַארְשַׁייט,
ווַארְפֶען אַ מָאל פוּן זִיךְ אַרָאפּ דִי לֵייצֶען,
נֶעהמֶען זִיךְ צוּנוֹיף דֶעם אָדְלֶער צוּרֵייצֶען,
שְׁווַייגְט עֶר תְּחִילַת און מַאכְט זִיךְ גָארְנִישְׁט דַארוֹיס,
דֶערְנָאךְ הַאלְט עֶר דִי עַזּוּת שׁוֹין מֶעהר נִיט אוֹיס.
חַאפְּט זִיךְ אוֹיף, מַאכְט פוּן דִי אָפְּטְרִינִיגֶע תֵּל,
בֶּעשְׁטְרָאפְט זֵיי אַלֶע מִיט כַּעַס אוֹיף דֶער שְׁטֶעל.
עֶר צוּרַייסְט זֵיי מִיט זַיינֶע נֶעגֶעל אַ שְׁרֶעק,
פוּן זֵייעֶר שְׁרַייעֶן ווֶערְד אוֹיף אֵייבִּיג אַיין עֶק.
דֶער אָדְלֶער, ווָאס קֵיינִיגְט מִיט גָאטֶס חֶסֶד, גְוָאד,
ווָאס אִיז גֶעזוּנְט און בֶּעהִיט פוּן בֵּייז, פוּן שָׁאד,
ווָאס הָאט אַ פִּיסְק אִין נֶעגֶעל, שַׁארְפֶע ווָאפֶען.

**עורֵב אומֵר. מִי יָכִין לָעֹרֵב צֵידוֹ כִּי יְלָדָיו אֶל אֵל יְשַׁוֵּעוּ: נוֹתֵן לִבְהֵמָה לַחְמָהּ לִבְנֵי עֹרֵב אֲשֶׁר יִקְרָאוּ:**

זַיינֶע פַיינְד דֶערְמִיט צוּטוּיטֶען, צוּשְׁטְרָאפֶּען.
אָט דֶער מֶלֶךְ פוּן דִי עוֹפוֹת אַלֶערְלַייא,
זָאגְט וִוי אַ גִבּוֹר זַיין שִׁירָה מִיט גֶעשְׁרֵיי:
„אָ, אַלְמֶעכְטִיגֶער גָאט, פוּן הֶערְשַׁאפְט דֶער הֶער,
שְׁטַארְקֶער גָאט יִשְׂרָאֵל׳ס, שְׁטֵיה אוֹיף, שְׁווַייג נִיט מֶעהר,
אַלֶע בֶּעוואוֹינֶער פוּן דֶער עֶרְד שְׁלָאג, שֶׁעדִיג,
אוּן קֵיינֶעם פוּן דִי פֶּעלְשֶׁער זַיי נִיט גֶנֶעדִיג״.
עוֹרֵב. דִי רָאבּ, וָואס אִיהרֶע פֶּעדֶערֶען זֶענֶען שְׁוַוארְץ,
זִי הָאט, זָאגְט מֶען, בְּטֶבַע אַ שְׁטֵיינֶערֶען הַארְץ.
דִי חֲכָמִים דֶערְצֵעהלֶען אִין פִּיל עֶרְטֶער
וֶועגֶען אִיהר אַ מַעֲשֶׂה אָט מִיט דִי וֶוערְטֶער:
אַז דִי רָאבּ גֶעווִינְט, זֶענֶען דִי קִינְדֶער וַייס:
הַא, זָאגְט דֶער זָכָר, וָואס אִיז דָאס פַאר אַ נַייס,
דוּ בִּיסְט, אַ פָּנִים, אַ נְקֵבָה אַ פַיינֶע,
דִי קִינְדֶער זֶענֶען מַמְזֵרִים, נִישְׁט מַיינֶע.
בֵּיידֶע שְׁפַּייֶען זֵיי אוֹיף דִי קִינְדֶערְלִיךְ קְלֶעק,
לָאזֶען זֵיי אִיבֶּער אוּן פְלִיהֶען וַוייט אַוֶועק.
וָואס טְהוּט אָבֶּער גָאט, דֶער פָאטֶער אִין הִימֶעל,
עֶר לָאזְט פוּן זֵייעֶר צוֹאָה, פוּנֶ׳ם שִׁימֶעל,
אַרוֹיסְגֶעהן שְׂפִּים קְלֵיינֶע מִינֵי מִיקֶען,
כְּדֵי דִי יְתוֹמִים׳לִיךְ מִיט זֵיי צוּדֶערְקְווִיקֶען.
דֶער בַּארְמְהַארְצִיגֶער גָאט הֶערְט זֵייעֶר גֶעשְׁרֵיי,
אוּן מִיט יֶענֶע מִיקֶען הָאדֶעוֶועט עֶר זֵיי,

## זַרְזִיר אוֹמֵר. רַנְּנוּ צַדִּיקִים בַּיְיָ לַיְשָׁרִים נָאוָה תְהִלָּה;

בִּיז זֵיי וֶוערֶען שְׁוַוארְץ הַאלְקֶע, וַואקְסֶען גוּט אוֹיס,
אוּן פְלִיהֶען פוּן זֵייעֶר נֶעסְט דֶערְנָאךְ אַרוֹיס. קב)
אַ שֵׁיינֶעם רַאנְק גָאט, קְרַאקֶעט דְרִיבֶּער דִי רָאבּ,
זָאגְט שִׁירָה, אַ יְיַשֶׁר כֹּחַ פַאר זַיין גָאבּ.
זִי זָאגְט: „וֶוער שִׁיקְט דֶער רָאבּ צוּ, אִיהר עֶסֶען בַּאלְד,
וָוען אִיהרֶע הוּנְגְרִיגֶע קִינְדֶער שְׁרַייעֶן גְוַואלְד.
דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, עֶר גִיט דֶער בְּהֵמָה אִיהר בְּרוֹיט,
דִי יוּנְגֶע רָאבֶּען, וָואס שְׁרַייעֶן אִין דֶער נוֹיט".
זַרְזִיר. דֶער זַרְזִיר אִיז, וִוי אַ סַךְ וִוילֶען הָאבֶּען,
אַ לַייבְּלִיכֶער קָרוֹב מִיט דִי רָאבֶּען. קג)
נָאר עֶס קֶענֶען זַיין אֲפִילוּ בְּרִידֶער צְוֵוייא,
דָאךְ זָאל אַ גְרוֹיסֶער חִילוּק זַיין צְווִישֶׁען זֵיי:
אֵיינֶער אִיז אַ רָשָׁע, טְהוּט אַלֶעסדִינְג וָואס שְׁלֶעכְט,
אוּן דֶער אַנְדֶערֶער אִיז אַ צַדִּיק, טְהוּט וָואס רֶעכְט.
דֶער זַרְזִיר, וָואס עֶר הֵייסְט מִיט דֶעם נָאמֶען שְׁטַאר, קד)
מֶעג זִיךְ אִין פַארְגְלַייךְ מִיט דֶער רָאבּ זַיין אַ נַאר,
עֶר קֶען וִוי זִי דִי פַאלְשְׁקַייטֶען נִיט מַאכֶען:
גַנְבֶהנֶען, רוֹיבֶּען, נָאךְ אַזֶעלְכֶע זַאכֶען; קה)
דִי מַדְרֵגָה זַיינֶע אִיז אָבֶּער גְרֶעסֶער,
עֶר אִיז פוּן דֶער רָאבּ פִיל שֶׁעהנֶער אִי בֶּעסֶער.
דִי פַארְבּ פוּן זַיינֶע פֶעדֶערֶען אִיז אוֹיךְ שְׁוַוארְץ,
עֶר אִיז אָבֶּער עֶהרְלִיךְ, הָאט אַ כָּשֵׁר הַארְץ.
פוּן קְלֵיידֶער אִיז קַיין רַאֲיָה נִיטְט אַ פִּיצֶעל,
אֵיינֶער טְרָאגְט אַ שֵׁיינֶעם רָאק, אַ שֵׁיין מִיצֶעל,

און עֶר אַלֵיין איז נִישְׁט וֶוערְט אִי אַ דְרַייעֶר,
אֵיינֶער גֵעהט אָרֶעם און אַלֵיין זֵעהר מְהַייעֶר.
בֶּאֱמֶת אִיז אונְזֶער זַרְזִיר דֶער קְלֵיינֶער
אַ פִּקֵחַ אונְטֶער דִי פֵייגֶעל אֵיינֶער.
אַ גְרוֹיסֶע מִדָה טוֹבָה אִיז בַּיי אִיהם דָא,
בַּיי קֵיינֶעם אִין דֶער וֶועלְט אַזֶעלְכֶע נִיטָא:
בֶּעשְׁטֶענְדִיג אִיז עֶר מָלֵא שִׂמְחָה, פוּל פְרֵייד,
זִינְגְט תָּמִיד אֲפִילוּ אִין צָרוֹת און לֵייד.
עֶס מֶעג זִיךְ שִׁיטֶען אַ שְׁנֵיי מִיט שְׁטִיקֶער אַייז,
און דָא זָאל נִיט זַיין צוּעֶסֶען קַיין לֶעק שְׁפַּייז,
עֶר זִיצְט זִיךְ גַאנְץ לוּסְטִיג, פְרֵעהלִיךְ אויף זַיין אָרְט,
זִינְגְט זַיינֶע נִגוּנִים און גִיט קָאנְצֶערְט דָארְט,
גְלַייךְ וִוי דֶער לִיבֶּער זוּמֶער וָואלְט גֶעוֶוען הַיינְט,
אַרוּם אִיהם בְּלִיהֶען רוֹיזֶען און דִי זוּן שַׁיינְט.
דֶעסְגְלַייכֶען וֶוען דֶער זוּמֶער גֵעהט שׁוֹין אַוֶועק,
און בַּיי דִי פֵייגֶעל הָאט דִי אַרְבַּייט אַיין עֶק,
כִּמְעַט אַלֶע זֶענֶען פַארְשְׁטוּמְט, שְׁוַוייגֶען שְׁטִיל,
הָאבֶּען אִין זִין דֶעם וִוינְטֶער און טְרַאכְטֶען פִיל.
דֶענְסְמָאל צוּזִינְגְט זִיךְ דֶער זַרְזִיר אויף דָאס נַיי,
גְלַייךְ וִוי אִיבֶּער־אַ־נַיים אִיז דֶער חוֹדֶשׁ מַאי.
עֶר הָאט דֶעם זוּמֶער אוֹיסְגֶעפִיהְרְט צְוֵוייא פְלִידֶען,
און אִיז בָּרוּךְ הַשֵׁם מִיט זֵיי צוּפְרִידֶען.
דִי קִינְדֶער פְלִיהֶען אִיצְט אַרוּם אִין דֶער וֶועלְט,
זִינְגֶען אוּמְטוּם לִידֶער און דֶער עוֹלָם קְוֶועלְט. קו)
הַכְּלַל, עֶר פַארְבְּרֵיינְגְט מִיט זִינְגֶען טֶעג און נֶעכְט.
עֶר הָאט בְּמָחוֹן אִין גָאט, און אִיז גֶערֶעכְט;

סְגוּנִית אוֹמֶרֶת. לְמַעַן יְזַמֶּרְךָ כָבוֹד וְלֹא יִדֹּם יְיָ אֱלֹהַי לְעוֹלָם אוֹדֶךָּ:

דֶען יֶענֶע, וָואס הָאפֶען צוּ גָאט, שְׁטֶעהט עֶר בַּיי,
דֶעם וואוּנְשׁ פוּן זַיינֶע פְרוּמֶע דֶערפִילְט עֶר טְרַיי.
דֶער זַרזִיר, וֶועלְכֶער זִינְגְט אוּן קְוֶועלְט אַלֶע צַייט,
מֶעג מִיט דֶער מִדָה אַ מוּסָר זַיין פַאר לַייט.
עֶר הָאט בִּטָחוֹן אוּן אִיז לוּסְטִיג שְׁטֶענְדִיג,
זָאגְט שִׁירָה אוּן לוֹיבְּט תָּמִיד גָאט פַארְשְׁטֶענְדִיג.
עֶר זָאגְט: „זִינְגְט, צַדִיקִים, וָואס אִין גָאט גְלוֹיבֶּען,
רֶעכְטְפַארְטִיגֶע, זֵיי פַּאסְט טַאקִי צוּלוֹיבֶּען".

סְגוּנִית. אַז דֶער ווִינְטֶער גֵעהט אַוֶועק מִיט זַיינֶע קֶעלְט,
אַ וַוארֶם ווִינְטֶעל בְּלָאזְט אוּן בֶּעלֶעבְּט וֶוערְד
דִי וֶועלְט,
עֶס קוּמֶען צוּפְלִיהֶען פֵייגֶעל אַלֶערְלֵיי,
זָאגֶען שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי,
קוּמְט אוֹיךְ אַ פֵייגֶעלֶע מִיט דִי זוּמֶער-גֶעסְט,
שְׁטֶעלְט אוֹיף אוּנְזֶער פֶענְסְטֶער זִיךְ בּוֹיעֶן אַ נֶעסְט.
דִי נֶעסְט אִיז גֶעמַאכְט קוּנְצִיג-שֵׁיין וִוי גֶעטָאקְט,
דָארְט אִין אִיהם נֶעכְטִיגְט דָאס פֵייגֶעלֶע אוּן טָאגְט.
לֶעבְּט מִיט זַיין ווַייבֶּעלֶע אוּן פִיהרְט אוֹיס קִינְדֶער,
לֶעבְּט גְלִיקְלִיךְ, זִינְגְט אוּן פְרֵייעט זִיךְ גָאר ווִינְדֶער.
דָאס פֵייגֶעלֶע קֶען יֶעדֶער פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין,
דָאס אִיז אוּנְזֶער שְׁוֶועלְבֶּעלֶע טַאקִי אַלֵיין. ק)

א גאנץ זומער פליהט עס לוסטיג הין און הער,
מיינט, זיין גליק, זיין נעכט איז זיין אייביג געוועהר;
נאר אלסדינג אבער אויף דער וועלט האט א ברעג,
נישט אויף אייביג דויערען גליקליכע טעג;
דער זומער לויפט אויך אוועק, געל ווערד וואס גרין,
און וואו קומט דענסמאל דאס שוועלבעלע אהין.
אין די ווארמע מדינות פליהט עס אוועק ווייט,
נאר פון פארצייטען ביז איצט דערצעהלען לייט
אז אין קאלטע ערטער געפינט מען פיל מאל,
גאנץ דערפרוירענע שוועלבעליך אהן א צאהל.
ליגען טיף אין א זומפף דעם ווינטער איבער,
ביז וואנען עס קומט דער זומער דער ליבער,
וואס גיט זיי לעבען, א נשמה א נייע,
פליהען באלד ארוים און זענען זיך מחיה. קח)
דעם שוועלבעלע ביים אויפשטעהן פון גרוב ווידער,
איהם פאסט זינגען יענעם מזמור מיט לידער:
„גאט, האסט פון גרוב מיין נפש ארויף געבראכט,
נישט צו זינקען אין גרוב מיך לעבעדיג געמאכט.
זינגט צו גאט, פרומע, וועלכע אין איהם גלויבען,
צו זיין היליגען נאמען זאלט איהר לויבען.
דען א רגע דויערט עס נאר אין זיין גרים,
לעבען אבער פיהלט מען אין דעם גנאד פון איהם:
אין אווענט נעכטיגט, שלאפט דאך געוויין, זארגען,
געזאנג אבער זינגט זיך אין דעם פריהמארגען.
און איך האב בשעת מיין גליק איינמאל,
געמיינט, איך גליטש מיך ניט אוים קיינמאל.

# רְחָמָה אוֹמֶרֶת. אֶשְׁרְקָה לָהֶם וַאֲקַבְּצֵם כִּי פְדִיתִים וְרָבוּ כְּמוֹ רָבוּ.

אִין דַיין גְנָאד שְׁטֶעלְסְטדוּ שְׁטַארְק מַיין בַּארְג, מַיין גֶעשְׁטֶעל,
פַארְבָּארְגְנְסְט נָאר דַיין פָּנִים בַּאלְד, וֶוערְד אוֹיס מִיר תֵּל.
צוּ דִיר, גָאט, רוּף אִיךְ בְּשַׁעַת דֶעם שְׁמַארְץ,
אוּן צוּ גָאט בֶּעט אִיךְ טִיף פוּנֶ׳ם הַארְץ:
וָואס נִיטְצְט מַיין בְּלוּט, וֶוען אִיךְ וֶועל אִין גְרוּב גֵעהֶען,
לוֹיבְּט דֶען דִיךְ שְׁטוֹיבּ, גִיט דַיין וָוארְהַייט צוּפַארְשְׁטֵעהְן?
הָארְךְ, גָאט, אוּן גְנֶעדִיג מִיךְ וֶוען אִיךְ שְׁרַייּ,
גָאט, זַיי מַיין הֶעלְפֶער אוּן שְׁטֵעה מִיר בַּיי.
אוּן דוּ הָאסְט מַאכִי מִיךְ גֶעהֶערְט,
מַיין קְלָאג צוּם טַאנְץ אִיבֶּערְגֶעקֶעהְרְט,
אוֹיפְגֶעשְׁפִּילֶעט מַיין זַאק, מַיין טְרוֹיעֶרְקְלֵייד,
אוּן מִיךְ אָנְגֶעגוּרְט מִיט שִׂמְחָה, מִיט פְרֵייד״. (קי״)
אִיטְלִיכְס וָוארְט אִין דֶעם קַאפִּיטֶעל בֶּעזוּנְדֶער,
שִׁילְדֶערְט דָאס שְׁוֶועלְבֶּעלֶעס לֶעבֶּען גָאר וואוּנְדֶער.
נָאר כְּדֵי זַיין שִׁירָה זָאל נִיט אוֹיסקוּמֶען לַאנְג,
זָאגְט עָס דִי לֶעצְטֶע שׁוּרָה פוּנֶ׳ם גֶעזַאנְג:
„בְּכְדֵי צוּזִינְגֶען דַיין רוּהם, נִיט שְׁוַוייגֶען שְׁטִיל,
גָאט מַיין הַאר, אֵייבִּיג וֶועל אִיךְ דִיר דַאנְקֶען פִיל״.

רְחָמָה, כְּפִי אוּנְזֶערֶע גְרוֹיסֶע חֲכָמִים זָאגֶען,
זָאל רְחָמָה דֶעם נָאמֶען שְׁרַקְרַק טְרָאגֶען. (ק)
אוֹיף אַרַאבִּישׁ הֵייסְט שְׁרַקְרַק בִּינֶענְפְרֶעסֶער,
א פֵייגֶעל וָואס פוּן דֶער שְׁוַואלְבּ עֶפִּיס גְרֶעסֶער.

און ווענען צווישען זיך גלייך אין פיל זאכען,
בפרט נאך אין זייער געסט וואס זיי מאכען.
גאנצע מחנות פון דעם מין פויגעל צוגלייך,
גראבען לעבער ביי די ברעגען פונ'ם טייך,
וואוינען איינער פונ'ם אנדערען נישט ווייט,
ווי אין גרויסע שטעדט שטופען זיך צוגויף לייט.
אלע ביימער, וואס וואקסען נעבען ברעג דארט,
זענען בעדעקט מיט די פייגעל פון דעם סארט:
דער פליהט אוועק, דער קומט, זעצט זיך אנידער,
עס איז דארטען א רעש, א גערידער:
מען שמועסט, מען פייפט, די פערזאמלונג איז שטארק
עס רידעוועט זיך אזוי ווי אויף א מארק.
דער פייגעל פליהט גיך, זיינע פליגעל זעהר לאנג,
די פיס אבער זענען קורץ, נישט גוט צום גאנג.
„זיטצפיסלער" איז זיין פאמיליע דאריבער,
און האט ליב אויף ביימער צוזיצען ליבער:
די חכמים זאגען דריבער מיט פארשטאנד:
ווען ער וועט זיך זעצען אונטען אויפ'ן לאנד,
און דארט זיין שרקרק, שרקרק, פייפען גאנץ העל,
דענסמאל וועט משיח קומען אויף דער שטעל, קיא)
און וועט אויך פארזאמלען צו זיך מיט זיין ווארט,
די צוזייטע, צושפרייטע פון יעדען ארט,
ווי דער רחם, וואס גיט א פייף מיט זיין קול,
און רופט צוגויף די חברים אהן א צאהל.
אזוי איז דער שטייגער זיינער אין דער וועלט,
און מיט שכל איז איהם די שירה געשטעלט.

כּוֹסִית אוֹמֶרֶת. עֶזְרִי מֵעִם יְיָ עֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ:
צִפּוֹר אוֹמֶרֶת. גַּם צִפּוֹר מָצְאָה בַיִת וּדְרוֹר קֵן לָהּ

רַחֲמָה זָאגְט: „אַ פַייף גִיבּ אִיךְ זֵייא,
אוּן פַארְזַאמֶעל זֵיי מִיט מַיין גֶעשְׁרֵייא.
אִיךְ רוּף זֵיי צוּנוֹיף גַאנְץ פְרַייא אַהֶער,
קוּמֶען אַלְץ וָואס וַוייטֶער מֶעהר אוּן מֶעהר״.

כָּסִית. דֶעם נָאמֶען כָּסִית, וָואס דֶער טַייטְשׁ אִיז שְׁוֶועבֶּען,
פַאסְט נָאר דֶעם פַּארַאדִיזְפוֹיגֶעל צוּגֶעבֶּען.
וַוייל עֶר פְלִיהט אוּן שְׁוֶועבְּט אִין דֶער לוּפְט אַלֶע צַייט,
דְרִיבֶּער הָאבֶּען אַ מָאל אוֹיף אִיהם גֶעזָאגְט לַייט:
אַז עֶר קוּמְט גָאר פוּנֶ'ם גַן־עֵדֶן אַהֶער,
לֶעבְּט פוּן דֶער לוּפְט אַלֵיין, עֶסְט וַוייטֶער נִיט מֶעהר.
אוּן מַחֲמַת עֶר שְׁוֶועבְּט תָּמִיד אִין דֶער לוּפְט הוֹיךְ,
דַארְף עֶר קַיין פִיס, אוּן הָאט זֵיי טַאקִי נִיט אוֹיךְ. קיב)
דֶער כָּסִית, וָואס בֶּעקוּמְט גְלַייךְ פוּן גָאט זַיין בְּרוֹיט,
וָואס לֶעבְּט נִישְׁט אוֹיף דֶער עֶרְד אִין דַחֲקוּת אוּן נוֹיט,
אִיהם גֶעהֶער שְׁוֶועבֶּענְדִיג אִין דֶער לוּפְט אוֹיבֶּען,
מִיט דֶער דָאזִיגֶער שִׁירָה גָאט צוּ לוֹיבֶּען:
„מַיין הִילְף אִיז, זָאגְט עֶר שְׁוֶועבֶּענְדִיג טָאג אִי נַאכְט,
פוּן גָאט וָואס הָאט דִי הִימֶעל אוּן עֶרְד גֶעמַאכְט״.

צִפּוֹר. פוּן דִי אַלֶע מִינֵי פֵייגֶעל אַלֶערְלֵייא,
אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען גוּט בֶּעקַאנְט דֶער וָוארָאבֵּייא. קיג)
עֶר דְרֶעהט זִיךְ אָפְט נֶעבֶּען דִי הַייזֶער אַרוּם,
אוּן גֶעפִינְט זִיךְ נֶעבֶּען אִיטְלִיכְס הוֹיז אוּמְטוּם.

אֲשֶׁר שָׁתָה אֶפְרוֹחֶיהָ אֶת מִזְבְּחוֹתֶיךָ יְיָ צְבָאוֹת מַלְכִּי וֵאלֹהָי:
פְּרִיגְיוֹת אוֹמְרִים. יוֹדוּךָ יְיָ כָּל מַלְכֵי אָרֶץ כִּי שָׁמְעוּ אִמְרֵי פִיךָ:

ער זוכט ביי אונז זיך אויס אויף זיין נעסט איין אָרט,
לייגט אייער און זיצט אויס זיינע קינדער דאָרט.
ווי דאָס שוועלבעלע, וואָס האלט ביי אונז זיך אויף,
און שטעלט אַ נעסט זיך אויף די פענסטער אַרויף.
דער וואָראָבײ, וואָס איז אַ קליין בעשעפניש,
דאָך מיט גאָטס חסד האָט ער זיין בעדערפניש,
ער טרעט דאָ מיט אַ שירה צו גאָט אַרויס;
ער פישטשעט, שווישטשעט אַזוי זיין שירה אויס:
„אי דער וואָראָבײ געפינט זיך אַ הויז אויך,
און דאָס שוועלבעלע זיך אַ נעסט אין דער הויך.
ער פיהרט בשלום דאָרטען אויס זיינע פליגען,
און לעבט ברוך השם גליקליך צופרידען".
פּרוּגִיוֹת. אַ משפחה פייגעל איז דאָ יחסנים,
וואָס האָבען אין דער וועלט זעהר אַ שיין פּנים:
פאַר זייער זיס קולכען, פאַר זייער געשריי,
און מיט דעם נאָמען פּריגילין רופט מען זיי. קיד)
צוויישען זיי זענען דאָ בעריהמטע זינגער,
וואָס פון זייער געזאַנג לעקט מען די פינגער:
דער שטיגליץ, דער צייזיג וואָס אין אונזער קאַנט,
דאָס קאַנאַרעקיל, וואָס איז אומטום בעקאַנט.

תַּרְנְגוֹל בְּשָׁעָה שֶׁבָּא הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא אֵצֶל הַצַּדִּיקִים בְּגַן עֵדֶן מְרַנְּנִין כָּל אִילָנֵי גַן עֵדֶן וְאָז גַּם הוּא מִתְעוֹרֵר וּמְשַׁבֵּחַ: בְּקוֹל רִאשׁוֹן אוֹמֵר. שְׂאוּ שְׁעָרִים רָאשֵׁיכֶם וְהִנָּשְׂאוּ פִּתְחֵי עוֹלָם וְיָבֹא מֶלֶךְ הַכָּבוֹד: מִי

נאך און נאך אזעלכע פייגעליך זעהר פיל,
וואס גיבען קאנצערט און זינגען מיט געפיהל,
וואס שפילען אי פייפען, קנאקען און שאלען,
ביי פירשטען און ביי קררות אין די זאלען.
אט די מיני פייגעל, וואס זינגען עק וועלט,
וואס יעדער האט פון זיי הנאה און קיוועלט,
זיי לויבען גאט, וואס מאכט זייער קול געשמאק,
און זאגען איהם אזא שירה מיט דעם קנאק:
„מלכים פון דער ערד לויבען דיך, גאט, מיט פרייד,
אז זיי הערען פון דיין מויל די זיסע רייד״.

תרנגול. בשעת עס קומט נאר פון האלבע נאכט די צייט,
ווייעט דענסמאל א ווינטעל פון צפון־זייט. קטו)
דעם האהן אונטער די פליגעל בעריהרט דער ווינד,
ער חאפט זיך די רגע אויף און קרעהט געשווינד.
אין דער צייט קומט גאט אין גן־עדן אריין,
מיט די צדיקים זיך משמח צו זיין.
און ווי באלד ער קומט נאר אריין אין דעם ארט,
זינגען די ביימער און די צדיקים דארט. קטז)
גבריאל דעם מלאך ריהרט דער ווינד פריהער אן
און ער שרייט זעקס קולות אוים דארט אויבענאן.

זה מלך הכבוד יי עזוז וגבור יי גבור מלחמה: בקול
שני אומר. שאו שערים ראשיכם ושאו פתחי עולם
ויבוא מלך הכבוד: מי הוא זה מלך הכבוד יי צבאות
הוא מלך הכבוד סלה: בקול שלישי אומר. עמדו צדיקים

---

גבריאל, וואס איז פון גאט דאראויף געשטעלט,
צופארשרייבען אלץ, וואס טהוט זיך אין דער וועלט,
ער טרעט באלד נאך די קולות זיינע ארויס,
און רופט די מעשים פון אלע מענשען אויס. •
פון איהם קומט נאכדעם דער ווינד צום האן אהער,
וואס הייסט מיט דעם נאמען גבר (זעלייך יי ער. קז)
אי אויבען אי אונטען ווערד א געטימעל,
גבריאל, גאטס האן, שרייט קולות אין הימעל:
און דא אונטען קרעהט דער גבר, אונזער האן, קח)
וואס האט אויך מיט די מענשענס מעשים צוטאן; קט)
דען פון אייביג אן איז דאך דעם האנס שטייגער,
צוזאגען מענשען די צייט ווי א זייגער.
דער האן גיט די שירה פון אויבען איבער,
ער קרעהט און זאגט אויך די ווערטער דאריבער:
מיט דעם ערשטען קריי,
גיט ער א געשריי:
„טויערען הייבט אויף,
אייערע קעפ ארויף.
און דערהייבט זיך טהירען וואס אייביג שטעהן,
לאז דער מלך הכבוד אריינגעהן:

## וְעִסְקוּ בַתּוֹרָה כְּדֵי שֶׁיִהְיֶה שְׂכַרְכֶם כָּפוּל לְעוֹלָם הַבָּא:

װער איז דאָס דער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד, װער?
גאָט דער שטאַרקער, דער גִבּוֹר, דאָס איז ער
גאָט דער גִבּוֹר, דער העלד
אויף דעם מִלְחָמָה־פעלד".
מיט דעם צװײטן קְרַײ,
גיט ער אַ געשרײ:
„טױערן הײבט אויף,
אײערע קעפּ אַרויף,
און דערהײבט זיך טױערן װאָס אײביג שטײען,
לאָז דער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד אַרײַנגײען.
װער איז דאָס דער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד, װער?
גאָט איבער אַלע הערשאַרן דער הער,
ער איז דער מֶלֶךְ פון כָּבוֹד און רוהם,
אויף אויביג אין אַלע װעלטן אומטום".
אין דעם װינטעל, װאָס נאָך האַלבע נאַכט װײהעט,
און אין דעם קול פון אונזער האָן װאָס קְרַײעהעט,
הערט זיך צו די טױערן פון מִזְרַח אַ זאָג:
„גאָט געהט אין זײַן גאָרטן צום זײַט פּנים טאָג. (קכ)
עפנט זיך, איהר טױערן, װאָס אײביג שטײען,
לאָז דער מֶלֶךְ הַכָּבוֹד אַרײַנגײען.
עפענט זיך, טױערן, קוּקְרִיקוּ, קוּקוּרִיק,
און לאָז גאָטס מאָרגענשטערען געבען אַ בליק". (קכא)
מיט דעם דריטן קְרַײ,
גיט ער אַ געשרײ:

בְּקוֹל רְבִיעִי אוֹמֵר. לִישׁוּעָתְךָ קִוִּיתִי יְיָ: בְּקוֹל חֲמִישִׁי אוֹמֵר: עַד מָתַי עָצֵל תִּשְׁכָּב מָתַי תָּקוּם מִשְּׁנָתֶךָ: בְּקוֹל שִׁשִּׁי אוֹמֵר. אַל תֶּאֱהַב שֵׁנָה פֶּן תִּוָּרֵשׁ פְּקַח עֵינֶיךָ שְׂבַע

„שְׁטֵעהט אוֹיף, צַדִּיקִים, לֶערְנֶען תּוֹרָה, דֶערְפַאר,
וֶועט אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט טָאפֶּעל זַיין אַייער שְׂכַר".
מִיט דֶעם פֶערְטֶען קְרֵיי
גִּיט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי:
„אִיךְ הָאף, דֶער אוֹיבֶּערְשְׁטֶער וֶועט צוּ דַיין הִילְף זַיין, קכנ)
אוֹיב דוּ שְׁטֵעהְסְט אוֹיף, וֶוען עֶס גִּיט נָאר אַ שַׁיין".
אוּן צוּ דֶעם, וָואס שְׁטֵעהט אוֹיף פְרִיה פִּינְף אַ זֵייגֶער,
נָאר לִיגֶען אוֹיפֶ'ן בֶּעטֶעל אִיז זַיין שְׁטֵייגֶער,
עֶר לִיגְט, פוּילְט זִיךְ פוּנִ'ם בֶּעט צוּגֶעהן אַרָאפּ,
אִיהם מוּסֶרְט אוּנְזֶער הָאן אוּן זִידֶעלְט גוּט אָפּ.
מִיט דֶעם פִּינְפְטֶען קְרֵיי
גִּיט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי:
„בִּיז וַואנֶען, פוּילֶער, וֶועסְט דוּ זִיךְ לִיגֶען נָאךְ,
וֶוען וֶועסְט דוּ שׁוֹין אוֹיפְשְׁטֵעהְן, אַרָאפְּקְרִיכֶען דָאךְ".
אוּן צוּ דֶעם וָואס הָאט לִיבּ צוּשְׁלָאפֶען אַ סַךְ,
דֶער זֵייגֶער הַאלְט זֶעקְס אוּן עֶר הֶערְט נִישְׁט קֵיין זַאךְ,
חְרָאפֶּעט אוֹיף זַיין גֶעלֶעגֶער גֶעשְׁמַאק אוּן שְׁלָאפְט,
קוּקוּרִיקוּ שְׁרֵייעֶט אִיהם דֶער הָאן אוּן שְׁטְרָאפְט.
מִיט דֶעם זֶעקְסְטֶען קְרֵיי,
גִּיט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי:
„לִיבּ נִישְׁט דֶעם שְׁלָאף, וֶועסְט לֵיידֶען אָרֶעמְקַייט אוּן נוֹיט
עֶסֶען דַיינֶע אוֹיגֶען וֶועסְט דוּ הָאבֶּען בְּרוֹיט".

לָהֶם: בְּקוֹל שְׁבִיעִי אוֹמֵר. עֵת לַעֲשׂוֹת לַיְיָ הֵפֵרוּ תּוֹרָתֶךָ:
יוֹנָה אוֹמֶרֶת. כְּסוּס עָגוּר כֵּן אֲצַפְצֵף אֶהְגֶּה כַּיּוֹנָה דַּלּוּ
עֵינַי לַמָּרוֹם יְיָ עָשְׁקָה לִּי עָרְבֵנִי: אוֹמֶרֶת יוֹנָה לִפְנֵי

דִי אָבֶער וָואס שְׁלָאפֶען אוֹיפְ'ן טָאג אַוֶועק,
רִיהרֶען זִיךְ נִיט אֲפִילוּ וֶועק זֵיי און וֶועק;
אוֹיף זֵיי צוּבֵּייזֶערְט זִיךְ שְׁרֶעקְלִיךְ אוּנְזֶער הָאן,
גָאטְס שְׁטְרָאף און פִיל פוּרְעָנוּת קְרֵעהט עֶר זֵיי אָן.
מִיט דֶעם זִיבְּטֶען קְרֵיי,
גִיט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי:
„צוּטָאן אַ מִשְׁפָּט אִיז דָא צוּ גָאט אַ צַייט,
פַארְטְשֶׁעדְט הָאבֶּען זֵיי דַיין תּוֹרָה אָט דִי לַייט". קכג)

יוֹנָה, דִי טוֹיבּ אִיז אַ מְפוּרְסֶמֶת, יֶעדֶען בֶּעקַאנְט,
זִי גֶעפִינְט זִיךְ אוּמֶעטוּם אִין אִיטְלִיכֶען לַאנְד.
דִי מַעֲלוֹת אִיהרֶע ווֵייסְט יֶעדֶער בֶּעזוּנְדֶער,
זִי אִיז מָלֵא חֵן און וָוארְקֶעט גָאר וואוּנְדֶער.
אִיהר וָוארְקֶען, דַאכְט זִיךְ, אִיז גָאר פָּשׁוּט אוֹיךְ שְׁטִיל
אִין דֶעם לִינְט אָבֶּער גְרוֹיס לִיבְּשַׁאפְט און גֶעפִיהל.
דָאס זִינְגְט זִי אִיהר גֶעלִיבְּטֶען שֵׁיינֶע לִידֶער,
וָואס צוּגֵעהֶען זִיךְ אִיהם אִין אַלֶע גְלִידֶער,
זִי לִיבְּט זֶעהר שְׁטַארְק, אִיז דֶעם גֶעלִיבְּטֶען גֶעטְרַיי, קכד)
אִין לִיבְּשַׁאפְט וִויל מֶען גֶענִיסֶען, לֶעבֶּען פְרֵיי,
וָואס גָאט גִיט אַבִּי מִיט דֶעם פְרַיינְד אִינְאֵיינֶעם,
און נִיסְט בֶּעדַארְפֶען אָנְקוּמֶען צוּ קֵיינֶעם.

הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא. רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם יִהְיוּ מְזוֹנוֹתַי מְרוֹרִים כְּזַיִת בְּיָדְךָ וְאַל יִהְיוּ מְתוּקִים כִּדְבַשׁ עַל יְדֵי בָּשָׂר וָדָם:

דְרִיבֶּער אִיז אִיהר נִיט לִיבּ צְווִיטְשֶׁען בְּסֵדֶר,
וִוי דִי הִינֶער פַארְשְׁפַּארְט אִין מֶענְשֶׁענְס חֶדֶר. קכה)
זִי מֶעג דָארְט הָאבֶּען בְּרוֹיט מִיט דֶעם פוּלֶען טוֹיל,
פֶּע אַזַא בְּרוֹיט, וָואס מַאכְט אָפְּהֶעגְדִיג אִי פוֹיל.
זִי בֶּעדַארְף שְׁטְרֶעבֶּען פְרַיי, שֶׁעפֶּען פְרִישֶׁע לוּפְט,
קוּם אַרוֹיס, מַיין גֶעלִיבְּטֶער, זָאגְט זִי אוּן רוּפְט.
קוּם, מַיין גֶעלִיבְּטֶער, אַרוֹיס אוֹיף דִי פֶּעלְדֶער,
אִין דֶערְפֶער לָאמִיר פְלִיהֶען אוּן אִין וָועלְדֶער.
אִין דִי וַויינְגֶערְטְנֶער אַהִין קוּם אִין דֶער פְרִיה,
וְעהְן וִוי דֶער וַוייִנְשְׁטָאק בְּלִיהט לָאמִיר טָאן אַ פְלִיה,
דָארְט, נְשָׁמָה, וֶועל אִיךְ דִיר מַיין לִיבְּשַׁאפְט גֶעבֶּען,
מִיר וֶועלֶען וָוארְקֶען, זִיךְ קוּשֶׁען אוּן לֶעבֶּען. קכו)
פִיל בֶּעסֶער אִיז דָארְטֶען דִי פְרוּכְט פוּן דֶערְנֶער,
וִוי צְווִיטְשֶׁען פַארְשְׁפַּארְט אוּן פִּיקֶען קֶערְנֶער.
דִי טוֹיבּ גִיט דִי רֵייד אִין אִיהר שִׁירָה אִיבֶּער,
.י וָוארְקֶעט דָא אַזוֹי אִיהר שִׁירָה דְרִיבֶּער:
„וִוי אַ פֶערְד הִירְזֶעט אִיז גְלַייךְ דָאס פִישְׁצֶען מַיינְס, קכז)
אִיךְ בְּרוּם וִוי אַ טוֹיבּ מִיט אַ קוֹל נִיט קֵיין פַיינְס.
נָאר מַיינֶע אוֹיגֶען הֵייבּ אִיךְ צוּם הִימֶעל אוֹיף,
אוּן מַיין גֶעלִיבְּטֶער קוּקְט כְּלַל נִישְׁט דַארוֹיף.
גָאט בֶּערוֹיבְּט מִיךְ אֱמֶת, מַיין קוֹל אִיז נִיט שֵׁיין,
דֶערְפַאר מַאכְט עֶר פֶּס זִיס, גֶעשְׁמַאק, מָלֵא חֵן.

**תָּבִיל (נ"א חָסִיל) אוֹמֵר. יְיָ אֱלֹהַי אַתָּה אֲרוֹמִמְךָ אוֹדֶה שִׁמְךָ כִּי עָשִׂיתָ פֶּלֶא עֵצוֹת מֵרָחוֹק אֱמוּנָה אֹמֶן:**

רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, זָאגְט דִי טוֹיב וַוייטֶער:
בֶּעסֶער לָאז מַיינֶע שְׁפַּייז זַיין בִּיטֶערֶע קְרַייטֶער,
אַבִּי מִיט דַיין הַאנְד, אוֹיבֶּערְשְׁטֶער, זַיי מִיךְ מְזַכֶּה,
אֵיידֶער זִיסֶע וִוי הָאנִיג אוּן גֶעשְׁמַאקֶע,
נָאר דוּרְךְ אַ מֶענְשֶׁען, וָואס עֶר אִיז פְלֵייש אוּן בְּלוּט,
דִי גָאבּ פוּן אַ בָּשָׂר וָדָם אִיז נִישְׁט גוּט.

תָּבִיל. פוּן נֹחַ'ן אָן בִּיז שְׁפֶּעטֶער אִין אוּנְזֶער צַייט,
אִיז דִי טוֹיב אוּמְטוּם אַ שָׁלִיחַ בַּיי לַייט. (קכח)
זִי טְרָאגְט גִיךְ וִוי אַ בְּלִיץ אִין וַוייטֶע עֶרְטֶער,
שָׁלוֹם־לְאֲהוּבִי־בְּרִיף, עֵצוֹת אוּן וֶוערְטֶער.
זִי הֵייבְּט דֶערְמִיט זִיךְ אוֹיף הוֹיךְ אִין הִימֶעל דָארְט,
פְלִיהט גֶעשְׁווִינְד בִּיז זִי קוּמְט צוּם בֶּעשְׁטִימְטֶען אָרְט,
אוּן גִיט אִיבֶּער דִי דֶעפֶּעשֶׁען גַאנְץ גֶעטְרַיי,
אִי אָהן אַ גְרָאשֶׁען פָּאסְט–פָּארְטֶע פְרַאנְק אוּן פְרַיי.
דֶער תָּבִיל אֵיינֶער פוּן דִי מִינֵי טוֹיבֶּען, (קכט)
עֶר אִיז דָאס דֶער בְּרִיפְטְרֶעגֶער וִוי מִיר גְלוֹיבֶּען,
דִי שִׁירָה זַיינֶע אִיז צוּהֶערֶען אַ פְרֵייד,
אַזוֹי זָאגְט דֶער תָּבִיל, דָאס אִיז זַיינֶע רֵייד:
„גָאט מַיין הַאר, דֶערְהֵייבֶּען וִויל אִיךְ דִיךְ מִיט אַ לִיר,
לוֹיבֶּען דַיין נָאמֶען, וָואס דוּ טְהוּסְט ווֹאוּנְדֶער מִיט מִיר.
דִי עֵצוֹת אוּן יְדִיעוֹת וָואס פוּן דֶערְוַוייטֶען,
קוּמֶען פִּינְקְטְלִיךְ אָן זִיכֶער אִי בֶּעצַייטֶען",

דַּצִיפֹּרִי (נ״א אוּנְכִּי) אוֹמֶר. נַחֲמוּ נַחֲמוּ עַמִּי יֹאמַר אֱלֹהֵיכֶם:

אַוָּז הַבַּיִת אוֹמֶרֶת. הוֹדוּ לַיְיָ קִרְאוּ בִשְׁמוֹ הוֹדִיעוּ בָעַמִּים

דַצִיפֹּרִי. „מַיין גֶעלִיבְּטֶער רוּפְט זִיךְ אָן אוּן זָאגְט צוּ מִיר"
אַזוֹי שְׁטֵעהט דָארְטֶען אִין דֶעם בֶּערִיהמְטֶען שִׁיר.
„שְׁטֵעה־אוֹיף, מַיין טְהַייעֶרֶע, אוּן גֵעה פְרַיי אַרוֹיס,
דֶער ווִינְטֶער אִיז אַוֶועק, דֶער רֶעגֶען שׁוֹין אוֹיס.
בְּלוּמֶען שְׁפְּרָאצֶען, פוּן זִינְגֶען אִיז אִיצְט דִי צַייט,
פוּן דֶער טִירְקֶעלְטוֹיבּ דָאס קוֹיל הֶערְט זִיךְ דָא וַוייט. קל)
זִי קוּמְט פוּן דֶער פְרֶעמְדֶער צוּרִיק נָאךְ תְּחִלַּת מַאי,
אוּן זָאגְט דִיר: גֵעה אוֹיךְ פוּן גָלוּת אַרוֹיס פְרַיי".
דָאס קוֹל פוּן דֶער טִירְקֶעלטוֹיבּ, שְׁטֵעהט אִין אֵיין אָרְט,
דָאס אִיז פוּנ'ם מָשִׁיחַ דָאס קוֹל, דָאס וָוארְט. קלא)
דִי דַצִיפֹּרִי, פוּן דֶער טִירְקֶעלְטוֹיבּ אַ מִין, קלב)
זָאגְט שִׁירָה אוּן לֵייגְט אַרַיין חָכְמָה דַארִין.
זִי זָאגְט דָאס, וָואס אִיהר גֶעהֶער, וָואס זִי ווֵייסְט,
„מַיין פָאלְק, אַזוֹי זָאגְט אַייעֶר גָאט, טְרֵייסְט, טְרֵייסְט".

אַוָּז הַבַּיִת. דִי גַאנְז הָאט אַ פִּיסְק אוֹיף שְׁרוֹיפֶען, שְׁרַייעֶן־שְׁטַארְק,
שְׁרַייעֶט אַזוֹי ווִי דִי וַוייבֶּער אוֹיפֶ'ן מַארְק.
מִיט אִיהר גֶעשְׁרֵיי הָאט זִי רוֹים מַצִּיל גֶעוֶועזֶן.
דִי מַעֲלָה דֶערְפוּן אִיז אָט אַזוֹי גֶעשֶׁעהֶן:
בְּשַׁעַת אִין דִי הֶענְד פוּן דֶער אוּמָה גַאלֶען,
אִיז דִי שְׁטָאדְט רוֹים אַ מָאל אַרַיינְגֶעפַאלֶען,

עֲלִילֹתָיו: שִׁירוּ לוֹ זַמְּרוּ לוֹ שִׂיחוּ בְּכָל נִפְלְאוֹתָיו:

הָאבֶּען דִי רוֹימֶער זִיךְ פַארְשְׁלָאסֶען דֶענְסְמָאל,
אִין זֵייעֶר בֶּערִיהמְטֶען טְהוּרֶעם קַאפִּיטָאל.
אֵיינֶער פוּנֶ'ם שׂוֹנֵא אִיז אֵיינְמָאל בַּיי נַאכְט
אַרוֹיף אוֹיפֶ'ן טְהוּרְם, וָואס נִיט גֶעוֶוען בֶּעוַואכְט.
אַלֶע הָאבֶּען דָארְט גֶעשְׁלָאפֶען רוּהִיג-שְׁטִיל,
קַיין הוּנְד אֲפִילוּ הָאט נִישְׁט גֶעטָאן אַ בִּיל.
דִי גֶענְז אָבֶער וָואס דָארְט הָאבֶּען דֶערְהֶערְט בַּאלְד,
אוּן אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּשְׂרַייעֶן שְׁרֶעקְלִיךְ גְוַואלְד.
אוֹיפְגֶעחַאפְּט הָאבֶּען דִי רוֹימֶער זִיךְ גְעשְׁווִינְד,
זִיךְ גֶעלָאזְט אוֹיפֶ'ן פַיינְד נִיכֶער פוּנֶ'ם ווִינְד.
דִי אַלֶע פַיינְד שְׁטַארְק גֶעשְׁלָאגֶען, פַארְטְרִיבֶּען,
אוּן דִי גֶענְז דֶערְפַאר אִין פִּינְקַס פַארְשְׁרִיבֶּען.
בִּכְדֵי אִין דוֹר דוֹרוֹת לָאזֶען וִויסֶען לַייט,
וָואס דָאס שְׂרַייעֶן פוּן דִי גֶענְזְלִיךְ בֶּעטַייט. קלג)
דְרִיבֶּער אַז אֵיינֶער זֶעהט אַ גַנ׳ חָלוֹם,
זָאגֶען דִי חֲכָמִים עֲלֵיהֶם הַשָּׁ"ל ג,
לָאז עֶר הָאפֶען חָכְמָה צוּבֶּעקוּמֶען גָאר;
דֶען עָס שְׁטֶעהט, דְרִינֶגֶען זֵיי פוּן פָּסוּק אוּיס קְלָאר,
דִי חָכְמוֹת שְׂרַייעֶן אוֹיף דֶער גַאס פַארְשְׁטֶענְדִיג, קלד)
אוּן שְׂרַייעֶן שְׂרַייט דָאךְ דִי גַאנְז אוֹיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג.
אִם־כֵּן אַז דִי גַאנְז שְׂרַייעֶט אוֹיף אַ קוֹל הֵייךְ,
אוּן דֶערְצוּ בֶּעוַוייזְט זִי נָאךְ אוֹיף חָכְמָה אוֹיךְ, קלה)
גֶעהֶער דָאךְ אִיהר טַאקִי נָאךְ אַזַא חֲקִירָה
אוֹיסצוּשְׂרַייעֶן אוּן צוּזָאגֶען דִי שִׁירָה:

# אַוָז הַבָּר הַמְשׁוֹטֶטֶת בַּמִדְבָּר כְּשֶׁרוֹאָה אֶת יִשְׂרָאֵל עוֹסְקִין בַּתּוֹרָה אוֹמֶרֶת . קוֹל קוֹרֵא

„לויבּט צו גָאט, שְׁרַייעָט אוים זַיין נָאמֶען און רוהם,
דֶערְצֵעהלְט זַיינֶע מַעֲשִׂים. די פֶּעלְקֶער אוּמְטוּם.
זִינְגְט און שְׁפִּילְט צו אִיהם אִיטְלִיכֶער בֶּעזוּנְדֶער,
שְׁרַייעָט און דֶערְצֵעהלְט אַלֶע זַיינֶע וואוּנְדֶער".

אַוָז הַבָּר. אַ מַעֲשֶׂה דֶערְצֵעהלְט רַבָּה בַּר בַּר חָנָה,
וָואס אִין אִיהר לִיגְט זֶעהר אַ טִיפֶע כַּוָנָה:
אִין דֶער מִדְבָּר זֶענֶען מִיר אַ מָאל גֶעוֶוען,
און אויף דֶער רֵייזֶע דָארְט יֶענֶע גֶענְז גֶעזֶעהן,
וָואס זֶענֶען מִיט שְׁמַאלְץ גֶעוֶוען אָפְּגֶעגָאסֶען,
און אוּנְטֶער זֵיי אִיז טַייכֶען שְׁמַאלְץ גֶעפְּלָאסֶען.
פַאר פֶעטְקַייט פַאלֶען די פֶּעדֶערֶען אַרוים,
זֵיי הַאלְטֶען דָאס גֶעבִּיךְ קוים מִיט צָרוֹת אוים:
די שוּלְד לֵייגְט מֶען אויף די יִשְׂרָאֵל אַרויף,
זֵיי הַאלְטֶען מִיט זֵייעֶרֶע זִינְד מָשִׁיחַ'ן אויף,
ער קֶען נִישְׁט קוּמֶען און מַאכֶען די סְעוּדָה,
מְכַבֵּד זַיין מִיט אַ גֶעבְּרָאטֶענְס גַאנְץ יְהוּדָה.
דֶערְוַוייל לַיידֶען די גֶענְז, זֵיי אִיז וֵועה און וִוינְד,
זֵיי לֶעבֶּען און לַיידֶען פַאר יִשְׂרָאֵל'ס זִינְד. קלו)
די אִידְיֶע גַאנְז וָואס פְלִיהט אִין מִדְבָּר אַרוּם,
וֶוען זי זֶעהט די יִשְׂרָאֵל לֶערְנֶען אוּמְטוּם,

בַּמִּדְבָּר פַּנּוּ דֶּרֶךְ יְיָ יַשְּׁרוּ בָּעֲרָבָה מְסִלָּה לֵאלֹהֵינוּ:
עַל מְצִיאוּת מִזּוֹנוֹתֶיהָ בַּמִּדְבָּר אוֹמֶרֶת. אֲרוֹר הַגֶּבֶר

ווען זי שׁירה מיט א גרויס שׂמחה און פרייד,
רופט משׁיח זאל שוין קומען מיט די רייד:
„א קול רופט אין דער מדבר, ראמט דעם הארם וועג,
גלייך מאכט אין דער וויסטע אונזער גאט א שטעג״.
און מכח איהר שפּייז אין דער מדבר דארט,
זאגט די ווילדע גאנז באמת א גלייך ווארט:
איהר קרובה, די שטוב־גאנז, ווייזט זי, איז א נאר,
דערמיט וואס זי מאכט דעם מענשען פאר איהר האר.
אז אך און וועה דיר, מיין טהייערע קרובה,
וואס דו קוקסט ארויס אויף׳ן מענשענס טובה
ער גיט דיר אמת טאקי עסען האבער,
נאר דיין הייטעל, נאר, מיינט ער דערמיט אבער׳
ער האדעוועט דיך פון ארבעל מיט זיין ברויט,
כדי צו נעהמען פון דיר ירושה נאך׳ן טויט:
ער מיינט גאר דיין פלייש, דיינע גריוועץ, דיין שמאלץ,
פון זיינטוועגען, נארעלע, טהוט ער עס אלץ.
אומזיסט וויל קיינעם דער מענש קיין טובה טאן,
אי זיין איינענער ברודער געהט איהם נישט אן.
לעק דיר דארט ביי מענשען די טעלער, די טעפ,
און איך וויל מיך בעסער לעבען דא אין סטעפ.
גאט שפּייזט מיך מיט חסד ווי ער שפּייזט די ראב,
אמת ניט טאקי איז נאר פון גאט די גאב.

אֲשֶׁר יִבְטַח בָּאָדָם: בָּרוּךְ הַגֶּבֶר אֲשֶׁר יִבְטַח בַּיְיָ וְהָיָה יְיָ מִבְטַחוֹ:

„פַארְפְלוּכְט אִיז דֶער וָואס הָאפְּט אוֹיף אַ מֶענְשֶׁען,
דֶער וָואס צוּ גָאט הָאפְּט, אִיהם מֶעג מֶען בֶּענְשֶׁען“.



## פרק ששי

## שְׁרָצִים אוֹמְרִים. יְהִי כְבוֹד יְיָ לְעוֹלָם יִשְׂמַח יְיָ בְּמַעֲשָׂיו:

שְׁרָצִים. דִי שְׁרָצִים לִיגְען בַּאהַאלְטֶען אוּן בֶּעגְרָאבֶּען,
קֵיינֶער וִיל מִיט זֵיי קֵיין מַגָע-מַשָׂא הָאבֶּען.
וֶוענֶען אִין דֶער מִשְׁפָּחָה בֶּעשֶׁעפְּנִיש אַ פְּלֶעק,
מֶען וַוייכְט זֵיי וִוי אַיין עִפּוּשׁ, שְׁפַּייעט אוֹיף זֵיי קְלָעק;
נָאר לָאז מֶען אָבֶּער קוּקֶען אִין תּוֹךְ אַרַיין,
אִיז בְּשׁוּם אוֹפָן נִישְׁט רֶעכְט זֵיי מְבַזֶה צוּ זַיין.
גָאט הָאט דָאךְ אוֹיךְ זֵיי בֶּעשַׁאפֶען מִיט זַיין הַאנְד,
אִי אִין זֵיי זֶעהט מֶען גָאטִס כָּבוֹד אוּן פַארְשְׁטַאנְד,
עֶר הָאט זֵיי גֶעמַאכְט אַזוֹי וִוי אִיהם גֶעפֶעלט,
גְלַייךְ מִיט דִי אַלֶע בֶּעשֶׁעפְּנִיש אוֹיף דֶער וֶועלְט,
גָאט פְרֵייעט זִיךְ, הָאט הֲנָאָה אוֹיךְ פוּן זֵיי
וִוי פוּן דִי אִיבְּרִיגֶע בְּרוּאִים אַלֶערְלֵיי.
דַארִיבֶּער צוּשְׁפַּייעֶן אוֹיף זֵיי מְהוּט מֶען שְׁלֶעכְט,
אַלְסדִינְג וָואס גָאט הָאט גֶעמַאכְט אִיז גוּט אִי רֶעכְט. קח)
דִי דָאזִיגֶע רֵייד, דִי אֵייגֶענֶע חֲקִירָה
זָאגֶען דָא דִי שְׁרָצִים אָט אִין דֶער שִׁירָה:
„לָאז גָאטְס כָּבוֹד אֵייבִּיג זַיין אִין דֶער וֶועלְט,
גָאט פְרֵייעט זִיךְ מִיט זַיינֶע וֶוערְק אוּן קְוֶועלְט.

# אֱלִים שֶׁבַּשְּׁרָצִים אוֹמְרִים. אֶשְׁתְּךָ כְּגֶפֶן פֹּרִיָּה בְּיַרְכְּתֵי בֵיתֶךָ בָּנֶיךָ כִּשְׁתִלֵי זֵיתִים סָבִיב לְשֻׁלְחָנֶךָ:

אֱלִים שֶׁבַּשְּׁרָצִים. אַלֶע שְׁרָצִים הָאבֶּען פִיל קִינְדֶער
אַ שְׁרֶעק קלח)

דִי קְלֵיינֶע לֵייגֶען אֵייעֶר אוּן מִיט אֵיין שָׂק,
וָואס פוּן זֵייעֶרֶע קִינְדֶער וֶועט דֶערנָאךְ זַיין,
דָאס קוּמְט זֵיי אִין דֶער מַחֲשָׁבָה נִיט אַרַיין.
אַבִּי זֵיי לֵייגֶען אֵייעֶר אוּן זֵייעֶרְם גֶעטָאן,
אוּן וַוייטֶער גֶעהֶער זִיךְ מִיט זֵיי גָארְנִישְׁט אָן.
צוּ זַיין דִי קִינְדֶער אַ מוּטֶער, אַ פָאטֶער,
דֶערְפוּן זֶענֶען זֵיי בִּכְלַל אַלֶע פָּטוּר.
דִי מִינִים, וָואס זֶענֶען שְׁטַארְקֶער אִי גְרֶעסֶער,
זֶענֶען שׁוֹין אִין דֶער זַאךְ אַבִּיסֶעל בֶּעסֶער.
אַ טְהֵייל זֶענֶען עָלְטֶערֶען זֵעהר גֶעטְרַייעֶ,
אוּן מִיט זֵייעֶר הוֹיזְגֶעזִינְד זִיךְ גָאר מְחַיֶה.
מַאכֶען זִיךְ אַ הַייזֶעל עֶרְגִיץ אִין אֵיין אָרְט,
דָאס וַוייבּ פְלָאדֶעט אַ זֶעטְצֶעל קִינְדֶער אָן דָארְט,
גִיבֶּען זִיךְ בֶּעשְׁטֶענְדִיג מִיט דֶעם קְלֵיינְוַוארְג אָפּ,
בִּיז זֵיי גֵעהֶען אוֹיף אֵייגֶענֶע קֶעסְט אַרָאפּ.
אָט גֶעהמְט, אַ שְׁטֵייגֶער, לְמָשָׁל דֶעם גְרוֹיסֶען שְׁטְשֶׁער, קלט׳
דֶעם טְחוֹר אִי דֶעם מַארְדֶער וּכְדוֹמֶה נָאךְ מֶעהר,
זֵיי זֶענֶען בֶּעפַאלֶען מִיט קִינְדֶער אַ סַךְ,
אוּן הַאלְטֶען אַלֶע אוֹיס מִיט אִיטְלִיכֶער זַאךְ.

## צְפַרְדֵּעַ אוֹמֶרֶת. בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ לְעוֹלָם וָעֶד.

דִי שְׁרָצִים, טַאטֶעס פוּן אַ וֶעטְצֶעל קִינְדֶער,
זֵיי זָאגֶען דְרִיבֶּער דִי שִׁירָה גָאר ווִינְדֶער:
„ווִי אַ וַויינְשְׁטָאק, וָואס גִיט פִיל טְרוֹיבֶּען אַרוֹיס,
זֶעהט אִין דִי ווִינְקֶלֶען פוּנֶ'ם שְׁטוּב דַיין וַוייבּ אוֹיס.
ווִי צְוַויינְגְלִיךְ פוּנֶ'ם אֵיילְבֶּערְטְבּוֹים, גְרִין אִי פְרִישׁ,
זִיצֶען דַיינֶע קִינְדֶערְלִיךְ אַרוּם דַיין טִישׁ".

צְפַרְדֵּעַ. בְּשַׁעַת יַעֲקֹב, אַזוֹי שְׁטֵעהֶעט גֶעשְׁרִיבֶּען,
הָאט פַארֶ'ן טוֹיט זַיינֶע קִינְדֶער פַארְקְלִיבֶּען,
אוּן הָאט גֶעוָואלְט זֵיי דֶעם קֵץ מְגַלֶה זַיין קְלָאר,
הָאט דִי שְׁכִינָה פוּן אִיהם זִיךְ אָפְּגֶעטָאן גָאר.
דָאס הָאט אִיהם גֶעעֶרְגֶערְט, שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעקְרֵיינְקְט,
אֶפְשֶׁר אִיז פַארְהַאן אַ פְּסוּל, הָאט עֶר גֶעדֵיינְקְט,
צְוִוישֶׁען דִי קִינְדֶער מַיינֶע וָואס זֶענֶען דָא,
דִי אֱמוּנָה אִין גָאט אִיז בַּיי זֵיי נִיטָא.
דִי קִינְדֶער הָאבֶּען בַּאלְד אַלֶע מִיט אַ מָאל
שְׁמַע יִשְׂרָאֵל גֶעשְׁרִיגֶען הוֹיךְ אוֹיף אַ קוֹל:
מִיר הָאבֶּען ווִי דוּ אֵיין גָאט אִין אוּנְזֶער הַארְץ,
הָאבּ, טְהַייעֶרֶער פָאטֶער, נִישְׁט קֵיין זָארְג, קֵיין שְׁמַארְץ.
„בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ״ מִיט גְרוֹיס גֶעפִיהל,
עָנְטְפֶערְט דַארוֹיף יַעֲקֹב אוּן בְּלַייבְּט רוּהִיג שְׁטִיל.
צוּקְלֶערֶען הֵייבֶּען דָארְט דִי חֲכָמִים אָן,
וָואס זָאלֶען מִיר מִיט דֶעם „בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד״ טָאן.
זָאלֶען מִיר עֶס זָאגֶען, קוּמְט עֶפִּיס נִישְׁט אוֹיס,
משֶׁה רַבֵּינוּ זָאגְט עֶס דָאךְ נִישְׁט אַרוֹיס.

לָאז מֶען וְשָׁע עָס נִיט זָאגְען, חָלִילָה וְחַס,
יַעֲקֹב הָאט עָס דָאךְ גֶעזָאגט, עֶפִּיס אַ שְׁפַּאס.
אִיז מֶען גֶעפַאלֶען אוֹיף אַזאַ עֵצָה, בְּכֵן
מֶען זָאל עָס אָפְּזָאגֶען שְׁטִיל צְווִישֶׁען דִי צֵיין. קס)
הֵיימְט דָאךְ, בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד זָאגְט מֶען יָא אִי נִיט,
און מֶען אִיז יוֹצֵא לְכָל הַדֵעוֹת דֶערְמִיט.
צְווִישֶׁען בְּרָכוֹת אִיז דִי בְּרָכָה אַזאַ מִין,
וָואס זִי אִיז עֶפִּיס אִי אַהֶער אִי אַהִין.
עֶפִּיס אִיז זִי ווִי יֶענֶע בֶּעשֶׁעפְנִישׁ גְלַייךְ,
וָואס לֶעבֶּען אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה אִי אִין טַייךְ. קסא)
זֵיי גֶעפִינֶען זִיךְ עֶפִּיס אִי דָא אִי דָארְט,
און זֶענֶען קֵיינְמָאל נִיט שְׁטֶענְדִיג אִין אֵיין אָרְט.
אָט פַאר דִי מִינֵי בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אַלֶערְלֵיי,
וָואס נִיט קַיין פְלֵיישׁ אִי נִיט קַיין פִישׁ זֶענֶען זֵיי,
פַאר זֵיי אַלֶע שְׁפְּרִינְגְט אַרוֹים בְּרֹאשׁ,
דִי צְפַרְדֵעַ אָדֶער דֶער פְרָאשׁ, קסב)
און שְׁטֶעלְט אוּנְז דִי גַאנְצֶע טֶבַע זַיינֶע פִיר,
אִין דֶעם בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד, וָואס דָאס אִיז זַיין שִׁיר. קסג)
.אִין מִיר, עוֹלָם, אַ בֶּעשֶׁעפְנִישׁ הָאט אִיהר אַייךְ,
וָואס לֶעבְּט אִי אוֹיף דֶער יַבָּשָׁה אִי אִין טַייךְ,
פַארְשְׁטֵעהט, עוֹלָם, מַיין שִׁיר, וָואס אִיךְ פְרָאשׁ קְוַואקֶע,
בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ אִיז עָר טַאקֶע.
גֶעלוֹיבְּט אִיז גָאטס נָאמֶען און זַיין קִינִיגְרַייךְ,
אֵיבִּיג אוֹיף דֶער עָרְד און וַואסֶער צוּגְלַייךְ. קסד)
אַ חוּץ דֶעם בֶּעדַארְף מֶען ווִיסֶען, אַז זַיין שִׁיר
זָאגְט דֶער פְרָאשׁ ווִי קְרִיאַת-שְׁמַע לֵיינֶען מִיר.

## גָחָשׁ אוֹמֵר. סוֹמֵךְ יְיָ לְכָל הַנֹּפְלִים וְזוֹקֵף לְכָל הַכְּפוּפִים:

בְּרֶעקֶעקֶע, זָאגְט פְּרִיהֶער אַיין פְּרָאשׁ שַׁארְף אַרוֹיס,
אוּן דֶער גַאנְצֶער עוֹלָם פְּרֶעשׁ הֶערְט עָס שְׁטִיל אוֹיס.
אוּן וִוי דֶער חַזָן לָאזְט דִי בְּרָכָה אוֹיס בַּאלְד,
וֶוערְד דָארְט אִין דֶעם עוֹלָם אַ גֶעשְׁרֵיי, אַ גְוַואלְד.
שְׁרַייעְן בְּרֶעקֶעקֶע אוּן וֶוערֶען נִתְפָּעֵל,
אַקוֹרַאט וִוי בַּיים שְׁרַייעְן שְׁמַע יִשְׂרָאֵל:
קַרְקַר, קְוַואר, עַנְטְפֶערֶען שְׁטִילֶערְהֵייט אוֹיךְ פִיל,
וִוי בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ מֶען זָאגְט שְׁטִיל. קמה)
בַּיי פִיל חֲכָמִים וֶוערְד דֶער פְּרָאשׁ פִירְגֶעשְׁטֶעלְט,
פַאר אַ גְרוֹיסֶען בַּעַל מִתְפַּלֵל עָק וֶועלְט,
עָר דַאוֶועגְט כְּסֵדֶר דִי גַאנְצֶע נַאכְט אַוֶועק,
זָאגְט בָּרוּךְ שֵׁם כְּבוֹד מַלְכוּתוֹ אָהן אַיין עָק. קמו)
נָחָשׁ. אִיטְלִיכֶער פוּן אוּנְז מֶענְשֶׁען קֶען דִי שְׁלַאנְג,
וָואס קְרִיכְט אַרוּם אוֹיפְ׳ן בּוֹיךְ אוּן אִיז לַאנְג.
נָאט גֶעהמְט בַּיי אִיהר אִינְגַאנְצֶען דִי פִים אַוֶועק,
זִי קְרִיכְט אוּן בֵּייגְט זִיךְ קְרִיכֶענְדִיג גָאר אַ שְׁרֶעק.
נָאר רִיכְטִיג אִיז גָאטֶס וֶוערְק, זַיין פִירוּנְג גֶערֶעכְט,
צוּ זַיינֶע בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אִיז עָר נִיט שְׁלֶעכְט.
וֶוען דִי שְׁלַאנְג אִיז גֶעפַאלֶען אִין אִיהר לֶעבֶּען,
דָאךְ קֶען זִי אַיין עֵצָה נָאךְ פָארְט זִיךְ גֶעבֶּען.
אִיז בִּיכוֹלֶת אוֹיפְצוּהֵייבֶּען דֶעם קָאפּ הוֹיךְ,
אוּן אוֹיפְצוּשְׁטֶעלֶען אַ טְהֵייל פוּנֶ׳ם גוּף אוֹיךְ. קמז)
אַ טְהֵייל שְׁלֵיינְג קֶענֶען גַאנְץ הוֹיךְ זִיךְ אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען,
אוּן אוֹיף זֵייעֶר עָק שְׁטֵעהֶען וִוי אַ שְׁטֶעקֶען. קמח)

## עַקְרָב אוֹמֵר. טוֹב יְיָ לַכֹּל וְרַחֲמָיו עַל כָּל מַעֲשָׂיו:

דִי שְׁלַאנְג לוֹיבְּט דָא גָאט פַאר זַיין חֶסֶד צוּ אִיהר,
אוּן זִי זָאגְט דַארִיבֶּער דֶעם דָאזִיגֶען שִׁיר.
„גָאט לֶעהֶענְט אַלֶע גֶעפַאלֶענֶע אוּנְטֶער,
שְׁטֶעלְט אוֹיף דִי גֶעבֵּייגֶענֶע וָואס דַארוּנְטֶער".
עַקְרָב. דֶער מֶענְשׁ קוּקְט אוֹיף דִי בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אַלֶערְלֵיי,
כְּפִי דֶעם נוּטְץ אוּן דֶעם שָׁאד וָואס עֶר הָאט פוּן זֵיי.
פִיל בְּרוּאִים זֶענֶען אִיהם גְרוֹים אִין דִי אוֹיגֶען,
אוּן עֶר פְרֶעגְט, צוּ וָואס פָארְט אַזֶעלְכֶע טוֹיגֶען.
קוּמְט דָאךְ אַ פָּנִים אוֹים, דִי וֶועלְט אִיז נִישְׁט גוּט,
אוּן דֶער מַייסְטֶער אִיהרֶער וֵוייסט נִישְׁט וָואס עֶר טְהוּט.
פִיל הָאבֶּען גֶעמֶעגְט נִישְׁט וֶוערֶען גֶעבּוֹירֶען,
אוּן דִי וֶועלְט וָואלְט דוּרְכְדֶעם גָארְנִישְׁט פַארְלוֹירֶען.
אוּן וֶוען זֵיי, מֶענְשְׁלִיךְ, זָאלֶען הָאבֶּען דִי מַאכְט,
וָואלְטֶען זֵיי דִי גַאנְצֶע וֶועלְט אִיבֶּערגֶעמַאכְט.
אַזוֹי מֵיינֶען אָבֶּער טַאקִי נַארָאנִים,
יֶענֶע פַארְשׁוֹינֶען, דִי ווִילְדֶע חַקְרָנִים.
אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים זָאגֶען פַארְקֶעהרְט גָאר,
אַז אַלֶסְדִינְג דָא אִין דֶער וֶועלְט בִּיז אוֹיף אַ הָאר.
אִיז בֶּעשַׁאפֶען גֶעוָוארֶען מִיט גְרוֹים פַארְשְׁטַאנְד.
אוּמְזִיסְט מַאכְט אִי אֵיין בֶּעשֶׁעפְנִים נִיט גָאטס הַאנְד. קטט
אֵיין תִּירוּץ אִיז אוֹיף שַׁאֲלוֹת וָואס לַייט פְרֶעגֶען,
אַז גָאט בֶּעשַׁאפְט אַלֶסְדִינְג פוּן זַיינְטְוֶועגֶען:
סְ'אִיז טַאקִי אוֹיךְ דָא אַ נוּטְצֶען אִין אַלֶסְדִינְג,
קַיין זַאךְ אִיז נִישְׁט אַוֶועקְצוּמַאכֶען גְלַאט גְרִינְג.

שַׁבְּלוּל אוֹמֵר. כְּמוֹ שַׁבְּלוּל תֶּמֶס יַהֲלֹךְ נֵפֶל אֵשֶׁת
בַּל חָזוּ שָׁמֶשׁ:
שְׂמָמִית אוֹמֶרֶת. הַלְלוּהוּ בְצִלְצְלֵי שָׁמַע הַלְלוּהוּ
בְּצִלְצְלֵי תְרוּעָה:

---

דֶער עַקְרָב אָדֶער דֶער סְקָארְפְּיָאן, אַזַא מִין,
וָואס אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ גִיפְטִיג, וֶועהט אוֹיס וִוי אַ שְׁפִּין,
אֲפִילוּ אִי עֶר אִיז אוֹיךְ נִיטְצְלִיךְ, כְּלֶעבֶּען,
אִין דֶער חֶסֶד גָאטס דֶערְהַאלְט אִיהם בַּיים לֶעבֶּען.
אַזוֹי אִיז מַאכִי דִי אֱמֶתֶע חֲקִירָה,
דֶער סְקָארְפְּיָאן זָאגְט דַארִיבֶּער אָט דִי שִׁירָה:
„גָאט אִיז גְנֶעדִיג צוּ אִיטְלִיכֶען בֶּעזוּנְדֶער,
אוּן דֶערְבַּארְמְט זִיךְ אוֹיף זַיינֶע וֶוערק גָאר ווּאוּנְדֶער".
שַׁבְּלוּל. דִי שְׁנֶעק אִיז אַ מִין וֶוערְמִיל וָואס וֶוייךְ אִי קְלֵיין,
אִין אִיהר שִׁירָה שִׁילְדֶערט זִי זִיךְ אָפּ אַלֵיין:
„וִוי אַ שְׁנֶעק וָואס לָאזְט פוּן זִיךְ פַּייכְמְקַייט אַרוֹיס,
קְרִיכֶענְדִיג וֶוערְד זִי צוּרוּנֶען אוּן גֶעהט אוֹיס". קג)
שְׂמָמִית. אִין דֶעם ווִינְקֶעל פוּן אַייעֶר הוֹיז, קוּקְט אַהִין,
אַ רָאד וֶועבְּט דָארְטֶען ווּאוּנְדֶער-שֵׁיין אוֹיס דִי שְׁפִּין,
זִי אַלֵיין זִיצְט דָארְט אַקוּרַאט אִין דֶערְמִיט,
אָדֶער לוֹיעֶרְט הִינְטֶען אוּן מֶען זֶעהט זִי נִיט.
אוּן צוּ אִיהר פַארְבָּארְגֶענִישׁ פוּן דֶער פוֹיטִינֶע,
צִיהֶען זִיךְ פֶּעדֶעמְלִיךְ לַאנְגֶע אוּן דִינֶע.
פַארְפּוּטֶעט זִיךְ נָאר אַ פְלִיג אִין דֶער נֶעטְק דָארְט,
שׁוֹיקְלֶען זִיךְ דִי פֶּעדֶעמְלִיךְ בִּיז צוּ אִיהר אָרְט:

**זְבוּב בְּשָׁעָה שֶׁאֵין יִשְׂרָאֵל עוֹסְקִין בַּתּוֹרָה אוֹמֵר: קוֹל אֹמֵר קְרָא וְאָמַר מָה אֶקְרָא כָּל**

תֵּיכֶּף מַאכִי שְׁפְּרִינְגט זִי אַרויס פוּן אִיהר רוּה,
און לויפְט צוּ אִיהר רוֹיב אִין דֶעם נֶעק גֶעשְׁווִינְד צוּ.
דִי פְלִיג זוּזְשֶעט, צַאפֶּעלְט זִיךְ הִין אִי צוּרִיק,
און דִי שְׁפִּין הָאט הֲנָאָה פוּן דֶער מוּזִיק.
מוּזִיק אִיז דָאךְ בֶּאֱמֶת דֶער שְׁפִּינְס חַיּוּת, (קנא)
הַיינְט וָואס אַרְט זִי, אַז דִי פְלִיג מַאכְט הַעֲוַויוֹת,
צַאפֶּעלְט זִיךְ, טַאנְצְט און הֵייבְּט אוּנְטֶער אַ פִּיסֶעל,
זוּזְשֶעט, זִינגְט און צִימְבֶּעלְט אויךְ צוּ אַבִּיסֶעל.
דִי שְׁפִּין, וָואס בֶּעקוּמְט אִיהר שְׁפַּייז מִיט קַאפֶּעלֶע,
זָאגט שִׁירָה און לויבּט גָאט בַּאלְד אויף דֶער שְׁטֶעלֶע:
„הַלְלוּיָהּ, לויבְּט אִיהם מִיט אַ צִימְבֶּעלְגֶעזַאנג,
הַלְלוּיָהּ, לויבְּט אִיהם מִיט אַ צִימְבֶּעלְגֶעקְלַאנג".

**זְבוּב.** דִי פְלִיג אִיז אַ גוּטֶע זְלִידְנֶע, אַ פֶּגַע,
זִי לָאזְט אוּנז זוּמֶער נִיט צוּרוּה קַיין רֶגַע:
לָאז מֶען אַנִידֶערְשְׁטֶעלֶען עֶפִּיס אַ שְׁפַּייז,
תֵּיכֶּף וּמִיַּד גִיט זִיךְ דִי פְלִיג אַ וַוייז.
שְׁטֶעקְט אַרַיין דָאס נֶעזִיל צוּחַאפֶּען אַ לֶעק,
אִיז זִי גֶעקוּמֶען, גֶעהט זִי שׁוֹין נִיט אַוֶועק.
טְרַייבּט מֶען זִי אַוֶועק, קוּמְט זִי גֶעשְׁווִינד ווִידֶער,
קוּמְט מִיט אַ זוּזְשֶען און מִיט אַ גֶערִידֶער.
זוּזְשֶעט, זוּזְשֶעט פוּלֶע אוֹיעֶרֶען אוּנז אָן,
מִיר מוּזֶען פוּן אִיהר לַיידֶען, וָואס זָאל מֶען טָאן.

## הַבָּשָׂר חָצִיר וְכָל חַסְדּוֹ כְּצִיץ הַשָּׂדֶה: יָבֵשׁ חָצִיר

וואו מֶען עֶסט און טְרִינְקְט, דָארְטֶען איז דִי פְּלִיג דָא,
וואו מֶען לֶערֶענְט איז אִיהר פוס אָבֶּער נִיטָא.
וָואס הָאט זִי בֶּאֱמֶת צוּטָאן אִין דֶעם אָרְט,
וָואס מֶען קֶען נִיט חַאפֶּען קַיין שִׁירַיִים דָארְט.
נָאר דָאס פְּרֶעסֶען פַאלְט דֶער פְּלִיג בָּאקִים אַרוּים,
סוֹף זוּמֶער גֶעהט דֶער זְלִידְנֶע דִי נְשָׁמָה אוֹיס.
וִי נֶעהמְט דָאס רוֹב אַיין אַ מִיתָה מְשׁוּנָה גָאר,
וֶוערד פַארְדַארְט וִוי גְרָאז און דֶערלֶעבְּט נִישְׁט קַיין יָאהר. (כ:)
פוּנְקְט פַארְקֶעהרט פוּן דִי יִשְׂרָאֵל דֶערמִיט,
וָואס אֵייבִּיג הָאט עֶר אַ קִיוּם און שְׁטַארְבְּט נִיט,
דוּרךְ דֶער תּוֹרָה, וָואס עֶר לֶערֶענְט אַלֶע צַייט,
און דוּרךְ דֶעם נוּטְצֶען פוּן אִיהם צוּ אַלֶע לַייט.
לֶערֶענְט יִשְׂרָאֵל, איז עֶר שְׁטַארְק דַאדִיבֶּער,
הֶערט נִישְׁט און קוּמְט דִי אַלֶע מִיקֶען אִיבֶּער.
וֶוערֶען אָבֶּער יַעֲקֹב׳ס גֶעצֶעלְטֶען אַ שֵׁיינְק,
מֶען עֶסט, טְרִינְקְט און לֶערְנֶען לֶערֶענְט מֶען אַ קְרֵיינְק,
אָדֶער יִשְׂרָאֵל טְהוּט נָאךְ און מַאכְט בֶּעלֶע,
פַארְבֶּעט צוּ זִיךְ טֶענְצֶער מִיט דֶער קַאפֶּעלֶע,
גִיט מִיטָאגֶען דִי מָארֶע יוֹצֵא צוּזַיין,
דֶענְסְמָאל קוּמְט אִי דִי פְּלִיג אִין זַיין הוֹיז אַרַיין.
ווייל וִוי דִי גֶעסט אוֹיךְ אָפְּלֶעקֶען אַ בֵּיינְדֶעל,
זִי טַאנְצְט און זְוִישֶׁעט, זְוִישֶׁעט מִיט אַ חֵנְדִיל.
מִיט אִיהר קוּמֶען אַהִין איז זִי מְרַמֵז קְלִיג,
אַז אִין דֶעם אוֹפֶן איז יִשְׂרָאֵל אַ פְּלִיג.

נָבֵל צִיץ וּדְבַר אֱלֹהֵינוּ יָקוּם לְעוֹלָם: בּוֹרֵא נִיב שְׂפָתָיִם שָׁלוֹם לָרָחוֹק וְלַקָּרוֹב אָמַר יְיָ וּרְפָאתִיו:

דורךְ בֶּעלֶע קֶען עֶר קַיין קִיוּם נִישט הָאבֶּען,
זַיינֶע טֶענְצֶער וֶועלֶען אִיהם נָאךְ בֶּעגְרָאבֶּען.
זֵיי עֶסֶען זַיין מִיטָּאג אוּן הָאבֶּען דִי גַאל,
יִשְׂרָאלִיק, אַזוֹי שְׁפָּאטֶען זֵיי, מַאכְט אַ בַּאל.
וֶוען יִשְׂרָאֵל גֵיט מִיט תּוֹרָה זִיךְ נִישְׁט אָפּ,
פַאלְט עֶר שְׁרֶעקְלִיךְ פוּן זַיין מַדְרֵגָה אַרָאפּ.
דִי פְלִיג וָואס קוּמְט אוֹיף זַיינֶע בֶּעלֶע צוּ גַאכְט,
זוּכְט דָארְטֶען אוּן זָאגְט אַזֶעלְכֶס וָואס עֶס פַּאסִט:
„אַ קוֹל זָאגְט, זַיי מוֹדִיעַ, רוּף אוּן שְׁרַיי,
אוּן וָואס אוֹיסְצוּשְׁרַייעֶן זָאגט עֶס דֶערבַּיי.
ווִי גְרָאז אִיז אַלְסְדִינְג, וָואס אִיז פְלֵייש אוּן בְּלוּט,
ווִי בְּלוּמֶען פוּן פֶעלד זַיין גְנָאד, וָואס עֶר טְהוּט.
גְרָאז וֶוערְד פַארְדַארְט אוּן בְּלוּמֶען פוֹילֶען גָאר,
אָבֶּער גָאטס וָוארט בְּלַייבְּט אוֹיף אֵייבִּיגֶע יָאהר". (קנג
אַרַיינְקוּמֶענְדִיג זוּכְט זִי אוּן גְרִיסְט דָארט:
„עֶס וֶוערד בֶּעשַׁאפֶען פוּן דִי לִיפֶּען אַ וָוארְט,
שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם, גָאט זָאגט פְרִידֶען, פְרִידֶען,
אִי צוּם ווַייטֶען אִי צוּם נָאהֶענְטֶען אִידֶען.
אָ, אִיךְ וֶועל אִיהם אוֹיסְהֵיילֶען גֶערֶען,
נִישְׁקָשֶׁה, עֶר וֶוערד בֶּעסֶער וֶוערֶען".

צִפּוֹרֶת כְּרָמִים אוֹמֶרֶת. אֶשָּׂא עֵינַי אֶל הֶהָרִים מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי:

נְמָלָה אוֹמֶרֶת. לֵךְ אֶל נְמָלָה עָצֵל רְאֵה דְרָכֶיהָ וַחֲכָם: הַנְּמָלִים עַם לֹא עָז וַיָּכִינוּ בַקַּיִץ לַחְמָם:
נוֹתֵן לֶחֶם לְכָל בָּשָׂר כִּי לְעוֹלָם חַסְדּוֹ:

צִפּוֹרֶת כְּרָמִים. צְווִישֶׁען דִי הֵיישְׁרֶעקֶען אִיז דָא אֵיינֶע,
וָואס זִי הֵייסְט „וַויינְהאֶהְנֶעלֶע” דִי שֵׁיינֶע,
ווייל זִי הַאלְט הוֹיךְ אִין וַויינְגֶערְטְנֶער זִיךְ אוֹיף,
זִי פַּארְרַייסְט דֶעם קָאפּ אִי דִי הֶענְד אַרוֹיף.
גְלַייךְ ווִי זִי דַאוֶוענְט, בֶּעט גָאט אַלֶע צַייט,
דִי דַאוְונֶערִין הֵייסט זִי דְרִיבֶּער בַּיי לַייט. קסד)
אוּן וַוייל זִי אִיז דָא אוֹיף הוֹיכֶע עָרְטֶער,
דְרִיבֶּער זָאגט דִי דַאוְונֶערִין דִי וֶוערְטֶער:
„אִיךְ הֵייבּ מַיינֶע אוֹיגֶען צוּ דִי בֶּערְג אַפִּיר,
פוּן וַואנֶען דִי הִילְף מַיינֶע קוּמְט צוּ מִיר”.

נְמָלָה, דִי מוּרֶעשְׁקֶע, וָואס אִיז אַ קְלֵיין בֶּעשֶׁעפְנִישׁ,
הָארֶעוֶועט אוּן גְרֵייט זִיךְ אָן אִיהר בֶּערֶערְפְנִישׁ.
ווִי קְלֵיין זִי אִיז, אַרבַּייט זִי מַעֲשִׂים דָאךְ,
אוּן טְרָאגְט אוֹיף זִיךְ פוּן פַּרְנָסָה דֶעם יָאךְ.
זִי אִיז מִיט אִיהר אַרְבַּייטֶען אוּן אִיהר מָאן,
דֶעם מֶענְשֶׁען אַ מוּסָר פוּן אֵייבִּיג אָן. קסה)
זִי זָאגט: „פוֹילֶער, דוּ בִּיזְט פוֹיל אִי אָפְּהֶענְדִיג,
דֶער מוּרֶעשְׁקֶעס גַאנְג זֶעה אוּן זַיי פַארְשְׁטֶענְדִיג.

**חֲלְדָּה אוֹמֶרֶת. כֹּל הַנְּשָׁמָה תְּהַלֵּל יָהּ הַלְלוּיָהּ:**
**צִיָּה אוֹמֶרֶת. אוֹר זָרֻעַ לַצַּדִּיק וּלְיִשְׁרֵי לֵב שִׂמְחָה:**

דִי מוֹרֶעשְׁקֶעס זֶענֶען נִישְׁט קַיין שְׁטַארְקֶע לַייט,
אוּן גְרֵייטֶען דָאךְ זֵייעֶר בְּרוֹיט אָן זוּמֶער־צַייט.
גָאט גִיט בְּרוֹיט צוּ אַלֶע בֶּעשֶׁעפְנִישׁ גָאר,
וַוייל זַיין חֶסֶד אִיז אוֹיף אֵייבִּיגֶע יָאהר״.
חוּלְדָה. וָואס, דַאכְט זִיךְ, מַאכְט דָאס גַאנְצֶע וִוידֶעלֶע אוֹיס,
אוּן וָואס קוּמְט פוּן אַזאַ שְׁלַאק דֶער וֶועלְט אַרוֹיס.
בַּיי־טָאג לִיגְט עֶס פַארְבָּארְגֶען טִיף אִין דֶער עֶרְד,
אַזוֹי וִוי אַ מֶערְדֶער, וָואס לֶעבְּט מִיט זַיין שְׁוֶוערְד,
בַּיי־נַאכְט קְרִיכְט עֶס אַרוֹיס אוּן טְהוּט אָהן צָרוֹת,
הַרְגֶעט אוּן שְׁלָאגְט מִיט דִי הִיהְנֶער כַּפָּרוֹת.
אוּן נָאךְ אַזאַ גְרוֹיסֶע רְצִיחָה וָואס אַ גְוַואלְד,
מַאכְט עֶס צוּ זִיךְ אִין דֶער נָארֶע פְּלֵיטָה בַּאלְד: (קס)
נָאר אַז מֶען בֶּעטְרַאכְט אָבֶּער בֶּעסֶער אַלְסְדִינְג,
מַאכְט מֶען דָאס וִוידֶעל נִיט אַוֶועק אַזוֹי גְרִינְג.
אִי עֶר, וָואס לִיגְט אִין דֶער עֶרד טִיף נַיין אֵיילֶען,
לֶעבְּט אִין דֶער וֶועלְט גָאטְס כָּבוֹד צוּדֶערצֵעהְלֶען,
אִין אַ מִינְדֶסְט בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אִיז דָא גָאטְס וואוּנְדֶער,
אוּן עֶס פַּאסְט צוּם רִימֶעל אִיטְלִיכְס בֶּעזוּנְדֶער.
דָאס וִוידֶעל זָאגְט אוֹיךְ שִׁירָה, טַאקִי יָא:
„אִיטְלִיכֶע נְשָׁמָה לוֹיבְּט גָאט הַלְלוּיָהּ״.
צִיָּה. דֶער מַארְדֶער אִיז אֵיינֶער פוּן דִי גְרוֹיסֶע שְׁלֶעק. (קס)
עֶר טְהוּט דִי עוֹפוֹת צָרוֹת אָן גָאר אַ שְׁרֶעק.

חָתוּל אוֹמֵר. אֶרְדּוֹף אוֹיְבַי וְאַשִּׂיגֵם וְלֹא אָשׁוּב עַד כַּלּוֹתָם. אִם תַּגְבִּיהַּ כַּנֶּשֶׁר וְאִם בֵּין כּוֹכָבִים שִׂים קִנֶּךָ מִשָּׁם אוֹרִידְךָ נְאֻם יְיָ:

ער קלעטערט אויף די ביימער גאר א וואונדער,
פארצוקט דארט פייגעל מיט זייערע קינדער.
ער געפינט דאס הייזעל פון׳ם ווארעבײ אויך
און די נעסט פונ׳ם שוועלבעלע אין דער הויך.
דערשמעקט די פייגעלעך מיט׳ן חוש הריח,
און מאכט פון זיי דארט א מזבח. (קטח)
שרעקליך איז אבער זיין רציחה, זיין מאכט,
נאר אין דער פינסטער, נאר בשעת שטאק-נאכט.
הייבט אבער אן צושעריען אויף טאג,
אנטלויפט אין דער נארע געשווינד די פלאג,
די עופות ווערן ליכטיג, גוט אויפ׳ן הארץ,
זיינען געזויבערט פון וועהטיג, פון שמארץ.
דער מארדער, וואס ליגט ביי-טאג אין א פינסטער ארט,
ער זאגט, ווי אלע מערדער זאגען, אזא ווארט:
„ליכט שיינט און געהט צו דעם צדיק אויף,
גוטהערציגע פרייען זיך דארויף".

חתול. די קאץ פארדינט ביי אונז אין שטוב איהר שפייז,
זי חאפט און פארטיליגט דארטען די מייז
קומט נאר פון זיין נארע א מייזעל ארויס,
דרעהט עס זיך פון דער קאצ׳ס לאפעס ניט אויס.

**עַכְבָּר אוֹמֵר. אֲרוֹמִמְךָ יְיָ כִּי דִלִּיתָנִי וְלֹא שִׂמַּחְתָּ אוֹיְבַי לִי: (נ״א) וְאַתָּה צַדִּיק עַל כָּל הַבָּא עָלַי כִּי אֱמֶת עָשִׂיתָ וַאֲנִי הִרְשָׁעְתִּי:**

די קאץ צוויאגט זיך און שפרינגט געשווינד דארויף,
שפילט זיך דערמיט אן און פרעסט עס דערנאך אויף.
די קאטץ האט אבער א קישקע אהן א רעק,
פון עופות גלוסט זיך איהר אויך חאפען א לעק.
זי דראפעט זיך אויף ביימער, אויף גלייכע ווענד
און דערטאפט די פייגעליך אין איהרע הענד.
א קאטאוועס ספים וואס די קאק פארפיהרט,
די איז א נאשערין, א פייער, א שפירט.
זי זאגט: „איך יאג מיינע פיינד, חאפ זיי אויפ'ן פלעק,
קעהר מיך ניט אום ביז איך דערגעה זיי דעם עק.
מעגסט דיר זיך דערהייבען ווי א אדלער הויך,
און צווישען די שטערען דיין נעסט מאכען אויך,
איך וועל דיך, אויף מיין ווארט,
אראפנעהמען פון דארט".

עכבר. ווען דער מויז געראט א מאל און דרעהט זיך אום,
און געהט בשלום פון דער סכנה ארויס,
בענשט זי אין איהר נארע גומל מיט א פרייד,
זאגט שירה און לויבט גאט מיט אזעלכע רייד:
„גאט, איך וויל מיט לויב דיך דערהייבען,
ווייל דו האסט מיך ארויסגעהייבען,

# בְּהֵמָה דַקָּה טְהוֹרָה אוֹמֶרֶת. מִי כָמֹכָה בָּאֵלִים יְיָ

און מַיינֶע בֵּייזֶע פַיינְט,
אויף מִיר נִישְׁט דֶערפְרֵעהט הַיינְט".

הָאט אָבֶּער דִי קַאטץ זִי אַ הַאפּ גֶעגֶעבֶּען,
און זִי גֶעזֶעגֶענְט זִיךְ שׁוין מִיט דֶעם לֶעבֶּען,
דֶענְסמָאל זָאגְט זִי וִידוּי, נִישְׁט לַאנְג גֶעמְרַאכְט,
אויף אַלֶע שָׁאדֶענְס, וָואס זִי הָאט גֶעמַאכְט:
„דוּ בִּיסְט גֶערֶעכְט פַאר אַלֶץ, וָואס אויף מִיר קוּמְט אָן,
דוּ טְהוּסְט אֶמֶת, אִיךְ אָבֶּער הָאבּ שְׁלֶעכְטְס גֶעטָאהן".

בְּהֵמָה דַקָּה טְהוֹרָה. דִי קְלֵיינֶע רֵיינֶע בְּהֵמוֹת אִין יֶעדֶען אָרט
וֶוענֶען שָׁאף און צִיגֶען פוּן אִיטְלִיכֶען סָארְט.
בֶּעקַאנְט וֶוענֶען דִי צִיגֶען שׁוין פוּן גַאנְץ לַאנְג,
מִיט זֵייעֶר שְׁפְּרִינְגֶען און זֵייעֶר שְׁטָאלְצֶען גַאנְג.
אִין דֶער טְשֶׁערֶעדֶע לויפֶען פָארוֹיס צִיגֶען,
זֵיי אָנְצוּקוּקֶען דָארט אִיז אַ פַארְגְנִיגֶען.
צְווִישֶׁען דִי גִבּוֹרִים, וָואס גֵעהֶען אָהן שְׁרֶעק,
און זֵייעֶר בִּטָחוֹן וַוארְפְט זֵיי נִישְׁט אַוֶועק,
צְווִישֶׁען זֵיי וֶוערד, אִין הֵיילִיגֶען פָּסוּק דָארט,
אויךְ דֶעם צִיגֶענְבָאק אָפְּגֶעגֶעבֶּען אַיין אָרט. קנט)
דָנִיאֵל הָאט צוּם צִיגֶענְבָאק פַארְגְלִיכֶען,
דִי שְׁטַארְקֶע אוּמָה יָוָן אָדֶער גְרִיכֶען. קס)
אַזוֹי אִיז דֶער שְׁטֵייגֶער אויךְ פוּן זַיין בְּרִידֶער,
פוּן זַיין קָרוֹב דֶעם בַּארַאן אָדֶער ווִידֶער,

## מִי כָמֹכָה נֶאְדָר בַּקֹּדֶשׁ נוֹרָא תְהִלּוֹת עֹשֵׂה פֶלֶא:

ער וַוייזט דֶעסגְלַייכֶען זַיין גְרוֹיס שְׁטָאלְצְקַייט אַרוֹיס,
פִירְט דִי טְשֶׁערֶעדֶע בֶּעהַארְצְט אוּן לוֹיפְט פָארוֹיס.
אִי זַיין נָאמֶען טְרָאגֶען, וִוי מִיר וֵוייסֶען קְלָאהר,
אַ סַךְ מַלְכֵי מִזְרַח פוּן אֵייבִּיגֶע יָאהר. קפא)
נָאר חוּץ דֶעם אִיז זֵייעֶר וָואל אִי זֵייעֶר פֶעל
וואוּנְדֶער־שֵׁיין אִי זֵעהר נִיטצְלִיךְ אִין אַלֶע פֶעל.
אוּמְטוּם אִין דֶער וֶועלְט מַאכֶען זִיךְ דֶערְפוּן לַייט
שֵׁיינֶע אוּן טְהַייעֶרֶע קְלֵיידֶער אַלֶע צַייט.
דִי צִיגֶען הָאבֶּען גֶעהַאט דִי זְכִיָה גָאר,
גֶעבֶּען צוּם מִשְׁכָּן זֵייעֶרֶע פֶעל אוּן הָאר.
דֶער הֵיילִיגֶער גָאט, וָואס טְהוּט גְרוֹיסֶע וואוּנְדֶער,
וָואס זַיינְם אִיז אִיטְלִיכְם בֶּעשֶׁעפְנִישׁ בֶּעזוּנְדֶער,
וָואס אִיז הַאר אוּמְטוּם אִין יַם אִי אוֹיפֶ׳ן לַאנְד,
אוּן אִיהם גֶעהֶערֶען אַלֶע חַיוֹת מִיטְאַנַאנְד,
ער הָאט פוּן דִי אַלֶע חַיוֹת אִין דֶער וֶועלְט,
דִי רֵיינֶע בְּהֵמָה דַוְקָא הֶעבֶּער גֶעשְׁטֶעלְט.
וִויקֶעלט דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ מִיט אִיהר פֶעל אַיין,
אוּן אִיז בֶּעשֵׁיינְט מִיט הֵיילִיגַקֵייט גֶעטְלִיךְ פַיין.
דִי בְּהֵמָה דַקָה לוֹיבְּט גָאט דֶערפַאר מִיט פְרֵייד,
דֶערְהֵייבְּט אִיהם אוּן זָאגט שִׁירָה אָט מִיט דִי רֵייד:
„וֶוער אִיז וִוי דוּ, גָאט, צְווִישֶׁען שְׁטַארְקֶע מְלָכִים דָא,
וִוי דוּ בֶּעשֵׁיינט מִיט הֵיילִיגְקַייט אִיז גָאר נִיטָא,
דוּ, גָאט, וָואס דִיךְ צוּלוֹיבֶּען אִיז אַ שְׁרֶעק,
דוּ, וָואס טְהוּסט וואוּנְדֶערְלִיכְקַייט אָהן אַיין עק״.

**בְּהֵמָה גַסָּה טְהוֹרָה אוֹמֶרֶת. הַרְנִינוּ לֵאלֹהִים עֻזֵּנוּ הָרִיעוּ לֵאלֹהֵי יַעֲקֹב:**

**בְּהֵמָה גַסָּה (דקה נ״א) טְמֵאָה אוֹמֶרֶת. יְגִיעַ כַּפֶּיךָ**

בְּהֵמָה גַסָּה טְהוֹרָה. צְוִוישֶׁען דִי מִינֵי גְרוֹיסֶע אוּן רֵיינֶע פִיה

וֶוענֶען דָא אִי אַוֶועלְכֶע אָקְסֶען אוּן קִיה,
וָואס וֶוענֶען מְשׁוּנֶה ווִילְד, זֵעהר גֶעזוּנד אִי שְׁטַארְק,
מִיט גְרוֹיסֶע הֶערְנֶער אוּן אַ גֶעזוּנטֶען קַארק.
דֶער בּוּפְלַאקס אַ שְׁטֵייגֶער קֶען מִיט זַיין כֹּחַ
אֲפִילוּ דֶעם לֶעמְפֶּערט פְּלֶעטֶען דֶעם מוֹחַ. קסב)
הַיינְט דֶער אוֹיעֶרְאָקְס עָפִּים אַקַאטָאוֶועס,
מֶען צִיטֶערט פַאר אִיהם פָּשׁוּט אֵימוֹת מָוֶת.
דִי אַלֶע וֶוענֶען דוֹרֶם מִיט דֶעם הָארֶען,
אוּן בְּרִילֶען וִוי אַ לֵייבּ בְּשַׁעַת דֶעם צָארֶען,
זֵיי גְרָאבֶּען פַאר כַּעַס אוּנטֶער זִיךְ דִי עֶרד,
אַ פַּחַד פַאלט אוֹיפֶ׳ן יֶענֶער אוּן זַיין פֶערד.
זֵיי שְׁרַייעֶן, רֶעוֶוען אוּן בְּרוּמֶען גָאר אַ שְׁרֶעק,
אוּן שָׁאקְלֶען נָאךְ דֶערצוּ פְּחָדִים מִיט דֶעם עֶק. קסג)
דִי דָאזִיגֶע שְׁטַארְקֶע בְּהֵמוֹת אַלֶערְלֵיי,
רֶעוֶוען אוּן זָאגֶען שִׁירָה מִיט אַ גֶעשְׁרֵיי:
„צוּ גָאט אוּנְזֶער שְׁטַארְקַייט שְׁרַייעֶט אוֹיף אַ קוֹל,
צוּ גָאט פוּן יַעֲקֹב שַׁאלט אַלֶע מִיט אַ מָאל״.

בְּהֵמָה גַסָּה טְמֵאָה. פוּן דִי גְרוֹיסֶע אוּמְרֵיינֶע פִיה אִיז דָא פִיל,

וָואס זֵיי דִינֶען דֶעם מֶענְשֶׁען גֶעטְרַיי שַׁא שְׁטִיל,

כִּי תֹאכֵל אַשְׁרֶיךָ וְטוֹב לָךְ:

צְבִי אוֹמֵר. וַאֲנִי אָשִׁיר עֻזֶּךָ וַאֲרַנֵּן לַבֹּקֶר חַסְדֶּךָ כִּי
הָיִיתָ מִשְׂגָּב לִי וּמָנוֹס בְּיוֹם צַר לִי:

אַרבּייטעֶן איהם אוּמְטוּם כָּל עֲבוֹדוֹת פֶּרֶךְ,
טְהוּעֶן מְלָאכוֹת אָהן אַ שִׁיעוּר, אָהן אַיין עֶרֶךְ.
זַיי אַרְבַּייטעֶן, נִישְׁט צוּ רֵיידֶען קַיין קְרוּם וָוארט,
מֶען מֶעג זֵיי שְׁמַייסֶען, טוּיטֶען אוֹיפֶ'ן אָרט,
זֵיי אַלֵיין מֶעגֶען זִיךְ אִי גָאר טְרֵפָה זַיין,
נָאר זֵייעֶר שְׁפַּייז פַּארדִינֶען זֵיי כָּשֵׁר פַּיין.
זֵיי גֵעהֶען נִיט אַרוּם לֵיידִיג, פּוּסְט-אוּן-פַּאס,
אוּן שְׁפַּאצִירֶען נִיט גְלַאט אַזוֹי אוֹיף דֶער גַאס.
דִי אַרְבַּייט-בְּהֵמוֹת, אוּנְזֶערֶע טְרַייֶע קְנֶעכְט,
זֵיי זָאגֶען זֵייעֶר שִׁירָה מַאכִי מִיט רֶעכְט:
„דֶערנֶעהֶרְסְט דוּ זִיךְ פוּן דֶעם וָואס דַיין הַאנְד טְהוּט,
אַז וואוֹיל דִיר דֶענְסְמָאל, אַז וואוֹיל דִיר אוּן גוּט“.

צְבִי. וֶוען גָאט זָאל דֶעם הִירְשׁ קַיין גוּטֶע פִּיס גֶעבֶּען,
וָואלְט עֶר נִיט זִיכֶער גֶעוֶוען מִיט דֶעם לֶעבֶּען,
וַוייל אוֹיף אִיהם זֶענֶען אַ סַךְ בַּעֲלָנִים דָא,
קַיין גֶעשְׁמַאקֶערֶס פוּן זַיין פְלֵיישׁ כִּמְעַט נִיטָא.
נָאר קוּים דֶערזֶעהט עֶר דֶעם פַיינְד פוּן דֶערוַוייטֶענְס,
הֵייבְּט עֶר אוֹיף דִי פִּיס אוּן אַנְטלוֹיפְט בֶּעצַייטֶענְס.
אֵיידֶער נָאךְ דֶער יֶעגֶער נֶעהְמְט זִיךְ צוּ דֶער פַייל,
אִיז שׁוֹין דֶער הִירְשׁ הֶעט וַוייט אַנְטְלוֹיפֶען דֶערְוַוייל.

## שׁוֹר אוֹמֵר. אָשִׁירָה לַיְיָ כִּי גָאֹה גָּאָה סוּס וְרֹכְבוֹ רָמָה בַיָּם:

אִיהם צוּדֶערְיָאגֶען אִיז נִישׁט אִין שְׁטַאנְד קֵיינֶער,
דֶער הִירשׁ נִישְׁקָשֶׁה הִיט זִיךְ גוּט דִי בֵּיינֶער.
אִין אָוֶוענט פַאסֶעט עֶר זִיךְ אוֹיף דִי פֶעלְדֶער,
גַאנְץ פְרִיה אַנְטלוֹיפְט עֶר צוּרִיק אִין דִי וֶועלְדֶער. (קסד)
בֶּעֶנְשׁט גוֹמֵל, דַאנְקְט דֶעם אוֹיבֶּערשְׁטֶען פַאר זַיין גְנָאד,
וָואס הָאט אִיהם אָהִין גֶעבְּרַאכְט בְּשָׁלוֹם אָהן שָׁאד.
עֶר זָאגט: „דַיין שְׁטַארְקַייט בֶּעזִינג אִיךְ מִיט אַ שִׁיר,
אוּן אִיךְ לוֹיבּ פְרִיהמָארְגֶענְס דַיין חֶסֶד צוּ מִיר,
דֶען מִיר אַ בֶּעשִׁיצְטוּנְג בִּיסְט דוּ גֶעוֶוען טְרַיי,
אוּן לָאזט מִיךְ בְּשַׁעַת אַ נוֹיט אַנְטְלוֹיפֶען פְרַיי":

שׁוֹר. צְווִישֶׁען דִי שְׁטָאלְצֶע, וָואס זֶענֶען אוֹיף דֶער וֶועלְט,
הָאבֶּען דִי חֲכָמִים אוֹיךְ דֶעם אָקְס גֶעשְׁטֶעלְט.
עֶר פַארְנֶעהמְט צְווִישֶׁען דִי בְּהֵמוֹת אַזאַ אָרְט,
אַזוֹי וִוי דֶער לֵייבּ צְווִישֶׁען דִי חַיוֹת דָארט,
אוּן וִוי צְווִישֶׁען דִי עוֹפוֹת דֶער אָדְלֶער אוֹיךְ.
דִי אַלֶע דְרַיי זֶענֶען שְׁטָאלְץ אוּן שְׁטֶעהֶען הוֹיךְ,
זֵיי שְׁטֶעהֶען אַלֶע דְרַיי צוּגְלַייךְ אִין גָאטס שְׁטוּל,
אוּן פַאר גָאט הָאט דָארְטֶען זֵייעֶר שְׁטָאלְץ אַ גְבוּל. (קסה)
אוּנְזֶער אָקְס דֶער שְׁטָאלְצֶער אוּן דֶער גֶעזוּנְטֶער,
לֵייגְט זִיךְ דֶעם אַלְמֶעכְטִיגֶען גָאט אַרוּנְטֶער.
עֶר גֶעהט מְרִיקֶענְדִיג מִיט זַיין שִׁירָה אַרוֹיס,
אוּן שְׁרַייעֶט אוֹיף דֶער גֶעמְבֶּע גָאטס גְרוֹיסקַייט אוֹיס:

**סוּס אוֹמֵר. הִנֵּה כְעֵינֵי עֲבָדִים אֶל יַד אֲדוֹנֵיהֶם כְּעֵינֵי שִׁפְחָה אֶל יַד גְּבִרְתָּהּ כֵּן עֵינֵינוּ אֶל יְיָ אֱלֹהֵינוּ עַד שֶׁיְּחָנֵּנוּ:**

„איך זינג צו גאָט דעם גרויסען־גרויסען העֶר,
פון פאַרנעהמסטע דעֶר פאָרנעהמסטער איז ער,
העֶכער פון אַלע ווייטער און ווייטער,
שלײדערט אין ים דעם פערד און זיין רייטער":

סוס. דאָס פערד איז דעם מענשענס דינער אַ טרייער,
ער פאָלגט איהם אי אין וואַסער אי אין פייער
ער טהוט איהם מלאכות אין שטוב אי אויפ'ן פעלד,
געהט אין דער מלחמה ווי אַ שטאַרקער העלד.
ער דינט זיין האַר טריי ווי דער געטרייסטער קנעכט,
אפילו ווען ער בעהאַנדעלט איהם גאָר שלעכט.
ער אַרבייט, שלעפּט משא און איז גאָר ניט פויל,
הונגערט, ביז דער האַר גיט איהם עפּיס אין מויל,
וואַרט, ביז ער לאָזט איהם עטמען אַביסעל פריי,
כדי צושלעפּען משא ווידער אויף דאָס ניי. (קסו
הלוואי וואָלטען אַזוי גאָט געדינט אויך לייט,
היטען און טאָן זיינע געבאָט אַלע צייט,
נישט מורמעלען, נישט זינדיגען און גרייזען,
נאָר וואַרטען ביז גאָט וועט זיין חסד ווייזען.
דאָס פערד וואָס טהוט זיין האַר אַזוי פיל איבער,
זאָגט די דאָזיגע שירה זיינע דריבער׳
„אַזוי ווי קנעכט קוקען און גאַרען
צו דער האַנד פון זייערע האַרען,

**חֲמוֹר אוֹמֵר. לְךָ יְיָ הַגְּדֻלָּה וְהַגְּבוּרָה וְהַתִּפְאֶרֶת וְהַנֵּצַח וְהַהוֹד כִּי כֹל בַּשָּׁמַיִם וּבָאָרֶץ לְךָ יְיָ הַמַּמְלָכָה וְהַמִּתְנַשֵּׂא לְכֹל לְרֹאשׁ:**

---

ווִי פוּן אַ דִינסט דִי אוֹיגֶען אִיהרֶע
צוּ דֶער הַאנד פוּן אִיהר מַאדַאם דִי גְבִירָה,
קוּקֶען אוּנְזֶערֶע אוֹיגֶען צוּ אוּנְזֶער הַאר,
בִּיז עָר דֶערבַּארֶעמט זִיךְ אוֹיף אוּנז דֶערפַּאר״.

חֲמוֹר. יֶענֶער אֵייזֶעל, וָואס דָארְטֶען אִין מִזְרַח־זַייט,
אִיז שְׁטַארְקֶער אִי שֶׁענֶער אִי חָשׁוּב בַּיי לַייט.
פִיל מֶעהר פוּנֶ׳ם אֵייזֶעל וָואס אִין אוּנְזֶער קַאנְט,
אוּן אִיז דָארְט נָאךְ פְרִיהֶער פוּנֶ׳ם פֶערד בֶּעקַאנְט. קסז)
אוֹיף אִיהם רַייטֶען אוּנזֶערֶע אָבוֹת אַ מָאל,
אוּן בֶּעזִיטצֶען מַתָּנוֹת אֵייזְלֶען אָהן אַ צָאהל;
כְּפִי דִי הַבְטָחָה פוּן אֵייבִּיגֶע יָאהרֶען,
קוּמט מָשִׁיחַ אוֹיף אֵיין אֵייזֶעל צוּפָאהרֶען. קסח)
אַ סַךְ גֶעלד פְלֶעגט מַאר אִיהם בֶּעצָאהלֶען זַיין הֶער
פוּנֶ׳ם בֶּעסְטֶען אוּן טְהַייעַרְסְטֶען פֶערד נָאךְ מֶעהר. קסט)
הָאבֶּען פֶערד אִיהם דֶערזֶעהן אִין דֶער מִלְחָמָה,
אִיז פַאר פַּחַד פוּן זֵיי אַרוֹיס דִי נְשָׁמָה. קע)
דִי אוּמוֹת הָעוֹלָם, אַ שַׁאנְדֶע, אַ שְׁפָּאט,
הָאבֶּען צוּם אֵייזֶעל גֶעדִינְט ווִי צוּ אַ גָאט.
צוּ אִיהם זִיךְ גֶעבּוּקט מִיט פִיל זַאבַּאבָּאנֶעם,
אוּן צוּ אִיהם אוֹיךְ מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען קָרְבָּנוֹת. קעא)

# פֶּרֶד אוֹמֵר. יודוּךָ יְיָ כָּל מַלְכֵי אָרֶץ

נָאר דֶער אֵייזָעל וַוארפט פון זִיךְ דִי שולד אַרָאפּ,
און זָאגט פון לַייטִישֶׁע נַארֶעשְׁקַייט זִיךְ אָפּ.
„דָאס גְרויסקַייט אִי שְׁטַארקַייט, זָאגט עָר אִין זַיין שִׁיר,
דָאס שֵׁיינְקַייט און נִצָחוֹן גֶעהר גָאט צוּ דִיר.
אַלְסדִינְג אִין הִימֶעל און אויף דֶער עָרד צוּגְלַייךְ,
דַיינְס אִיז אִי דֶער קִינִיג אִי דָאס קִינִיגְרַייךְ“.

פֶּרֶד. דֶער מוילאֵייזֶעל אִיז אִין דֶער וֶועלט אַ פַּארנֶעהם,
און הָאט פַּאר זַיינֶע מַעֲלוֹת אַ גְרויסֶען שֵׁם.
אויף אִיהם פְּלֶעגֶען דִי גְרויסֶע שְׂרָרוֹת רַייטֶען,
ווִי לְמָשָׁל אונזֶערֶע מְלָכִים פַארְצַייטֶען.
בְּשַׁעַת מֶען הָאט גֶעזַאלבְּט שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ,
אִיז עָר דֶענסמָאל אויף אִיהם גֶערִיטֶען פְרֵעהלִיךְ. קעב)
אִין פָּרַס פְּלֶעגֶען אויף אִיהם גָאר ווִי אַ ווִינד,
רֶעם קֵיינִיגס פֶּעלְדְיֶעגֶערְס לויפֶען גֶעשְׁווִינד,
און אומְטוּם פַאנַאנְדֶערטְרָאגֶען אויף דֶער שְׁטֶעל,
דֶעם קֵיסֶר׳ס אוּקַאזֶען און זַיינֶע בֶּעפֶעל.
פון שׁוּשָׁן לויפֶען אַרוּיס דִי אַחַשְׁתְּרָנִים,
בְּשַׁעַת דֶעם נֵס פון פּוּרִים פַּאר כַּמָּה שָׁנִים. קעג)
הַכְּלַל, אונזֶער מוילאֵייזֶעל אִיז זֵעהר גֶעאַכְט,
עָר הָאט אִי בַּיי מְלָכִים זִיךְ אַ שֵׁם גֶעמַאכְט.
דְרוּם זָאגט עָר דִי שִׁירָה, ווָאס אִיהם אִיז גֶעשְׁטֶעלט,
„עֶס לויבֶּען דִיךְ אַלֶע מְלָכִים פון דֶער וֶועלְט“.

**גָּמָל אוֹמֵר. יְיָ מִמָּרוֹם יִשְׁאָג וּמִמְּעוֹן קָדְשׁוֹ יִתֵּן קוֹלוֹ**
**שָׁאֹג יִשְׁאַג עַל נָוֵהוּ!**

**פִּיל אוֹמֵר. מַה גָּדְלוּ מַעֲשֶׂיךָ יְיָ מְאֹד עָמְקוּ מַחְשְׁבוֹתֶיךָ:**

---

גָמָל. אִין דֶער מִדְבָּר, וָואס שְׁרֶעקְלִיךְ וַויסט אוּן טְרוּקֶען,
דָארְט פָאהרט דֶער עוֹלָם אוֹיף דֶעם קֶעמֶעלס רוּקֶען,
מֶען לָאזט זִיךְ אוֹיף אִיהם אִין דִי מִדְבָּרְיוֹת טִיף,
אַזוֹי וִוי אִין דֶעם יַם אוֹיף אַ הַאנְדֶעלס-שִׁיף. קעד)
פָאהרֶענדִיג אוֹיפֶ'ן קֶעמֶעל שְׁרַייט מֶען אוּן זִינגְט,
עֶר הָאט וֶועהר הֲנָאָה אַז מֶען פַּייפְט אוּן קְלִינגְט. קעה)
דָאס קֶעמֶעל אַלֵיין שְׁוַויגט אַ מָאל אוֹיךְ נִיט שְׁטִיל,
אוּן בַּאסֶעוֶועט צוּ מִיט אַ שְׁרֶעקְלִיךְ גֶעבְּרִיל.
בִּפְרַט נָאךְ דֶענְסְמָאל אִין דֶער פְּרוּכְטְפֶּערוּנְגְס-צַייט,
וֶוערד עֶס פָּשׁוּט מְשׁוּגָע, בְּרִילְט שְׁרֶעקְלִיךְ אוּן שְׁרַייט.
עֶר שְׁרַייט אוֹיף זַיין וואוֹינוּנג אִין דֶער מִדְבָּר דָארט,
אוּן מֶען הֶערט אִיהם שְׁרַייעֶנְדִיג אִין אִיטְלִיכֶם אָרט. קט)
פוּנֶ'ם הַאלז קְרִיכְט אִיהם נָאךְ דָאס בְּרִיל-הוֹיט אַרוֹיס,
וָואס וִוי אַ דוּדֶעלְזַאק זֶעהט עֶס מְשׁוּנֶה אוֹיס.
דָאס קֶעמֶעל שְׁרַייעֶנְדִיג מִיט אַ גֶעטִימֶעל,
זָאגט שִׁירָה אַזוֹי: „גָאט שְׁרַייט פוּנֶ'ם הִימֶעל,
אוּן פוּן זַיין הֵיילִיגֶען זִיטץ גִיט עֶר זַיין קוֹל,
שְׁרַייעֶט אוּן בְּרִילְט אוֹיף זַיין וואוֹינוּנג אַלֶע מָאל".

פִּיל. אַנְקוּקֶען דֶעם הֶעלְפַאנְד שְׁטֶעלְט זִיךְ דִי הָאר אוֹיף,
מֶען בֶּעדַארף גוּט פַארְרַייסֶען דֶעם קָאפּ אַרוֹיף,

# חַיּוֹת הַשָּׂדֶה אוֹמְרִים. בָּרוּךְ הַטּוֹב וְהַמֵּטִיב:

אַזוֹי גְרוֹיס אוּן אַזוֹי מְשׁוּנֶּה הוֹיךְ אִיז עֶר,
פוּן דִי אַלֶע בֶּעשֶׁעפְנִישׁ אִין דֶער וֶועלט מֶעהר.
אִין אִיהם זֶעהט אַרוֹיס אִיטלִיכֶער בֶּעזוּנדֶער,
ווִי גְרוֹיס גָאטֶס מַעֲשִׂים זֶענֶען גָאר ווּאוּנְדֶער.
ווָאס טוֹיג דָא הַמְצָאוֹת אוּן צוּפִיל חֲקִירָה,
דֶער עֶלְפַאנְד אַלֵיין זָאגְט עֶס אִין זַיין שִׁירָה:
גְרוֹיס אִיז רַיינֶע מַעֲשִׂים, גָאט, מַיין קַאטָאוֶועס
וֶועהר טִיף זֶענֶען רַיינֶע אַלֶע מַחֲשָׁבוֹת.

חַיּוֹת הַשָּׂדֶה, בְּהֵמוֹת ווָאס אוּנְטֶער דֶעם מֶענְשֶׁענס הַשְׁגָּחָה.
זֵיי אִיז מְפַרְנֵס דֶער מֶענשׁ פַאר זֵייעֶר מְלָאכָה;
אָבֶּער אוֹיפֶ'ן פֶעלד דִי חַיּוֹת אַלֶערלֵיי,
אוּנטֶער ווֶעמֶענס הַשְׁגָּחָה, הַא, זֶענֶען זֵיי
ווֶער הָאט עֶס אִין זִין אַזוֹי פִיל בֶּעשֶׁעפְנִישׁ,
אִיטלִיכֶען צוּשִׁיקֶען זַיינֶע בֶּעדֶערפְנִישׁ.
ווֶער הָאט עֶס אוֹיף דִי אַלֶע חַיּוֹת אַיין אוֹיג,
אִיטלִיכֶער חַיָּה צוּגֶעבֶּען ווָאס אִיהר טוֹיג.
גָאט דֶער גוּטֶער, ווָאס שְׁפַּייזְט דִי ווֶעלְט מִיט זַיין גְנָאד.
ווָאס טְהוּט חֶסֶד אוּן קְמֵעהט אוֹיס אִיטלִיכֶענס שָׁאד,
עֶר גִיט דִי פֶעלְד־חַיּוֹת זֵייעֶר טֶעגְלִיךְ בְּרוֹיט,
עֶר פַארזָארגְט זֵיי מִיט פַּרְנָסָה אִין דֶער נוֹיט.
מֶען הָאט נָאךְ נִישְׁט גֶעפוּנֶען בִּיז אַהֶער,
פוּן הוּנְגֶער אִין ווַאלְד אַ גֶעפֵּגֶרְטֶען בֶּער.

**אַרְיֵה אוֹמֵר. יְיָ כַּגִּבּוֹר יֵצֵא כְּאִישׁ מִלְחָמוֹת יָעִיר קִנְאָה יָרִיעַ אַף יַצְרִיחַ עַל אוֹיְבָיו יִתְגַּבָּר:**

וִוינְט אִיךְ לֶעבּ, זָאגְט רֶבִּי שִׁמְעוֹן אַ גְלַייךְ־וָוארט,
זֶעה אִיךְ נִיט אַ לֵייבּ אַ טְרֶעגֶער אִין קֵיין אָרט,
אוּן אַ פוּקס זָאל שְׁרְגִיץ וואוּ אַ קְרֶעמֶער זַיין,
דָאךְ דֶערנֶעהרֶען זֵיי זִיךְ אָהן צַעַר אוּן פַּיין. קעז)
דִי פֶּעלד־חַיּוֹת דַאנְקֶען, בֶּענְשֶׁען גָאט דֶערפַאר
וָואס עֶר אִיז זֵיי אַלֶע מְפַרְנֵס אָהן צַעַר.
אַזוֹי בֶּענְשֶׁען זֵיי גָאט, זָאגֶען שִׁירָה הוֹיךְ:
„גֶעלוֹיבְּט זֵיי דֶער וָואס אִיז גוּט אִי מְהוּט גוּטֶס אוֹיךְ״.

אַרְיֵה, פוּן וִוינְט דִי וֶועלט שְׁטֵעהט בִּיז אִין אוּנְזֶערֶע טֶעג,
אִיז דֶער לֵייבּ פַאר זַיין גְבוּרָה, וָואס אָהן אַ בְּרָעֶי
אַ מֶלֶךְ אִיבֶּער אַלֶע חַיּוֹת אוּמְטוּם,
אוּן אַלֶע גִיבֶּען אִיהם אָפּ כָּבוֹד אִי רוּהם.
דִי אַלֶע חַיּוֹת צִיטֶערֶען פַאר זַיין בְּלִיק,
דִי נְשָׁמָה פַאלְט זֵיי אַרוֹיס נִיט עֶר אַ הִיק.
נִישְׁטָא אַקֶעגֶען אִיהם קֵיין עֵצָה, קֵיין הִילְף,
עֶר בֶּעגְרָאבְט זֵיי אִיטְלִיכֶען אִין דֶער עֶרד טִיף.
בְּשַׁעַת דֶער לֵייבּ קוּמְט אִין כַּעַס אַרַיין שְׁטַארְק,
טְרֵייסֶעלְט עֶר מִיט דֶער גְרִיוֶוע וָואס אוֹיפֶ׳ן קַארְק,
שָׁאקֶעלְט אַהִין אוּן אַהֶער אוֹיךְ מִיט דֶעם עֶק,
אוּן פַאר אִיהם וַוייזֶען זִיךְ דֶעמְסְמָאל אִיז אַ שְׁרֶעק.
גִיעהט עֶר אוֹיף רוֹיבּ אַרוֹיס עֶרגִיץ אִין אַיין אָרט,
פַאלְט אָהן אַ מְהוּמָה אוֹיף אַלֶע חַיּוֹת דָארְט,

**הדב אומר. ישאו מדבר ועריו חצרים תשב קדר ירנו ישבי סלע מראש הרים יצוחו:**

הינט צאפלען, יאמערען און קלאגען אוי וויי,
אקסען מריקען און רעווען מיט א געשריי,
דיבאם שטעלען די פערד זיך אויף ווי פארריקט,
און שאף שמעהען אינאיינעם צונויפגעשטיקט. קעח)
דער שרעקליכער מלך קומט אויפ'ן פלעק,
נעהמט זיין קרבן און לויפט דערמיט אוועק.
אזוי זאגט דער לייב זיין שירה דאריבער:
דער האר געהט ארוים אזוי ווי א גבור,
דערוועקט זיין צארן ווי אין מלחמה דער העלד,
שרייט, פילדערט און זיינע פיינד גובר אין פעלד.

דוב. נאך דעם לייבס משפחה אין שטארק וילד דער בער,
ווען נישט דער לייב, וואלט בעדארפט מלך זיין ער.
פאר זיינע לאפעס, וואס ווי האט נישט קיינער,
וואס איטליכען ברעכט ער מיט זיי די ביינער.
אויף בערג און אויף סקאלעס ערגיץ אין א העק,
דארטען האלט זיך אויף אונזער בער אהן איין עק. קעט)
פון דארטען ברומט ער צייטענווייס מיט א הילך,
און עס אנטפאלט איטליכען דער מאמעס מילך.
מען יאגט עפטערס דעם בער מיט א צינייגער,
אין מאטערס הויף זיצט דער בחור דער פיינער.
אויף זיינע לאפעס זעהט מען איהם דארט טאנצען,
און עס קומט עפים משונה אוים איגאנצען.

## זְאֵב אוֹמֵר. עַל כָּל דְּבַר פֶּשַׁע עַל שׁוֹר עַל חֲמוֹר עַל שֶׂה עַל שַׂלְמָה עַל כָּל אֲבֵדָה אֲשֶׁר יֹאמַר כִּי

אָט איז דֶעם בֶּערס שִׁירָה, וָואס עֶר שְׁטֶעלְט צוּנוֹיף,
און זָאגט זִי בַּיי זִיךְ אִדֶער אִין מַאטֶערס הוֹיף:
„עֶס זִינגְט דִי מִדְבָּר און דִי שְׁטֶעדט אִיהרֶע דָארט,
דִי הֵייפֶען, וֶועלכֶע זֶענֶען דֶעם טַאטֶערס אָרט.
עֶס שְׁרַייעֶן דִי אֵיינְוואוֹינֶער אוֹיף אַ סְקַאלֶע,
פוּן דִי שְׁפִּיץ בֶּערג דָארטֶען בְּרוּמֶען זֵיי אַלֶע".

זְאֵב. דֶער וָואלף מִיט דֶעם הוּנד גֶעהֶרֶען זִיךְ קְרוֹבִים אָן,
און הָאבֶען צְווִישֶען זִיךְ בֶּעשְׁטֶענדִיג צוּטָאן.
דֶער וָואלף לֶעבְּט אִין אַלֶע מְקוֹמוֹת פְּרַאנק און פְרַיי,
און זָאגט זִיךְ נִישְׁט אָפּ פוּן דָבָר מִן הַחַי
עֶר פַארצוּקט בְּהֵמוֹת ווִי אַ חַיָה רָעָה,
און הָאט פוּן אַ שֶׁעפֶּעלֶע שְׁטַארק הֲנָאָה.
חַאפְּט זִיךְ אַרַיין אִין טְשֶׁערֶעדֶעס אוֹיפֶ׳ן סְטֶעפּ,
און דְרֵעהט שֶׁעפֶּעלִיךְ נֶעבִּיךְ דָארט אָפּ דִי קֶעפּ:
דֶער הוּנד אָבֶּער דִינְט זַיין בַּעַל־הַבַּיִת טְרַיי,
און שְׁרַייט אוֹיף אַזאַ מַעֲשֶׂה רַע: אַי, אַי, אַי.
אַי, פֶּעטֶער וֶועלְוֶועל, דוּ בִּיסט אַ רוֹצֵחַ,
הִיט זִיךְ פַאר מִיר, אִיךְ הָאבּ אַ חוּש־הָרֵיחַ.
אִיךְ בִּין דָאךְ אַ שׁוֹמֵר, פָּאלְג מַיין הַארס גֶעבָּאט,
צוּהִיטֶען אִין פֶעלד זַיינֶע בְּהֵמוֹת, זַיין סְקָאט,
וָואס ווִילְסט דוּ, גַנָב אֵיינֶער, הָאבֶּען פוּן מִיר,
וַוייטֶער, וַוייטֶער אַבִּיטֶעל, נַזְלָן, גֵעה דִיר.

**הוּא וָה עַד הָאֱלֹהִים יָבֹא דְבַר שְׁנֵיהֶם אֲשֶׁר יַרְשִׁיעֻן אֱלֹהִים יְשַׁלֵּם שְׁנַיִם לְרֵעֵהוּ:**

הִיט זִיךְ, זָאג אִיךְ דִיר אָן מִיטֶען הַארבֶען וָוארט,
דוּ גַנָב, גַזְלָן, אַלְסְדִינְג וָואס אִין דֶער קָארט.
נָאר דֶער וָואלף אָבֶּער בַּיי זִיךְ אִיז אוֹיךְ גֶערֶעכט,
וָואס בִּילְסט דוּ אַזוֹי, הוּנד, דוּ פַארפְלוּכְטֶער קְנֶעכְט.
אוּן רֶעכֶענְסְט מִיר דָא אוֹיס אַ צֶעטִיל פוּן זִינד,
דוּ ווִילסְט אֶפְשַׁר, הַא, אִיךְ זָאל לֶעבֶּען פוּן ווִינד.
דוּ בֶּעדַארְפְסְט, עַזוּת פָּנִים, נִיט פַארגֶעסֶען,
אַז אִיךְ בִּין אַ בָּשָׂר וָדָם אוּן ווִיל עֶסֶען.
מִיט וָואס בִּין אִיךְ עֶרגֶער פוּן אַנְדֶערֶע טַאקֶע,
זַיי מֶעגֶען עֶסֶען פְלֵייש אוּן אִיךְ אַ מַכָּה.
מַה רַעַשׁ, וָואס שְׁרַייסט דוּ אַזוֹי אוֹיף דִי צֵיין,
אוּן דוּ, הוּנד אֵיינֶער, הָאסט פַיינְט אַ פֶעטֶען בֵּיין.
אַלֶע חַיוֹת רוֹיבֶּען, פִילֶען אָן דֶעם בּוֹיךְ,
אֲפִילוּ דַיין בַּעַל־הַבַּיִת, עֶר עֶסט אוֹיךְ.
אוּן פוּגָ׳ם עַל חֵטְא,
אִיז קֵיינֶער נִישט פָּעט.
דֶער וָואלף אֵיינֶענטלִיךְ דְרִינְגט דָא אוֹיס ווִי מֶעגְלִיךְ,
אַז נָאט אִיז אִיטלִיכֶען מְפַרְנֵס טָאג־טֶעגְלִיךְ.
אוּן אוֹיף דֶעם שְׁטֵייגֶער, ווִי עֶר בֶּעקוּמט מְזוֹנוֹת,
דַארף עֶר קֵיינֶעם נִישט אָפְּגֶעבֶּען חֶשְׁבּוֹנוֹת.
נָאר, עוֹלָם, אַ מוּסָר דֶערמִיט זָאגט עֶר אֵייךְ,
אַז דְרִינֶען זֶענְט אִיהר, מֶענְשֶׁען, צוּ אִיהם נִיט גְלַייךְ

# שׂוּעָל אוֹמֵר. הוֹי בּוֹנֶה בֵּיתוֹ בְּלֹא צֶדֶק וַעֲלִיּוֹתָיו

אִיהר דַארְפְט מַאכִן שְׂכֶען, אִיהר וֶוענט פְלֵייש אוּן בְּלוּט,
אִיהר ווייסט דָאךְ אָבֶּער „טוֹב וְרַע", וָואס שְׁלֶעכְט, וָואס גוּט.
אַייךְ הָאט גָאט גֶעזֶעצְט, מִשְׁפָּטִים גֶעגֶעבֶּען
ווִי זִיךְ אוֹיפְצוּפִיהרֶען אוּן ווִי צוּ לֶעבֶּען.
אוּנזֶערֶע פְרַאוֶועס אִיז נִישְׁט גֶעוֶוענְדט אִין כֹּחַ
נָאר אִין דִין תּוֹרָה, יוֹשֶׁר, הַארץ אוּן מוֹחַ.
פַארְדִינֶען מוּז מֶען דָאס בֶּעדֶערְפְנִיש אַלֵיין.
בַּיי יֶענְעם צוּנֶעהמֶען אִיז נִישְׁט רֶעכְט, נִיט שֵׁיין
אוֹיף אִיטְלִיכֶער פַאלשֶׁער זַאךְ אוּן פַאלשֶׁע רֵייד,
וֶוענֶען אַיין אָקס, אַיין אֵייזֶעל, אַ שָׁאף, אַ קְלֵייד
וֶוענֶען אַ פַארְלִירוּנג עֶפֶּעס אוֹיף אַ דָאר,
וָואס מֶען וֶועט בֶּעוַוייזֶען: אַזוֹי אִיז דָאס גָאר,-
מוּז בֵּיידֶענְס זַאךְ, פוּן דֶעם אִי פוּן יֶענֶעמס צַד
קוּמֶען פַאר דַיָּנִים צוּמַאכֶען אַ לַאד,
אוּן וֶועמֶען אוּמְגֶערֶעכְט גֶעבֶּען וֶועלֶען זֵיי
דֶער מוּז בֶּעצָאהלֶען דֶעם חָבֵר פַאר אֵיינֶם צְוֵויי". (קס)

שׂוּעָל. דֶער פוּקס, דֶער רַמַּאי פוּן דִי חַיּוֹת רָעוֹת,
אִיז אוּמְטוּם בֶּעקַאנְט מִיט זַיינֶע רַמָּאוּת,
אִיבֶּער אִיהם וֶוענֶען דָא מַעֲשׂוֹת אָהן אַיין עֶק,
ווִי עֶר שְׁווִינְדֶעלט דִי חַיּוֹת אָפּ גָאר אַ שְׁרֶעק. (קסא)
דִי אַלֶע חַיּוֹת פוּן אוֹיבֶּען בִּיז אַרָאפּ,
טְהוּט עֶר מִיט זַיינֶע שְׁפִּיצְלֶעךְ אוֹיף טֶערְקִיש אָפּ.

## בְּלֹא מִשְׁפָּט בְּרֵעֵהוּ יַעֲבֹד חִנָּם וּפֹעֲלוֹ לֹא יִתֶּן לוֹ:

עֶר מַאכט הוֹקֶעס-פּוֹקֶעס, פַּאלט אוֹיף הַמְצָאוֹת,
וִוי צוּלֶעבֶּען גוּט אוֹיף פְרֶעמדֶע הוֹצָאוֹת.
קְלַייבּט אִין שְׁכֵנוּת זִיךְ אַרַיין אִין יֶענֶעמס רוּה,
אוּן נֶעהמט דֶערְנָאךְ גָאר מַאכִי דִי דִירָה צוּ.
דֶער בַּייבַּאק גֶעבִּיךְ גְרָאבְּט זִיךְ אַ טִיפֶע גְרוּב,
אוּן בּוֹיעֶט דָארטֶען אוֹיס מִיט קוּנְצֶען אַ שְׁטוּב,
מַאכט אָן אוֹיבֶּערשְׁטִיבּלִיךְ, אַלְקִירִם אִין דֶער זַייט,
דָארֶעוֶועט אוֹיף דֶעם אַוֶועק אַ הִיבּשֶׁע צַייט,-
וַואקסט צוּם חֲנוּכַּת הַבַּיִת דֶער פּוּקס אוֹיס,
אִין פוּן זַיין מַזָל טוֹב קוּמט אוּמגְלִיק אַרוֹיס.
הָאבּ, בְּרוּדֶער, זָאגט עֶר, אוֹיף מִיר קֵיין פַּארְאִיבֶּעל,
מִיר גֶעפֶּעלְט זֶעהר צוּ וואוֹינֶען אִין דַיין שְׁטִיבֶּעל. קפב)
אַי וָואס, פַאר אוּנז בֵּיידֶע אִיז קֵיין פְּלַאץ נִיטָא,
נוּ, לָאז אָפּטְרֶעטֶען דֶער, וָועמֶען אֵיינג אִיז דָא.
דֶער בַּייבַּאק אַרְבַּייט אוֹיף דֶעם פּוּקס גָאר אוּמְזִיסט,
אוּן הָאט פוּן זַיין אַרְבַּייט נִיט קֵיין שׁוּם קָארִיסט.
אַ שֵׁיינֶער מַשָׂא וּמַתָּן וָואלט גֶעוֶוען,
וֶוען צְווִישֶׁען מֶענְשֶׁען זָאל אוֹיךְ אַזוֹי גֶעשֶׁעהן.
אֵיינֶער זָאל בּוֹיעֶן, אַרבַּייטֶען שְׁטַארְק,
אוּן יֶענֶער זָאל אִיהם גֶעבֶּען פְּלוּצְלִים אִין קַארק.
מֶען וָואלט גֶעלֶעבּט וִוי אִין סְדוֹם אוּן עֲמוֹרָה,
אוּן עוֹבֵר גֶעוֶועזֶען אוֹיף כָּל הַתּוֹרָה.
דֶער פּוּקס קֶען דֶערמִיט אוּנְז אַ מוּסָר גֶעבֶּען,
עֶר זָאגט, אַזוֹי טָארֶען מֶענְשֶׁען נִיט לֶעבֶּען.

כְּלָבִים אוֹמְרִים. בֹּאוּ נִשְׁתַּחֲוֶה וְנִכְרָעָה נִבְרְכָה לִפְנֵי יְיָ עֹשֵׂנוּ:

„וועה, וועה, ווער זיין הויז בויט מיט אוּמְרֶעכְט, מיט איבעל
און שֶׁלֹּא בְּיוֹשֶׁר אי זיין אויבערשטיבעל,
מיט זיין חָבֵר ווער עס ארבייט גאר אוּמזיסט,
און ער בעצאהלט איהם ניט זיין לוין, זיין פארדינסט".

כְּלָבִים. מען מעג אויף די הינד זיך זאגען וואס מען וויל,
נאר פון דער געטריישאפט צום הַאר דאס געפיהל
קען מען בְּשׁוּם אוֹפֶן ביי זיי נישט צוגעהמען, קפג)
מען מעג אין דער מִדָּה פאר זיי זיך שעהמען.
דער הַאר זייערער מעג זיי מאכען דעם טויט,
נישט געבען זיי אֲפִילוּ א שטיקעל ברויט;
פונדעסטוועגען בלייבען זיי איהם געטריי דאך,
און ווארפען פון זיך כְּלַל ניט אראפ זיין יאך.
זיי האבען אֱמוּנָה, זייער הַאר איז גוּט,
אז ער שלאגט, מסתמא ווייסט ער וואס ער טהוט,
הַלְוַאי אויף אונז מענשען געזאגט געווארען,
מען זאל אנגעהמען פאר ליב אי גאטס צארען.
אֲפִילוּ בְּשַׁעַת ער שטראפט אונז מיט זיין גְּרִים.
זאל מען האבען אֱמוּנָה, גלויבען אין איהם
און נישט אפטרעטען פון גאט אי אויף א הָאר.
די הינד אין זייער שִׁירָה זאגען דאס קלאר:

# זַרְזִיר אוֹמֵר. וְנוֹדַע בַּגּוֹיִם זַרְעָם וְצֶאֱצָאֵיהֶם בְּתוֹךְ

„קוּמְט, לָאמִיר זִיךְ בּוּקֶען, פַאלֶען וִוי שְׁקְלַאפֶען,
זִיךְ קְנִיעֶן פַאר גָאט, וָואס הָאט אוּנז בֶּעשַׁאפֶען".

זַרְזִיר. צְווִישֶׁען דִי הִינד אִיז דָא אַ גוּזְמָא מִינִים,
וָואס זֵיי צוּדֶערקֶענֶען דַארף מֶען זַיין מְבִינִים.
אַלֶע אָבֶּער דֶערקֶענֶען דֶעם דַארֶען חָארט,
וָואס עֶר גֶעפִינט זִיךְ אוּמְטוּם אִין אִיטלִיכֶם אָרט,
פוּנְדֶערוַוייטֶענס דֶערקֶענְט אִיהם יֶעדֶער גֶעשְׁווִינד,
דֶער הוֹיכֶער, דַארֶער חָארט לוֹיפט גִיךְ וִוי אַ וִוינד. קפד)
אִיז גֶעזוּנְד אַייזֶען אוּן פַאלט אָן וִוי אַ הֶעלד,
אוֹיף לֶעמְפֶּערטֶען אִי חַיוֹת רָעוֹת אוֹיפֶ'ן פֶעלד.
אִין אַפְרִיקָא וָואלְט עֶרְטֶערוַויים וֶוען נִישְׁט עֶר,
מַחֲמַת דִי חַיוֹת צוּ וואוֹינֶען גֶעוֶועזֶען שְׁוֶוער. קפה)
דְרִיבֶּער שְׁטֵעהט עֶר אִין פָּסוּק אַרַיינְגֶעשְׁטֶעלט,
צְווִישֶׁען דֶעם צֶעטִיל גִבּוֹרִים אִין דֶער וֶועלְט. קפו)
זְרִיזִים וִוי דֶער חָארט זֶענֶען דִי יוּדֶען אוֹיךְ,
דֶער קָאפּ זֵייעֶרֶער אִיז פְלִינק, פְלִיהט אִין דֶער הוֹיךְ:
זֵיי רִיהרֶען זִיךְ גֶעשְׁווִינד אַהִין אוּן אַהֶער,
וֶוענֶען טְרַיי גָאט אוּן דֶעם קֵיסֶר זֵייעֶר הֶער.
וָוען נִישְׁט זֵיי, וָואלְטֶען עֶרְטֶער מַאכִי זֶעהר פִיל
גֶעוֶועזֶען גָאר טוֹיט, וִוי אַ בֵּית עוֹלָם שְׁטִיל. קפז)
מֶען דֶערקֶענְט דֶעם אִידֶעל וָואס וִוי אַ חָארט דַאַר,
עֶר אִיז אָהן אַיין הָרָע אַ שְׁטַארְקֶער גִבַּר.

הָעַמִּים כָּל רֹאֵיהֶם יַכִּירוּם כִּי הֵם זֶרַע בֵּרַךְ יְיָ׃

דֶער דַארֶער חָארט מִיט הויכֶע פִּים קומט אַפִּיר
און זָאגט אויף אַלֶע זַיינֶע מַעֲלוֹת דֶעם שִׁיר:
צְווִישֶׁען פֶּעלְקֶער וֶוערד זֵייעֶר זֶרַע בֶּעקַאנְט.
און זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אִין אִיטלִיכֶען קַאנְט.
אַלֶע וָואס זֶעהֶען זֵיי דֶערקֶענֶען אָהן שְׁפָּאט,
אַז דָאם זֶענֶען קִינְדֶער אַ בְּרָכָה פון גָאט. קפח,

רַבִּי יְשַׁעְיָה תַּלְמִידוֹ שֶׁל רַבִּי חֲנִינָא בֶּן דוֹסָא הִתְעַנָּה שְׁמוֹנֶה וּשְׁמוֹנִים תַּעֲנִיוֹת. אָמַר: כְּלָבִים שֶׁכָּתוּב בָּהֶם: וְהַכְּלָבִים עַזֵּי נֶפֶשׁ לֹא יָדְעוּ שָׂבְעָה, יִזְכּוּ לוֹמַר שִׁירָה. וְעָנָה לוֹ מַלְאָךְ מִן הַשָּׁמַיִם וְאָמַר לוֹ: יְשַׁעְיָה! עַד מָתַי אַתָּה מִתְעַנֶּה עַל זֶה הַדָּבָר? שְׁבוּעָה הִיא מִלִּפְנֵי הַמָּקוֹם בָּרוּךְ הוּא. מִיּוֹם שֶׁגִּלָּה סוֹדוֹ לַחֲבַקּוּק הַנָּבִיא לֹא גִלָּה דָבָר זֶה לְשׁוּם בְּרִיָּה בָּעוֹלָם, אֶלָּא בִּשְׁבִיל שֶׁאַתָּה תַּלְמִידוֹ שֶׁל חָכָם גָּדוֹל שְׁלָחוּנִי מִן הַשָּׁמַיִם לְזַהֵק אֵלֶיךָ וְאָמְרוּ: כְּלָבִים שֶׁכָּתוּב בָּהֶם:

וּלְכֹל בְּנֵי יִשְׂרָאֵל לֹא יֶחֱרַץ כֶּלֶב לְשׁוֹנוֹ, וְלֹא עוֹד אֶלָּא שֶׁזָּכוּ לְעַבֵּד עוֹרוֹת מִצּוֹאָתָם שֶׁכּוֹתְבִין בָּהֶם תְּפִילִין וּמְזוּזוֹת וְסֵפֶר תּוֹרָה, עַל כֵּן זָכוּ לוֹמַר שִׁירָה. וּלְעִנְיַן הַשְּׁאֵלָה שֶׁשָּׁאַלְתָּ חֲזוֹר לַאֲחוֹרֶיךָ וְאַל תּוֹסִיף בַּדָּבָר הַזֶּה עוֹד כְּמוֹ שֶׁכָּתוּב: שׁוֹמֵר פִּיו וּלְשׁוֹנוֹ שׁוֹמֵר מִצָּרוֹת נַפְשׁוֹ: (קפט)



# טוב טעם

א) הוא מוסור קמ״ח, שכל הנבראים העליונים והתחתונים משבחים ומשוררים לבוראם והוא הוא הפרק. שירה בכלל, שבו מכרו רק הבונים הגבוהים מכל הזקום. וזהו גם דעת בעל „חסד לאברהם״ כמכר לעיל בפתיחה.

ב) רנו שמים וגו׳ הריעו תחתיות ארץ פצחו הרים רנה יער וכל עץ בו (ישעיה מ״ד כ״ג) וכן תכבדני חית השדה תנים ובנות יענה (שם מ״ג כ׳) שמזה הוכיחו ז״ל כי בעה״ח אומרים שירה (חולין ס״ד, ב׳) ועוד מקראות הרבה בכמה מקומות המתארים את עולם המציאות כמנגן ושר לפני המקום ב״ה ומספרים את כבודו:

ג) כתב המורה (פ״ח לשני) מן הדעות הקדומות, המתפשטות אצל הפילוסופים ורוב האנשים, שלתנועות הגלגלים קולות נוראים עצומים מאד. וסיעת פיטאגורים כלה תאמין בזה שיש להם קולות ערבים נערכים עם גדלם כהערך נעמי המוסיקא. וזהי הדעת מפורסמת באומתנו ג״כ (שיחזקאל היה מזו הדעת באמרו ואשמע את קול כנפיהם כקול מים רבים כקול שדי. אפודי ושם טוב שם) הלא תראה החכמים יתארו גדל קול השמש בעת מרוצתה (והוא ביומא סוף פ״ק כ׳ מפני מה אין אדם נשמע קולו ביום כדרך שנשמע בלילה מפני גלגל חמה שמנסר ברקיע. ועוד שם אלמלי קול גלגל החמה נשמע קול המונה של כרך) וכן ראוי לכלם. אמנם אריסטו ימאן זה. ובס׳ יד החזקה (הלכות יסודי התורה פ״ג, ט׳) כתב עוד: כל הכוכבים והגלגלים כלן בעלי נפש ודעה והשכל הם, והם חיים ועומדים ומכירין את מי שאמר והיה העולם, כל אחד ואחד לפי גדלו ולפי מעלתו משבחים ומפארים ליוצרם. והוסיף לדבר בזה במורה (בחמישי לחלק שני) אמנם שהגלגלים חיים משכילים זה אמת נכון ג״כ מצד התורה וכו׳ עובדים את אדוניהם ישבחוהו ויהללוהו שבח גדול, אמר השמים מספרים כבוד אל וגו׳ התבונן סדרם בברכת הירח (באמרם ששים ושמחים לעשות רצון קונם) ומה שנכפל בתפלות ותורף המדרשות באמרו וצבא השמים לך משתחוים ובאמרו ברן יחד כוכבי בוקר ויריעו כל בני אלהים. והנה במדרש רבה (על פסוק האזינו השמים וגו׳) מכאן אתה למד שיש לשמים פה ולב ואזן... ברא הקב״ה שמים וארץ שיהוו מקלסים אותו. והראב״ע

על הפסוק מקולות מים רבים (תהלים צ״ג ד׳) אמר: וזה לאות כי לגלגלים קולות וכן כתוב ביחזקאל כקול מים רבים.

ד) מכנף הארץ זמירות שמענו (ישעיה כ״ד, ט״ו) וע״ז אמרו ז״ל (סנהדרין צ״ד א׳) מיד פתחה הארץ ואמרה לפניו: רבש״ע אני אומרת לפניך שירה. ובתוספות שם: כתוב בתשובת הגאונים וכו׳ גבי חיות שש כנפים לאחד וכל כנף הוא אומר שירה אחת ביום בששת ימי החול וכשתגיע שבת אומרים החיות לפני המקום: רבש״ע אין לנו עוד כנף והקב״ה משיב להם יש לי עוד כנף אחד שאומר לפני שירה, שנאמר מכנף הארץ זמרות שמענו.

ה) כבתוב בברכת היוצר: והאופנים וכו׳ פנת צבאיו תמיד מספרים כבוד אל וקדושתו וכו׳ וכלם פותחים את פיהם בשירה ובזמרה ומברכים וכו׳ נעימות יתנו זמירות יאמרו וכו׳ ודומיהם הרבה המעידים, שמיסדי התפלה טמטו בדרך הקדש הזה לתאר כללות הבריאה כגון יפה וטוב ונשגב להפליא.

ו) והיאך היא הדרך לאהבתו וליראתו, בשעה שיתבונן האדם במעשיו וברואיו הנפלאים והגדולים ויראה מהן חכמתו שאין לה ערך ולא קץ, מיד הוא אוהב ומשבח ומפאר ומתאוה תאוה גדולה לידע השם הגדול, וכשיחשב בדברים האלו עצמן, מיד הוא נרתע לאחוריו ויפחד, וידע שהוא בריה קטנה שפלה אפלה עומדת בדעת קלה ומעוטה לפני תמים דעות (הלכות יסודי התורה פ״ב, ב׳).

ז) כל העוסק בפרק שירה בעולם הזה מעיד אני עליו שהוא נצול מיצר הרע ומפגע רע ומשטן המשחית ומכל מיני מזיקין ומחבלו של משיח ומדינה של גיהנם וזוכה ללמוד וללמד לשמור ולעשות ותלמודו מתקים בידו ומאריך ימים וזוכה לחיי עולם הבא:

והנה במאמר הזה יש חילופי גרסאות הרבה בכל הסדורים שלפני, אלה מחסים אותו לר׳ אליעזר בנוסח זו: תניא ר׳ אליעזר אומר כל העוסק וכו׳ (כמו בסדור שערי שמים) ואלה מתחילים: תניא רבי אומר וכו׳ (כמו בסדור קרבן מנחה, דפוס ווילנא) ובפרק שירה בס׳ בית אלהים להגאון מבי״ט הגירסא תניא רבי אליעזר הגדול וכו׳ וחילופי הנוסחאות מטילים ספק במאמר הזה ורוב דבריו הכלולים בו למי הם. וע״כ אולי השמיט אותם הרב יעב״ץ והציג לפני הפרק שירה סתם רק הדברים המעטים האלה: כל העוסק בפרק שירה בעולם הזה זוכה ללמוד ותלמודו מתקים בידו ונצול מיצר הרע ומחבוט הקבר (בס׳ בית אלהים ליתא) ומדינה של גיהנם וזוכה לימות המשיח ולחיי העולם הבא, וכן הסדירו רבים לפני פרק שירה המאמר: תניא רבי אליעזר אומר כל האומר פרק שירה זה בעולם הזה זוכה ואומרו לעוה״ב שנאמר אז ישיר משה שר לא נאמר אלא ישיר מלמד שעתיד לומר לעתיד לבא, ובגמרא (סנהדרין צ״א, ב׳) מובא המאמר

הזה, בשנוי האמרו והטעם שלו, בלשון זה: א״ר יהושע בן לוי כל האומר שירה בעוה״ז זוכה ואומרה לעולם הבא שנאמר אשרי יושבי ביתך עוד יהללוך סלה זמן הכתוב אז ישיר ונומ׳ הוכיח שם ר׳ מאיר לתחיית המתים מן התורה.

ח) גמור בכל לבבך ובכל נפשך לדעת דרכי ולשמור דלתות היכלי ותורתי ולשמור מצותי וחקי, נצור תורתי בלבך ונגד עיניך תהיה יראתי, שמור פיך ולשונך מכל חטא ואשמה ואני אהיה עמך בכל מקום שתלך ואלמדך שכל ובינה מכל דבר והוי יודע שכל מה שברא הקב״ה לא בראו כי אם לכבודו, שנאמר כל הנקרא בשמי לכבודי בראתיו יצרתיו אף עשיתיו.

והנה יחסו זה המאמר ג״כ לר׳ אליעזר או לרבי אליעזר הגדול (בס׳ בית אלהים) ובגמרא (ברכות י״ז, א׳) הובאו הדברים האלו בשינוי לשון קצת מר׳ מאיר; מרגלא בפומיה דר׳ מאיר גמור בכל לבבך ובכל נפשך לדעת את דרכי ולשקוד על דלתות תורתי נצור תורתי בלבך ונגד עיניך תהיה יראתי. שמור פיך מכל חטא וטהר וקדש עצמך מכל אשמה ועון ואני אהיה עמך בכל מקום, וזהו דבר שצריך עיון.

ט) אמרו חז״ל על דוד מלך ישראל: בשעה שסיים ספר תהלים זחה דעתו עליו ואמר לפני הקב״ה רבש״ע יש בריה שבראת בעולמך, שאומרת שירות ותשבחות יותר ממני. באותה שעה נזדמנה לו צפרדע אחת ואמרה לו. דוד אל תזוח דעתך עליך שאני אומרת שירות ותשבחות יותר ממך, ולא עוד אלא כל שירה שאני אומרת ממשלת עליה ג׳ אלפים משל, שנאמר וידבר שלשת אלפים משל ויהי שירו חמשה ואלף, ולא עוד אלא שאני עוסקת במצוה גדולה וזו היא המצוה שאני עוסקת בה. יש בשפת הים מין אחד שאין פרנסתו כי אם מן המים ובשעה שהוא רעב נוטלני ואוכלני, זו היא המצוה, לקיים מה שנאמר אם רעב שונאך האכילהו לחם ואם צמא השקהו מים כי גחלים אתה חותה על ראשו וה׳ ישלם לך. אל תקרי ישלם לך אלא ישלימנו לך. המאמר הזה מובא סתם מבלי שם אומרו ומלשון אמרו חז״ל וכו׳ משמע שמסדר פרק שירה הציג אותו פה, ומי הוא זה ואי זה הוא, והנה בזוהר (פרשת פנחס) אמרו; אף הוא פתח ואמר לא גבה לבי ולא רמו עיני ולא הלכתי בגדולות ובנפלאות ממני (תהלים קל״א א׳) האי קרא אמ[illegible]ד בשעתא דהוה אזיל על כיף נהרא והוה אמר רבש״ע כלום הוה בר נש בעלמא דאודי ומשבח לקיבלך כוותי. איזדמנא ליה צפרדע אחת, אמרה ליה דוד לא תתגאי דאנא עבדית יתיר ממך דמסרית נופאי על מימרא דמרי דכתיב ושרץ היאור צפרדעים והא אוקמוה. ותו דאנא מזמר ומשבח לילא ויממא דלא שכיכו. בההוא שעתא אמר דוד ה׳ לא גבה לבי ולא רמו עיני וגומ׳. הנה זה המאמר נוטה ממאמר פרק שירה בלשונו ובזמן אמירתו, ואמנם הוא מפיץ אור על

זה מפני מה נזדמן לדוד צפרדע רמקא. והוא מפני דהוה אזיל על כיף נהרא ושם שורצת הצפרדע ביאור דאיהי מזמרת ומשבחת לילא ויוממא ולא פסיק פומה משירתא ותושבחתא כדרך הצפרדעים הקולנים, שקרקורן עולה תמיד ברעש וקול גדול, ובדין הוא שתאמר לדוד מה שאמרה. והכוונה לא שאמרה לו היא בדבר שפתים, כי הדבר אין בה אלא בדרכי חייה, שהיא לאכלה תמיד לשאר בעה״ח ובכ״ז היא פותחת תמיד את פיה בשירה ובזמרה. בזה למדה את דוד ענות צדק הביאתהו לחשוב רעיון נכבד ומוסר השכל כזה, וגם הגאון מבי״ט אומר נזדמנה לו צפרדע כלומר עלה בדעתו ומחשבתו כי הצפרדע יכולה לענות לו ולומר אל תזוח דעתך. ומיהו הדבור שנאמר וידבר שלשת אלפים משל וגו׳ הוא בלי ספק הוספת המסדר ליפוי הענין ע״ד משל ומליצה, כמו הדבור שנאמר אם רעב שונאך האכילהו וגו׳ כי גחלים אתה חותה על ראשו וה׳ ישלם לך (משלי כ״ה, כ״א כ״ב) שהכתובים האלה אשר לשלמה מאוחרים בזמן מהצפרדע ומדוד מלך ישראל, ומה גם דרשת רז״ל על הכתוב הזה אל תקרי ישלם לך אלא ישלימנו לך (סוכה נ״ב, א׳) היתכן כי גם בלשון אל תקרי זה אמרה הצפרדע לדוד. אלא ודאי יפוי מליצה יש כאן מצד המסדר, כדרך רז״ל באגדותיהם המחוכמות, ובהא שפיר מתישב המאמר התמוה הזה ותשואות חן חן לו בדבריו הנחמדים והמסולאים. ודוק היטב אמנם בתרגומי על הכתוב וידבר שלשת אלפים משל וגו׳.

י) השיר שהלוים היו אומרים בבית המקדש, בראשון מה היו אומרים לה׳ הארץ ומלואה. משנה היא במסכתא (תמיד ל״ג ב׳) מפורש בגמרא (ראש השנה ל״א, א,) על שם שקנה והקנה ושלט בעולמו ופירש״י שקנה שמים וארץ והקנה תבל ליושבי בה כלומר קונה כדי להקנות ושליט בעולמו יחידי שלא נבראו המלאכים עד יום שני:

יא) בשני מה היו אומרים גדול ד׳ ומהולל מאד על שם שחלק מעשיו ומלך עליהן, ופירש״י הבדיל רקיע בין עליונים לתחתונים ונתעלה וישב במרום:

יב) בשלישי היו אומרים אלהים נצב בעדת אל על שם שגלה ארץ בחכמתו והכין תבל לעדתו. ופירש״י שגילה ארץ מקום מצב עדתו שנאמר ותראה היבשה בשלישי נאמר:

יג) ברביעי היו אומרים אל נקמות ה׳ על שם שברא חמה ולבנה ועתיד ליפרע מעובדיהן.

יד) בחמישי היו אומרים הרנינו לאלהים עוזנו על שם שברא עופות ודגים לשבח לשמו ופירש״י כשאדם רואה עופות משונים זה מזה נותן שבח למי שבראם

טו) בששי היו אומרים המלך גאות לבש, שנגמר מלאכתו ומלך עליהם

טז) והנה השיר שלהלוים בא ללמד על פרק שירה זה, ועל פי סדר השיר ההוא סדרתי גם אני השירה הזאת לפי סדר הבריאה בששת ימי בראשית, ונחלקה א"כ לששה פרקים, וכל פרק עם המשוררים שבו מכוון ליום הבריאה. ועיין לעיל בפתיחתי, מה שהארכתי לדבר בענין זה.

יז) ומושב יקרו בשמים ממעל ושכינת עוזו בגבהי מרומים (בעלינו) וכן המשילו ז"ל (בראשית רבה פ"ב) את השמים ואת הארץ במשל נאה זה: משל למלך שקנה לו שתי שפחות וכו׳ על אחת גזר שלא תזוז מפלטין ועל אחת גזר טירודין.

יח) על הפסוק והארץ היתה תהו ובהו סמכו רז"ל (בראשית רבה) את מעליהם היקרים בדבר הגורל הטוב והרע של הארץ להיפך מגורל השמים, שהוא פ"ב תנינן: ישבה הארץ תוהא ובוהא, אמרה: העליונים והתחתונים נבראו בבת אחת, העליונים ניזונין מזיו השכינה, התחתונים אם אינם יגיעים אינם אוכלים וכו׳ זו אינה יוצאה חוזה מפלטין ועלי גזר טירודין וכו׳ העליונים חיים ותחתונים מתים:

יט) ולא כמחשבת הדורסים שחשבו שהשגחתו ית׳ כלתה אצל גלגל הירח, והארץ ומה שבה נעזב, עזב את ה׳ את הארץ, אינו רק כמו שבאר לנו על יד אדון כל החכמים כי לה׳ הארץ, יאמר שהשגחתו ג"כ בארץ כפי מה שהשגיח בשמים (מורה נבוכים פ׳ נ"ד לחלק ג׳) והיא הכוונה בשירת הארץ לה׳ הארץ ומלואה וכו׳:

כ) שירת הארץ הזו נמצאה בדרז"ל (מדרש שיר רבה עה"פ אני חבצלת) הארץ אמרה אותי: אני היא וחביבה אני וכו׳ שנאמר יחיו מתיך נבלתי יקומון לכשיבקשם הקב"ה ממני אחזירם לו וכו׳ אומרת שירה לפניו, שנאמר מכנף הארץ זמירות שמענו. והוא שיר נדמה נגד דברי תלונה שבפסוק והארץ היתה תהו ובהו, כמובא לעיל:

כא) בתרגומי נתכוונתי לתרגום יונתן עה"פ מכנף הארץ וגו׳ (ישעיה כ"ד ט"ז) תושבחא שמענא לצדיקיא אמר נביא רז אגר לצדיקיא אתחזי לי, רז פורענות לרשיעיא אתגלי לי, וי לאנסיא דמתאנסין ולבזוזי בזוז דהא מתבזזין. והיא תשובה לכופרים בהשגחה. והנה יש גורסין: יום אומר. יום ליום יביע אומר ולילה ללילה יחוה דעת: לילה אומר. להגיד בבוקר חסדך ואמונתך בלילות: אבל הגאון סבי"ט בפרק שירה שלו אינו מונה אותם בספר המשוררים, וכן אינם בס׳ שערי השמים שסדר את פרק שירה לפי הנוסחא של כ"ח יצחק ושער שמעון: והו הפרק מכוון לבריאת שמים וארץ ביום הראשון מששת ימי בראשית.

כב) המקרה במים עליותיו השם עבים רכובו (תהלים ק"ד ג׳) ודוד הוא פירש במזמור זה מעשה בראשית שבתורה כדאיתא במדרש (שמות רבה פט"ו). והוא הרקיע שנברא ביום שני להבדיל בין המים והוא ענני כבוד. וכן הוא במדרש כונן: נטל מים ואורה וערבן ועי"ז ועשה מהן סוכה של הסך ועננ׳ כבוד, שמשמע שם

דעריבער לייענענדיג אין זיין בריוועל, ווי ער מאַכט אַ תל פון דער אַלטער סחורה און לויבט אין טאָג אַריין די נייע, האָב איך נים געמאַכט דערפון אַזאַ פירוש. עט!... פונדעסטוועגען האָב איך זיך מישב געווען, אַז אַראָבפאָהרען קיין גלופסק איז גאָר נים קיין קרומע זאַך. וואָס וועל איך מיך האַלטען מיט מיין סחורה? שוין זיך צוגענע־סען. מעגליך, יענע איז ערגער, נאָר גוט־שלעכט, בעסער־ערגער — האַנדלען בעדאַרף מען! דעם פויערס ווערטיל טאַקי: ניחיי הירשע אַבי אינשע. זאָל זיך זיין אַ ערגערער אַבי אַ נייער בעזעם...

געוואָלט האָב איך פאָהרען טאַקי באַלד, כדי איך זאָל נאָך אָנציהען קיין גלופסק אויף פורים און זעהען די בעריהמטע גלופסקער פורים־שפּיעלער, וואָס אַלע טעג פון אַ גאַנץ יאָהר זענען זיי, נעבעך, פראָסטע נאַראָנים, און אַז עס קומט פורים ווערען זיי מיט אַ מאָל דורכ־געטריעבענע חכמים און עס שיט זיך פון זיי גלייכע־ווערטלעך, ווי פון אַ לעבערדיגען זאַק. פונקט, ווי די גרויסע שכורים, להבדיל, וואָס גראָד אום־פורים זענען זיי ניכטער. איז עס אָבער מיר נים בעשערט געווען: איך האָב, ווי אויף צו להכעיס, געמוזט בלייבען נאָך עטליכע טעג אין דער היים.

האַלטענדיג ביי דער נסיעה האָב איך בדעה געהאַט צו קומען פונ'ם וועג אַ היים אויף פסח, אם־ירצה־השם. דעריבער האָב איך פאַר'ן פאָהרען געזעהען זיך פערזאָרגען מיט אַלע גוטע זאַכען, וואָס אַ יוד דאַרף האָבען אויף אַזאַ יום־טוב. רב ליב דעם מלמד האָב איך געבעטען מיך אין זינען האָבען מיט מצה־שמורה, און דעם ווייב האָב איך געזאָגט: למען־השם זאָלסט נים זשאַלעווען קיין ראָזינקעס, קיין וואַסער, און זאָלסט מאַכען צמוקים־וויין כיד המלך. און אַ זאַק קאַרטאָפליעס זאָלסטו קויפען און געזונט־שמאַלץ און אַ געהאָדעוועטע אינדיטשקע לכבוד יום־טוב. אַי וואָס, טאָמער וועט דיר פעהלען געלד, זאָלסטו זיך דאַרויס גאָר נישט מאַכען און פערזעצען דיין ציהרונג, אַ פּאָר חפצים פון בעל־הבתישקיים, זאָלסט נישקשה גאָר קיין יסורים נים האָבען. השם־יתברך וועט מסתמא מצליח זיין מיין וועג, וואָס דען? און צוריקקומענדיג אַ היים בשלום, וועלען מיר, אם־ירצה־השם, האָבען אַ פרעהליכען פסח. מיר וועלען עסען קניידלעך און חרעמזלעך, פאַרטרינקען ראָזינקעס־וויין, מיט לאַקריצע און וועלען זיך וואויל טהאָן. — דאַכט זיך, בעוואָרענט אַלצדינג, וואָס מהוט אָבער נאָט?

נאָט האָט געשיקט א.י.ק. דער וועלט אַ רעגען מיט אַ שניי, אַ

אויסמישעניש פון „גרייפעלעך“, וואַסער מיט נאַסע שטיקלעך אײַז אינאײנעם, און דער וועג איז געוואָרען שלעכט נים צו ריהרען זיך פונ'ם אָרט — נים מים קיין וואָגען, נים מים קיין שליטען, נים מים פערד און נים צו פוס. ביטער! — איך האָב זיך קוים מים צרות געשלעפט אַ תחום־שבת אַ טאָג, יעדער טריט האָט געקאָסט מיין בידנע פערדיל אַ סך בלוטינגען שווײס, עס האָט זיך נעביך געשלעפט אַ פּאָר טריט — און בעך, מיט'ן קאָפּ אין דער ערד! געפאַלען, אויפגעשטאַנען, אָבגעגאַנגען נאָך אַ פּאָר טריט — און ווײַטער געפאַלען. און איך, שלימזול, געה בײַ דער זײַט, קנעט די בלאָטע, אויסגעשמירט, ווי אַ רוח פון קאָפּ ביז די פיס נליטש מיך און פאַל איטליכע מינוט, פאַל און קרעכץ: אוי!

און געקרעכצט האָב איך נים נאָר אויף מיר אַליין, גאָר אויך אויף דעם פערדעלע, מיין בידנע פערדעל נעבעך! פאַר וואָס קומט עס איהם נעבעך אַזוי פאַרשוואַרצט צו־ווערען? און נאָך צוליעב וועמען? צוליב מיר. כאשר איך האָב געוואָלט מיט אַ מאָל פּטור ווער־ען פון אַלע אַלטע לענער־סחורה, האָב איך דערמיט אָנגעלעגט אַ פולען וואָגען, איבער דעם פערדעל'ס כחות, אום'ברחמנות, פאַרגעסענדיג זיך, אַז ס'איז אַ צער־בעל־חיים.

כל־זמן דער בחור מיינער האָט זיך נאָך מיט צרות געשלעפט — געגאַנגען און געפאַלען, געפאַלען און אויפגעשטאַנען, געקראָכען אויף דער הויט און איז דאָך געגאַנגען — האָב איך זיך געמאַכט נים וויסענדיג, איהם נאָך געוויזען אַ בײַטש, געשריען און געטריבען. אָבער אַז דאָס פערדעל איז סוף כל סוף גאָר אינגאַנצען פערקראָכען אין אַ זומפּ ערגיץ אונטער אַ באַרג און האָט זיך אויסגעצויגען אין בלאָטע, ווי גרוים ער איז, אויסשטרעקענדיג די פיס און דעם וויידעל און גע־בליעבען ליעגען, נים צוריהרען מיט קיין אבר — האָט דאָס יודישע האַרץ זיך אָנגערופען אין מיר מיט אַ מוסר, אַזוי: נאַרישער יוד איינער! האָסט גענומען אַ כשר'ע בהמה און איהר פערזאומערט דאָס לעבען מיט שווערער אַרבייט, מיט אַ גוזמא בינדלעך ספרים דיינע, מיט פעקלעך שמות! יעדע זאַך האָט דאָך אַ שעור, ציגעל און שטיינער, אַ שטיינער, קען מען אָנלעגען אויף אַ פערדעל נאָר ביז אַ מאָס, אַ נים ווערט עס נים אויסהאַלטען, און דו האָסט אַרויפגעלעגט אויף דיין פערדעל, אויף אַ עלענדע בעשעפעניש, די גאַנצע משא פון דעם יודישקייט, דעם גאַנצען עול פון יודישע פעקלעך! וואָס־זשע האָט זיך אויסגעלאָזט?

דאָס גאַנצע בעשעפעניש מוטשעט זיך נעבעך, קייכט, געהט־אויס פון אַלע כּחות, קען זיך ניט ריהרען פון׳ם אָרט און פאַכּט מיט דער נשמה. גיעב אַ קוק, ווי עס ליעגט פאַר דיר אַזאַ סימן פון ל..., ממש ווי אַ נבלה.

מילא, צו־וואָס לאַנג בריִיען? פריהער איז עס געוועזן „די נבלה", שפּעטער אַ ביסעל איז געוואָרען טאַקי אַ נבלה — מיין פערד איז גע׳פּגר׳ט!...

איך בין גענליכען געוואָרען אין יענער צייט צו אַ קאַפּ... זיין שיף איז איהם אונטערגעגאַנגען אינמיטען דעם ים. איך שטעה איך אינמיטען וועג, און אַ ים פון בלאָטע שפּרייט זיך... און אַרום. דאָס פערדעל ליעגט טויט, דער וואָגען איז ביז איבער אַקסען אין בלאָטע, מאָרגען איז ערב־פּסח, און מיר איז ביטער און פינסטער אויף דער נשמה. איך וויים ניט, וואָס מען טהוט, וואָס מען הויבט אָן צו טהאָן. אַ יוד האָט דאָך אָבער אַ רבונו של עולם, זיין ס׳ווערט איהם שוין גאָר ענג, דערמאָנט מען זיך אָן זיין ליעבען נאָ... מען. אַזוי האָב איך אויך געטהאָן. ס׳איז געוועזן מנחה־צייט. האָב איך מיך איינגעקירעוועט מיט׳ן פּנים קיין מזרח, געזאָגט פּטום הקטורת, געדאַווענט פאַמעליכען, בנעימות׳דיג, מיט כּונה, געצויגען דאָס דאַוונען ביז ס׳האָבען זיך בעוויזען שטערען. הקדוש ברוך הוא האָט געהערט מיין תּפילה און האָט מיר געוויזען עפּיס ווי אַ פייערעל פון דערווייטענס און האָט מיר אַריינגעגעבען אַ געדאַנק, איך זאָל געהן אַהין וואו עס לייכט זיך. האָב איך מאַקי אַזוי געטהאָן און האָב זיך געלאָזט געהן צום פייערעל, בין געקראָכען אויף הענד און אויף פיס גוטע צוויי שעה, ביז איך האָב זיך דערשלאָגען צו אַ גויי׳עש שטיבעל, הינטער אַ גרויסען וואַלד. דער גוי האָט אויף מיר תּחילת געקוקט מיט רוגזה, נאָר אַז ער האָט אָבער דערזעהען, אַז איך שטעה פאַר איהם אַ דערשראָקענער, אַ דערציטערטער, מיט אַנ׳אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, איז ער חייבער געוואָרען און האָט מקיים געוועזן אין מיר די מצוה פון הכנסת־אורחים, ער האָט מיך מכבּד געוועזן מיט געבראָטענע קאַרטאָפּליעס, מיט אַ גלעזעל ווי... רימס און האָט מיר געגעבען אַנ׳אָרט איבערצונעכטיגען אין שטאָל. אויף מאָרגען האָב איך איהם אַיינגעבעטען, ער זאָל איינשפּאַנען אין מיין בידעל אַ פּאָר אָקסען און זאָל מיך אָבפיהרען קיין בויבעריק, וואָס פון דאָרט די נאָהענטסטע שטאָדט איז געוועזן בויבעריק. דערפאַר האָב איך איהם, אַ חוץ זיין געצאָהלטעס, מתּיר געוועזן אָבצושינדען די פעל פון מיין

געפּגרט פערדעל און צו נעהמען במתנה פאַר אַ זכר פון איהם די פאָרקאָוועס. דאָס האָב איך געטהאָן מפני דרכי שלום, זאָל אַ ערל ניט זאָגען, אַז אַ יודען טהאָר מען נישט טהאָן קיין טובה, ער ווייסט נישט ווי אַפּיוראַנקעזיז!

קיין בויבעריק בין איך אָנגעקומען צווישען טאָג און נאַכט, ווען עס איז שוין קיין לעבעדיגער נפש ניט געווען אין גאַס. אַלע, גרויס און קליין, האָבען שוין געדראָהעמט אין די שולען. דעם אמת זאָגענדיג, האָב איך דערפון שטאַרק הנאה געהאַט. אַ יוד, פערשטעהט איהר מיך, האָב ליעב אומעטום אַריינשטעקען די נאָז, אַלסדינג אַ טאַפּ טהון מיט דער האַנד, אַ יוד האָט ליעב אַלסדינג צו וויסען. נו-נו, ווי מיינט איהר אַ שטיינער, ווען מען דערזעהט מיך, אַ בעקאַנטען יודען, מענדעלי מוכר ספרים, ווי איך פאָהר דאָס איןביידעל מיט אַ פּאָר אָקסען, וואָלט מען זיך מסתמא צונויפגעלאָפען קינד און קיים, מען וואָלט געמאַכט אַ וואַרע, ס'וואָלט זיך נע'רעש'ט, געפּילדערט מיט אַ הוראַ פון מיין כבוד וועגען, איך בין מיך אָבער אַ יוד פון אַ גאַנץ יאָהר, אַ פּשוט'ער חי זקים, איך בין זיי מוחל און אַנטלויף פון אַזאַ כבוד.

אין בויבעריק האָב איך אַ בעקאַנטען, אַ גוטען ברודער פון אַמאָ-ליגע יאָהרען; ער איז אַ מוכר-ספרים'ניק חי איך און איז בעוואוסט בכל תפוצות ישראל מיט'ן נאָמען הענדעל בויבעריקער פון בויבעריק. האָב איך געהייסען דעם גוי, ער זאָל מיך צופיהרען צו הענדעל'ס דירה. פאָהרענדיג האָב איך צייט געהאַט צו פערטיעפען זיך אין געדאַנקען. אָקסען, ווי ס'איז בעקאַנט, זענען ניט קיין לויפערס, געהען זיך טריט ביי טריט, מיט ישוב הדעת, פאַמעליכען, נישט געאיילט, אין מעלה-גרה'ן. זיץ איך מיר אין וואָגען, און קיי אויך איבער די אַלע בייזע בעגעגענישען, וואָס האָבען זיך אין וועג מיר געטראָפען, טראַכט מיר, קיי איבער און ביינק אַהיים צו די בני-בית. ס'טהוט מיר וועה דאָס האַרץ, וואָס ס'איז פערשטערט געוואָרען מיין יום-טוב, וואָס איך וועל ניט זי-צען אויבען אָן ווי אַ מלך נעבען דער מלכה. די אינדיטשקע האָב איך אויך דערמאָנט צו גוטען, מסתמא אַ וואוילע, אַ פעטע אינדיטשקע, גאָר אַ מחיה. עס נעהמט מיך אָן אַ חשק, עס בייגקט זיך, און עס ציהט עפּיס אינווייניג... די אָקסען קריכען, שלעפּען זיך דורך געסלעך און הינטער-געסלעך, ביז זיי שטעלען זיך אָפּ לסוף פאַר הענדעל'ס שטוב.

אַ שטיקעל צייט שטעה איך אין דרויסען פאַר דער טהיר מיט אַ פאַרקלעהמט האַרץ. דאָס איז געווען, מ'שטיינס-געזאָגט, אַ שטעהען פון

אַ פּאַרשוין, וועלכער טראַכט איבער, שטעהענדיג כעני בפתח, אפשר טרעפט ער אָן צו יענעם אין אַ שלעכטער שעה; אפשר וועט דער בעל-הבית אויף איהם קוקען קרום. נאָר וואָס טהוט ניט אַ יוד פאַר נויט? פאַר נויט וואַרפט ער זיך אָן אויף יענעם, פאַר נויט איז ער מטריח פרעמדע מענשען, פאַר נויט שטופּט ער זיך אַריין אומגעריכט און פאַר נויט ווערט ער אַ אורח. איך מאַך מיר האַרץ, שטרעק אויס די האַנד צו עפענען די טהיר. איך עפען זי שאַ, פּאַמעליכען און זי מאַכט גע-וואַלדען, איך שטילערהייט — און זי קוויטשעט, ריפּ-סקריפּ, מיט קולי קולות, אַקוראַט ווי זי האָט צו עמיצען טענות. איך בין אַריינגעקומען אין אַ פינסטער פאָרהייזעל, אַנ'אַיינגעבויגענער, אַ ניונקעלע, באַלד האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן די שטוב-מענשען, מיר געמאַכט אַ שעהנעם קבלת-פנים מיט אַ פרייד, אַ געשריי און פאַר גרויס שמחה זענען זיי געווען צעמישט, צוטומעלט, ניט צו וויסען וואָס ס'טהוט זיך מיט זיי. איינער לויפט אין שטוב אַריין מיט אַ בשורה, מיט אַ געוואַלד. געקומען!... ער איז דאָ! דאָ! אַ צווייטער שרייט אין איין אָטעם: אַ ליכט! אַ ליכט! צינדט אָן אַ ליכט! אַ ווייבערש קול הער איך, צוקער-זיס, פול מיט חן, מיט ליעבשאַפט און מיט לייטזעליגקייט: און באַלד פליהט אַרויס הענדרום-פענדרום אַ יודענע, זי האָט מיך שיער ניט אַרומגעחאַפּט קושען און האַלזען, זי מאָהלט, מישט-אויס פריינדליכע רייד מיט טענות אין איין אָטהעם, פרייהט זיך און בייזערט זיך אינאיינעם: אַ גאַסט, אַזאַ גאַסט!... סטייטש פאַרוואָס אַזוי שפּעט? מיינס איז ניט לייטעם... איך בין צודרעהט געשטאַנען ווי אַ נעבעכטיגער. נאָר וואָס איך האָב געוואָלט עפענען אַ מויל, זיך פערענטפערען און דערצעהלען, וואָס מיט מיר האָט זיך געטראָפען, האָט מען אָנגעצונדען אַ ליכט — און מיר זענען אַלע געבליעבען פערגאַפט שטעהען מיט אָפענע מיילער, ווי די גולם'ס!

אַ שענע סצענע, כ'לעבען!...

די מעשה דערפון איז געווען אַזוי: הענדעל איז געהאַט אַוועקגעפאָהרען מיט סחורה אין ווענג אַריין, ער האָט נאָך אויף שבת-הגדול געזאָלט קומען אַ היים און איז אַלץ ניט געקומען, האָבען זיינע בני-בית שטאַרק יסורים געהאַט. און אַז איך בין דאָ צווישען טאָג און נאַכט אין דעם טונקעלען הויז אַריינגעקומען, האָבען די קינדער געמיינט, דאָס איז דער טאַטע, און דאָס ווייב האָט געמיינט: דאָס איז דער מאַן אויף פסח געקומען. איז געוואָרען אַ שמחה, אַ גדולה. און אַז זיי האָבען

דערזעהען דעם טעות, זענען זי געבליעבען שטעהן מיט אויפגעשטעלטע נעז און אויסגעשטעלטע אויגען.

הענדעל׳ס ווייב, איהר איז טאַקי פערשטערט געוואָרען די שמחה, זי האָט טאַקי געהאַט יסורים, װאָס דער מאַן איז ניטאָ אין דער היים אויף פסח און קען ניט זיין קיין מלך. דאָך אָבער, פון דער אַנדערער זייט, האָט זי געדאַנקט און געלויבט זיין ליעבען נאָמען, וואָס ער האָט איהר בעשערט אַ הײמישען מענשען אויף אָבריכטען דעם סדר. זי האָט מיך בעזעצט אויף אַ הסב-בעט אויבען-אָן ותמליכו תחת הענדעל און זי האָט מיך געטהאָן קעניגען אָנשטאָט הענדלען!

און איך האָב אויך געדאַנקט און געלויבט דעם אויבערשטען, װאָס ער האָט געטהון מיט מיר נסים; וואָס ער האָט פון מיין אַרום-וואָגלענישען-זיך, פון מיין גלות מיך געבראַכט אין אַ הײמישער שטוב צו זיצען די הײנטיגע נאַכט ווי אַ מלך אין בױבעריק און צו עסען מרור און ביצים און פיש און קניידלעך און צו זאָגען פאַר איהם און פאַר הענדעל׳ס ווייב די הגדה מיט אַ געזאַנג און מיט אַ לויב, הללויה!

אָבער ניט מיר אַליין האָט זיך געטראָפען אַזאַ נס צו ווערען אַ מלך אומגעריכט. ווערליג איך בין געוואָהר געוואָרען שפּעטער מיט עטליכע טעג, האָט זיך הענדל׳ען אויך געטראָפען פונקט דער איינענער נס דעם איינענעם פסח.

די מעשה איז געװען אַזוי.

הענדעל בױבעריקער האָט אָנגעלעגט אַ פול בידעל מיט ספרים און איז אַוועק פון בױבעריק איבער דער סביבה, ווי זיין שטײגער איז אַלע פאַר פסח. האָט זיך געמאַכט דאָס איינענע מיט הענדלען, װאָס מיט מענדל׳ען: אַ שניי מיט אַ רעגען, אַ טוואַן מיט אַ בלאָטע, קאַליזשעס מיט גריבער, צרות און שלעק איבער׳ן גאַנצען וועג. זיין פערדעל איז אויך געגאַנגען און געפאַלען, זיך געוועלגערט און געזוונקען אין בלאָטע. נישטמעהר אויב דאָס פערדעל איז אַרויס מיט דעם לעבען און ניט געװאָרען קיין נבלה, איז דאָס, חלילה, ניט פאַר זיין גבורה, וואָרום געוועזן איז דאָס אַ דאַרס, אַ קוואַרס, מיט קראַנקע פיס, מיט אַ בעלמע אויף אַ אויג, און מיין פערדעל איז לכל הדעות געװען אַקעגען איהם אַ געזונטער, אַ שענער. נאָר װאָס דען? אין יענע קאַנטען, וואו הענדעל איז געפאָהרען, איז די בלאָטע שיטערער און האָבט ניט אָן אַזוינע אומגליקען, ווי די געדיכטע שטעהענדיגע בלאָטע אַרום בױבעריק און גלופּסק. האָט זיך הענדעל פּאַװאָלינקע געשלעפּט

ב״ב זיין פערדעל, געקראָכען מיט מיה און מאַטערניש און אָנגעקומען קיין קאַבצאַנסק פונקט ערב פסח פאַר נאַכט. פאַרפאָהרען איז ער גלייך צו מיר, האָט אָפּגעריכט מיט מיין חייב גאַנץ פיין דעם סדר, געזעסען אויף מיין הסב-בעט און געקיניגט אָנשטאָט מיר, שטאַרק צופריעדען, וואָס גאָט האָט איהם צוגעשיקט אַ מקום-מנוחה.

דאָס האָט מיר דערצעהלט טאַקי הענדעל אַליין, ווען מיר האָבען זיך בעגעגענט נאָך יום-טוב אינמיטען וועג. מיר האָבען זיך געקאַטשעט פאַר געלעכטער, ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט פון דעם חילוף.

און אַז איך האָב אָנגעהויבען דערצעהלען הענדלען פון מיין נסיעה קיין גלופּסק צו אויסבייטען דאָרט אַלטע ספרים אויף נייע, האָט ער געמאַכט עפּיס אַ זויערע מינע נישט צו ריידען אַ וואָרט. דערנאָך האָט ער אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און געזאָגט:

— איהר מעגט, כ'לעבען, דאַנקען גאָט, וואָס איהר זענט אָפּגעקומען מיט'ן פערדעל. אַ שענע ריינע כפּרה, כ'לעבען!

איך האָב אויף הענדלען אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען.

— וואָס קוקט איהר מיך אַזוי אָן, רב מענדעל? איך זאָג אייך מזל-טוב, וואָס אייער פערדעל איז גע'פגר'ט, וואָרום צוליעב דעם זענט איהר בעהיט געוואָרען פון אַ נסיעה קיין גלופּסק, און פון אַ מיאוס'ן עסק דאָרט. איהר מעגט, כ'לעבען, זיין צופריעדען, וואָס אייך איז נישט אויסגעקומען איינצוהאַנדלען יענע טהייערע סחורה. אַנ'אומגליק איז עס, אַ צרה, אַנ'אָנשיקעניש, ניט קיין סחורה. איך בין אייך, בנאמנות, שטאַרק מקנא איצט האָט איהר אַ האָפענונג פּטור ווערען אינגאַנצען פון דעם שענעם מסחר מיט ספרים, אַ-אין דר'ערד אַריין אי די אַלטע, אי די נייע! הלואי וואָלט מיין פערדעל אויך געווען איינגענומען אַ מיתה משונה נאָך פריהער מיט אַ יאָהר, וואָלט איך ניט געוואוסט פון דער נייער סחורה און וואָלט ניט דערלעגט אַ מטמון מיט געלד. ס'איז דען ספרים? שטיינער איז דאָס, קלעצער, ניט געראַכט זאָלען זיי ווערען. איך זאָג: דערלעגט, נאָר איהר מעגט מיר גלויבען, סע אַרט מיך ניט אַזוי דאָס געלד, ווי דער אייגענער כבוד. איך האָב דאָך צוליעב דער גאָלדענער סחורה געמוזט ליידען חרפּות מיט בזיונות אויפ'ן פּוד. מיט וועמען האָב איך דען געהאַט צו טהאָן? מיט אָרימע בעלי-עבירות, מיט ישיבה-בחורים, וואָס גלוסטען צו השכלה און האָבען ניט קיין גראָשען ביי דער נשמה, מיט מלמדים

פון די ל"ו בעהאַלטענע אפיקורסים, מיט יונגלעך קונדסים, וואָס אַ מויל האָט עס פייער פלאַם און אין די קליינע אותיות'לעך — לא מיט אַנ'אלף, מיט בחורים, וואָס זענען שטומפּיג אויף דער עברי. און מאַמער האָב איך יאָ אַמאָל אין אַ יובל געזעהען אַ יודען אַ דערוואַקסענעם מענשען און אַ ליטישען בעל-הבית פון די וואָס איך פלעג זיי אָנביטען מיין סחורה, ווייל איך האָב געהערט, אַז זיי זענען, ווי זאָגט מען עס, אַ ביסעל דאָס... האָב איך אויך געהאַט ווענין נחת. ניין, רב מענדעלי, נאָך אַמאָל זאָג איך אייך, ס'איז אַ גליק פאַר איי בנאמנות, וואָס דאָס פערדעל אייערס איז גע'פגר'ט! הלואי וואָלט מיין פערדעל אויך פאַרחאַפּט געוואָרען מיט דער סחורה אינאיינעם!

און פונדעסטוועגען, מיינט נים, רבותי, אַז הענדעל'ס גרימצאַרן האָט געהאַט עפּיס אַ ממשות, חלילה! הענדעל האַנדעלט נאָך עד היום מיט ספרים, ווי אַ-מאָל, און איך בין אויך אַ מוכר-ספרים'ניק, ווי פריהער. נאָך דענסטמאָל אַפילו, אינמיטען וועג, ווען הענדלען איז אַ ביסעל אָפּ-געגאַנגען דער כעס, האָבען מיר שטעהענדיג אויף איין פוס געמאַכט אַ שטיקעל בייט. איך איהם האָב געגעבען חקירה-ספרים, מאמרים און דרשות און ער מיר — אַ סך קינות און סליחות. וואָרום אויף קינות און סליחות איז דעמאָלט גראָד געווען אַ צייט: ס'איז געגאַנגען חעסנע, אומעטום האָט אָנגעהויבען שפּראָצען, וואַקסען, און אחינו בני ישראל האָבען זיך געגרייט צו קלאָג, צו געוויין און תעניתים.

# שבת

## א.

אויף אַ שמאָל וועגעלע, וואָס שלענגעלט זיך אויפ'ן פריי׳ען פעלד, פערפּאַלען ווערענדיג אַמאָל צווישען יונגע צוויינגהאַפּטיגע וועלדלעך, שלעפּט זיך פּאַמעליכען מיט אַ סקריפּ אַ פול אָנגעפּאַקט פוהר'ל. דאָס פערדיל, אַ דארס, הויט און ביין, מיט אַ גלאַט-נאַקעט פּנים, ווי ביי אַ מענשען להבדיל, הויבט פיסלעך, אַרויסשטעקענדיג אַ שפּיץ צינגעל, העצקעט זיך שטעהענדיג, דאַכט זיך, אַלץ אויף איין אָרט. און וואָס אַ העצקע, רופען זיך אָב די צעלעכצטע רעדלעך מיט אַ ביזער אויף אַ משונה הייזעריגען קול און דאָס פוהר'ל שפּרינגט אונטער מיט אַ קרעכץ — אָט דאָס איז סענדער'ל קאָראָבייניקס „מרכבה״, זיין רייטוואָגען, אויף וועלכען ער פאָהרט מיט זיין קרעמיל סחורה אין די אַרומיגע דערפער, אויך אויף יריד'ן אין די קליינע שטעדטלעך, זיצענדיג רייטענדיג אויפ'ן ראַנד וואָגען, ביי איין זייט, און ביידע פיס טאַלעבענדען זיך איהם אַראָבהיינגענדיג כמעט ביז דר'ערד.

ס'איז חנוכה-צייט, לאַנגע נעכט, קורצע טעג. אַ משוגענע קאַפּריזנע פּאָגאָדע. צעהן פּאַרענדערונגען אין אַ שעה — קאַלט און וואַרעם האָט מען פון איהר. אָט בלאָזט זי פון זיך גאָר אַ שרעק, און אָט איז זי מילד, שטיל און גוט. געננוג צרות איז סענדער'ל, נעביך, די גאַנצע וואָך פון איהר אויסגעשטאַנען. ער האָט פּאַרזוכט דעם טעם פון נעדריכטע און שיטערע בלאָטעס. דאָס פערד-און-וועגעלע איז אַריין אין אַ בעל-עגלה'ש טינטעריל, אין אַ קאַליושע הייסט עס, ער האָט געשטופּט, נעשלעפּט אויסשמירענדיג זיך ווי אַ שוואַרץ-יאָהר, און ווען

דער איבערשטער זאָל ניט געווען צושיקען אַ פייערעל איהם צו הילף, וואָלטען זיי אַלע איינגעזונקען געוואָרען דאָרט. ערשט דאָנערשטאָג אין אָוונד האָט געחאַפּט אַ פּרעסטיל, אונטערגעטריקענט די בלאָטעס. ביי נאָכט האָט געשיט אַ שנייעלע און איינגעהילט די ערד מיט אַ נייעם ווייסען מאַנטעל. אין רויט פורפּעלען מאָרגען־קלייד האָט פרייטאָג פריה זיך בעוויזען די זון מיט איהר ליכטיגען פּנים און זי איז געווען זעהר אַ גוטער, אַ אָנגעלייגטער גאַסט. עס האָט געלויכטען, געשימערירט אַרום און אַרום, אַ נחת, אַ פרייד אומעטום!

נאָך אַ גאַנצע וואָך אַרומוואָגלעניש לאָזט זיך עס אַצינד סענדער׳ל, ווי געוועהנליך, אויף שבת צו ווייב און קינדער אַהיים קיין קאַבצאַנסק. אַ היבש שטיק וועג אויף אַ גלאַטען, ברייטען פּלאַץ, פון ביידע זייטען מיט הויכע וועלדער סאָסנעס, איז סענדער׳ל אָבגעפאָהרען טשאַקענדיג, מיט אַ פרעהליך האַרץ, פיהלענדיג אין דער לופט דעם ערב־שבת און די שיינקייט פון גאָט׳ס וועלט׳ל אַרום איהם. ווי אַ דין־פּוחקע וואַטעל איז אויסגעשפּרייט אויף דר׳ערד אַ קלאָר־ווייס אויסגעפאַלען שנייעלע, בעצייגט מיט פּליטערלעך, וואָס שפּילען פאַר די אויגען אין אַלערליי קאָלירען. וואונדער־שיין נעהמען זיך אויס די שניי־בענדער, ווי זילבער־נע טרעסטען אויף די גרינע היטלען פון הויכע סאָסנעס. מחנות־וויז טראָגען זיך אויבען אין דער פרישער ריינער לופט ראָבען, קונדייסים, מיט אַ רעש, אַ געפּילדער, אָט פליהען זיי זיך צונויף אַלע צוזאַמען, טאַנצענדיג אַ קאַראַהאָד, און אָט צופליהען זיי זיך אין פערשיעדענע זייטען. אַ רייזענדער ציזשיק קומט פון ערגיץ צופליהען זוכענדיג די פּרנסה, שטעלט זיך אָב אויף אַ צווייגעל אַ ווייַלע אָברוהען, זאָגט אָב זיין מזמור — און מאַרש ווייטער. און גאָר פּלוצלינג שפּרינגט אַרויס פון וואַלד עפּיס אַ חיה׳לע, אַ העזעלע אָדער אַ קראָליקעל. טהוט זיך אַ לאָז, יאָגענדיג־שפּרינגענדיג איבער׳ן שנייעלע, קוים בעריהרענדיג עס מיט די קליינע פיסלעך, און פויץ אַריין אין דעם אַנדערען וואַלד אַקעגען.

סענדער׳ל האָט הנאה. ער פיהלט פונדערווייטענס די היים, די רוה. דאָס פערדיל, דאַכט זיך, האָט אויך הנאה. עס ווייסט וואוהין עס פאָהרט, אַז מאָרגען איז דער טאָג, וואָס זינט עס איז אַריינגעפאַלען צום איצטיגען בעל־הבית, צו דעם מין צוויי־פיסיגען פאַרשוין מיט באָרד און פאות, רוהט עס תמיד אין שטאַל, נישט צו טהון קיין שום אַרבייט. און אויפהייבענדיג דעם קאָפּ, אונטער־

שמייסענדיג זיך מיט דעם עק, נעהמט עס זיך געהן א ביסעל גיכער.

אין אַ שעה אַרום אָבער, אַרויספאָהרענדיג פונ׳ם וואַלד, ווערט דער וועג שלעכט. דער שני׳ צעשמעלצט, די צוגעפרוירענע בלאָטע לאָזט, דאָס פאָהרען ווערט שווער. ביז א היים איז נאָך ווייטליך. און דאָס פערדיל קוים וואָס ריהרט זיך, עס שמעקט א שפיץ צינגעל, אַרבייט, העצקעט זי נעביך ווי ווייט נאָר מעגליך. די סכנה בלייבען אין דער מיט וועג איז גרויס... ביטער!

## ב.

די זון קריכט אַראָפּ פון די שפּיצען בוימער דאָרט ביי׳ם ראַנד פון דעם האַלב-קיילעכדיג-געוועלבטען הימעל, און שאָטענס ליעגען זיך כסדר, אַלץ וואָס ווייטער טונקעלער, טונקעלער, אויף קאַבצאַנסק, בע-דעקענדיג איהר די חרפה — איהרע שמוציגע געסלעך מיט וויסטע-ניעדריגע הייזלעך. יאָ, עס זעהט אוים טאַקי ווי צום „בעדעקענס״ — עס קומט אָן די כלה, די פּרינצעסין שבת! אָנגעצונדענע ליכטלעך, איהר לכבוד, לויכטען אַרוים ווי שטערענדלעך דורך איטליכס פענסטער, אָבּ-שלאָגענדיג זיך אויף דר׳ערד, פון ביידע זייטען גאַס, אין העלע-גילדע-נע פאַסען. יודען, מחותנים, אָבגעטובל׳טע, אין זיידענע, אין ריינע קאַ-פּאָטעס, געהען אויף קבלת-פּנים גיכער אין שוהל אַריין. דער פּאַרקלי-בענער עולם דאָרט שפּרינגט „בואי בשלום״ מיט׳ן פּנים צו דער טהיר. שרייענדיג פרעהליך מיט געזאַנג:

בואי כלה, בואי כלה,
ס׳קאָציל קומט, ליעבע כלה!

און בשעת קבלת-פּנים אין שוהל זענען די גאַסען ליידיג, מען זעהט דאָרט ניט קיין לעבעדיג בעשעפעניש, סיידען אפשר אַ פאַרשפּע-טיגדיגען בעל-מלאכה לויפענדיג פון באָד אין איין אָטהעם, אָדער אַ מיי-דעל אָבטראָגענדיג אַ געליהען פענדיל וכדומה צו אַ שכנה. מען הערט נישט קיין קול, סיידען אפשר אַ מאָל אַ רופען דעם שבת-גוי צו אַ שמעלצענדיג בענש-ליכט, אָדער אַ מעקען פון אַ ציגע, אַ קרעה פון אַ האָהן ערגיץ פונדערווייטענס.

שאַ!...

און באַלוי לאָזען זיך הערען טריט — מען נעהט! לאָזען זיך פאַרנעהמען שפּיגייּלם — מען רערט! דאָס געהען יודען פון שוהל רעש׳דיג, שמיעסענדיג צווישען זיך און גערען זיך פונאַנדער איטליכער אין זיין געסיל, איטליכער אין זיין רוה.

עס לאָזט זיך-זעהן געהענדיג דאָרט אַ יוד, אָנגעטהון שבת׳דיג — אַ ווייכע העמד מיט אַ אויפגעלייגטען קאָלנער, אויפ׳ן קאָפּ אַ סאַמטענער קאַשקעט, פאַרוויקעלט מיט אַ גרינער וואָלענער שאַל, די פאות פּייכטליך, אַ ביסעל אונטערגעפרוירען, הענגען ווי סטרעמפּליעס, און דאָס פּנים פריש, אויסגעפריעט. בעקאַנטע ביים בעגעגעניש זאָגען איהם: גוט שבת, ר׳ סענדער!

יאָ, דער דאָזיגער ר׳ סענדער, דאָס איז טאַקי אונזער סענדעריל קאָראָביינִיק, אָבער נישט דער וואָס פריהער, נאָר עפּיס גאָר ווי אין אַ נייער הויט. דאָרט אין זיין פאַרוואָגלעניש איז ער, משטיינס-געזאָגט, אַ מין בעשעפעניש, אַ געקנייטשט, אין-צעהנטען איינגעהויקערט יודעל, פאַרפינסטערט, פאַרשמירט, צעבראָכען. קומענדיג אַ היים, האָט ער זיך אַראָבגעהאַפּט אין מרחץ, אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם שמוץ און זיך אויסגעגלייכט די ביינער. אַצינד האָט ער אַנ׳אַנדער פּנים. ס׳איז איהם צוגעקומען אַ נייע נשמה-יתירה, פון אַ העכערער מדרגה, און ער אַליין איז אויך אויסגעוואַקסען, דאַכט זיך, העכער מיט אַ קאָפּ.

— אַ גוט שבת, גוט שבת דיר, ליבהאַרציגער סענדעריי

## ג.

עס שטעהט זיך פארשטופט אין א קאבצאנסקער געסיל א שטיבעל. א שטיבעל ווי אלע יודישע שטיבלעך דארט — א נידריגס, א ע'ענדס, אהן א הויפעל, אהן א פריי שטיקעל פלאץ, אהן א בוימעל, אהן א :רעזעל; א שטיבעל, א נאקעטס, נישט געטינקעוועט פון דרויסען, אהן פו׳, אהן צאצקעס אינוויינינג — א דירה, מ'שטיינס-געזאגט, א חירע, אנגעזועצט ווי נח'ס תיבה מיט א היבש געזינדעל. קומט דער ליבער שבת-קדש, פריימאג צונאכטס — ווערט אט דאס ארעמע שטיבעל ווי פערוואנדעלט אין א צויבער-שלאס! עפים א בעזונדערער געטליכער חן איז אויסגעגאסען אינוויינינג אויף אלסדינג. וואס געפינט זיך דארט. טאקי נאר ווי די שכינה רוהט אין איטליכס ווינקעלע, און דאס הארץ פיהלט עפיס אזוינס, וואס איז נישטא אין די גרויסע שיינע פאלאצען.

ווי א היים געליבטע מעוברת'ע פרוי אין א ברייטער ווייסער בלוזע זעהט אויס דער פריש אבגעווייסטער, ברייטביכינגער, הייסער באקאיוועז, וואס איז מעוברת מיט א פארוקטען טשאלענט, און וועט מארגען ארויסברייננגען פון זיך אויף דער ליכטיגער וועלט א אויסגעפריצטע קאשע מיט א פעטען מארך-ביין און א שיין-פארברוינטען לאקשען-קינעל, א כפרה פאר איהם אלע היינטמאדישע אויפגעיורענע, אויפגעבלאזענע פאשטעטען. געל, פריש אבגעשמירט מיט אחרע איז די ערד, די פאדלאגע הייסט עס, און שיינט ווי דער בעסטער געוועקסטער פארקעט. בענש-ליכט ברענען אין ריין אויסגעטשיערטע מעשענע לייכטער אויפ'ן

טיש, בעדעקט מיט א ווייסען טישטוך, און גיבען צו א בעזונדערען חן. צוויי פרישע חלות מיט געלכלעך-אָבגעשמירטע פנים'לעך און מיט שוואַרצינקע אויגעלעך פון טשערנישקע. אין א געשליפען פלעשיל דער־ביי פינקעלט ראָזינקעס-ווייז און בעט זיך אין קידוש-גלעזעל אריין. ס'איז „מנוחה ושמחה", א ליכטיגקייט, א ליבע ווארעמקייט אין שטוב. עס פיהלט זיך א ריח פון געפילטע פיש, דער צימעס שטעהענדיג אויפ'ן פריפעטשעק ביים טשאָלענט-ברעטעל, איינגעדעקט מיט א קישען— גיט די שמוכט. עס פאַרנעהמט אין נאָז, עס וועסערט אין מויל, עס גלוסט זיך, עס ווילט זיך פאַרזוכען. ווייב און קינדער אויסגעצוואָגענע אויסגעפוצטע וואַרטען, האָרכען זיך צו צו א מינדסטען שאָרך אין דרויסען. און אָט טהוט זיך א עפען די טהיר. א קאַלטער שטראָם לופט רייסט זיך אריין פון דער גאַס אין שטוב, אין דער געשטאַלט פון א רעגענבויגען, אין וועלכען עס רויטלען זיך די פלעמלעך פון די בענש־ליכט — און דאכט זיך, עס שוועבען ברענענדיגע שׂרפים: מלאכים וואָס בעגלייטען א יודען פרייטאָג צונאַכטס פון דער שוהל, זיי קומען עס דאָ, אריינפיהרענדיג צו זיך אין שטיבעל אונזער סענדערלען!

אָבזאָגענדיג דעם געזינד „גוט שבת!" לעבעדיג, פרעהליך, נעהמט זיך סענדעריל בעגריסען די געסט, די הייליגע מלאכים מיט א ברייטען שלום-עליכם.

שלום עליכם מלאכי השרת מלאכי עליון
ממלך מלכי המלכים הקדוש ברוך הוא—
זייט געגריסט, איהר גאָטס מלאָכים,
מיר געשיקטע אין מיין רוה,
פונ'ם מלך-מלכי-מלכים,
פון הקדוש-ברוך-הוא!

און באַלד הויבט זיך אָן די סעודה, דער גרויסער באַנקעט מיט קידוש, מיט די געשמאַקע מאכלים מיט די זמירות און לויב־געזאַנג. סענדעריל זיצט ווי א חתן אויבען-אָן, דאָס ווייב נעבען איהם, דער איבעריגער עולם אַרום טיש און מען טהוט זיך וואויל. עס טרעט אַרויס א גוטער מלאך מיט א רעדע, מיט אדרעסען און ברכות אין נאָמען פון זיינע חברים, גוטע מלאכים, וואָס געפינען זיך

דאָ אין שטוב. ער ליובט און זאָגט: „דו האָסט זיך געמיהט מיט אַלע דיינע קרעפטען, אַלסדינגג ביי דיר איז ווי געהעריג, גוט און שיין". איסלאַזענדיג דערמיט: „יהי רצון — הלואי אויף חייטער ביי דיר אַזוי!" דער שלעכטער מלאך מינעט זיך, ענטפערט, נישט חילענדיג. אָמן און מרוקעט אונטער אויך אַ שבח...

---

# סֵדֶר לֵיל שַׁבָּת.

שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם מַלְאֲכֵי הַשָּׁרֵת מַלְאֲכֵי עֶלְיוֹן מִמֶּלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא ג״פ:

בּוֹאֲכֶם לְשָׁלוֹם מַלְאֲכֵי הַשָּׁלוֹם מַלְאֲכֵי עֶלְיוֹן מִמֶּלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא ג״פ:

בָּרְכוּנִי לְשָׁלוֹם מַלְאֲכֵי הַשָּׁלוֹם מַלְאֲכֵי עֶלְיוֹן מִמֶּלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא ג״פ:

---

זַייט גֶעגְרִיסְט, גֶעשִׁיקְטֶע מִיר מַלְאָכִים,
אִיהר גָאט׳ס דִינֶער, אִין מַיין רוּה,
פוּנ׳ם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים
הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא.

קוּמְט מִיט פְרִידֶען, פְרִידְלִיכֶע מַלְאָכִים,
אִיהר גָאט׳ס דִינֶער, אִין מַיין רוּה.
פוּנ׳ם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים,
הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא.

בֶּענְשְׁט מִיט פְרֵייד מִיךְ, פְרִידְלִיכֶע מַלְאָכִים,
אִיהר גָאטְס דִינֶער, אִין מַיין רוּה.
פוּנ׳ם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים,
הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא.

צֵאתְכֶם לְשָׁלוֹם מַלְאֲכֵי הַשָּׁלוֹם מַלְאֲכֵי עֶלְיוֹן מִמֶּלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא ג״פ:

כִּי מַלְאָכָיו יְצַוֶּה לָּךְ לִשְׁמָרְךָ בְּכָל דְּרָכֶיךָ.
יְיָ יִשְׁמָר צֵאתְךָ וּבוֹאֶךָ מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם:

רִבּוֹן כָּל הָעוֹלָמִים אֲדוֹן כָּל הַנְּשָׁמוֹת אֲדוֹן הַשָּׁלוֹם מֶלֶךְ אַבִּיר מֶלֶךְ בָּרוּךְ מֶלֶךְ גָּדוֹל מֶלֶךְ דּוֹבֵר שָׁלוֹם מֶלֶךְ הָדוּר מֶלֶךְ וָתִיק מֶלֶךְ זָךְ מֶלֶךְ חֵי הָעוֹלָמִים

---

אוּן גֵיהְן בְּשָׁלוֹם זָאלְט אִיהר, פְרִידְלִיכֶע מַלְאָכִים,
אִיהר גֶעשִׁיקְטֶע אִין מַיין רוּה,
פוּנ׳ם מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים,
הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא.
דֶען עֶר בֶּעפֶעהלט מַלְאָכִים זַיינֶע
צוּהִיטֶען דִיךְ אִין אַלֶע וֶועגֶען דַיינֶע,
וואוּ קֶעהרֶען אוּן וֶוענְדֶען דוּ וֶועסט זִיךְ נָאר,
וֶועט שְׁטַארק דִיךְ גָאט הִיטֶען אוֹיף לַאנְגֶע יָאהר.
רבון פוּן אַלֶע וֶועלְטֶען, אָ, דוּ הַאר,
פוּן שָׁלוֹם, אַלֶע נְשָׁמוֹת דוּ דֶער שַׂר.
שְׁטַארְקֶער מֶלֶךְ, גְרוֹיסֶער אוּן גֶעלוֹיבְּטֶער אוּמֶעטוּם,
פְרִידְלִיךְ אוּן בֶּעשֵׁעהנְט מִיט כָּבוֹד אוּן מִיט רוּהם,
בִּיסְט אַ מֶלֶךְ זֵעהר אַ גוּטֶער, זֵעהר אַ רֵיינֶער,
לֶעבֶּען אִין דִי וֶועלְטֶען בִּיסט דוּ נָאר אֵיינֶער.
מֶעכְטִיג בִּיסְט דוּ גָאר אַ שְׁרֶעק
אוּן אַ בַּעַל־רַחֲמִים אָהְן אַ עֶק.

מֶלֶךְ טוֹב וּמֵטִיב מֶלֶךְ יָחִיד וּמְיוּחָד מֶלֶךְ כַּבִּיר מֶלֶךְ לוֹבֵשׁ רַחֲמִים מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים מֶלֶךְ נִשְׂגָּב מֶלֶךְ סוֹמֵךְ נוֹפְלִים מֶלֶךְ עוֹשֶׂה מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית מֶלֶךְ פּוֹדֶה וּמַצִּיל מֶלֶךְ צַח וְאָדוֹם מֶלֶךְ קָדוֹשׁ מֶלֶךְ רָם וְנִשָּׂא מֶלֶךְ שׁוֹמֵעַ תְּפִלָּה מֶלֶךְ תָּמִים דַּרְכּוֹ. מוֹדֶה אֲנִי לְפָנֶיךָ יְיָ אֱלֹהַי וֵאלֹהֵי אֲבוֹתַי עַל כָּל הַחֶסֶד אֲשֶׁר עָשִׂיתָ עִמָּדִי וַאֲשֶׁר אַתָּה עָתִיד לַעֲשׂוֹת עִמִּי וְעִם כָּל בְּנֵי בֵיתִי וְעִם כָּל

---

דו מֶלֶךְ איבֶּער מְלָכִים, גְרויסֶער פַּארנֶעהם,
וָואס שְׁטִיצְט גֶעפַאלֶענֶע, דִי וָואס אִין דֶער קְלֶעהם,
וָואס ווירְקט און שַׁאפְט,
דֶערְלֵייזְט מִיט קְרַאפְט,
וָואס אִין דִי הויכֶע הִימְלֶען אִיז דַיין רוּה,
און יֶעדֶע תְּפִלָּה הֶערְסט דו דָאךְ גוּט צוּ,
וָואס דַיין הַנְהָגָה, דַיין וָועג,
אִיז רִיכְטִיג אָהן אַ בְּרֶעג,—
דִיר, גָאט מַיינֶער און פון מַיינֶע פֶּעטֶער, דִיר
דַאנְק אִיךְ פַארְ'ן גְנָאד, וָואס דו גֶעטְהָאן הָאסט מִיר,
און וָואס דו בִּיסט נָאךְ בְּרֵייט צוּטָאן אַלֶע צַייט
מִיט מִיר, מִיט מַיין גֶעזִינד און מִיט אַלֶע לַייט,
און גֶעבֶּענְשְׁט זָענֶען דִי מַלְאָכִים דַיינֶע,
וָואס טְהוּן דַיין ווִילֶען, דִי הֵיילִיגֶע, פַיינֶע,
הֶער פון שָׁלוֹם, וָואס דֶער שָׁלוֹם אִיז דַיינֶער,
בֶּענְשׁ מִיךְ מִיט שָׁלוֹם, בֶּענְשׁ מִיךְ, אַ גָאט מַיינֶער,

בְּרִיּוֹתֶיךָ בְּנֵי בְרִיתִי. וּבְרוּכִים הֵם מַלְאָכֶיךָ הַקְּדוֹשִׁים וְהַטְּהוֹרִים שֶׁעֹשִׂים רְצוֹנֶךָ. אֲדוֹן הַשָּׁלוֹם מֶלֶךְ שֶׁהַשָּׁלוֹם שֶׁלּוֹ בָּרְכֵנִי בַשָּׁלוֹם וְתִפְקוֹד אוֹתִי וְאֶת כָּל בְּנֵי בֵיתִי וְכָל עַמְּךָ בֵּית יִשְׂרָאֵל לְחַיִּים טוֹבִים וּלְשָׁלוֹם: מֶלֶךְ עֶלְיוֹן עַל כָּל צְבָא מָרוֹם. יוֹצְרֵנוּ יוֹצֵר כָּל מַעֲשֵׂה בְרֵאשִׁית. אֲחַלֶּה פָנֶיךָ הַמְּאִירִים שֶׁתְּזַכֶּה אוֹתִי וְאֶת כָּל בְּנֵי בֵיתִי לִמְצֹא חֵן וְשֵׂכֶל טוֹב בְּעֵינֶיךָ וּבְעֵינֵי כָל בְּנֵי

---

זָאלְסט מִיךְ אִי מַיין גֶעזִינְד אוּן אַלֶע אִידֶען
גֶעדַאכְטֶען צוּ אַ גוּט לֶעבֶּען אוּן פְרִידֶען.
דוּ הֶעכְסְטֶער מֶלֶךְ אִיבֶּער הִימֶעל אַ סַךְ,
אוּנְזֶער בַּאשֶׁעפֶּער, מַייסְטֶער פוּן יֶעדֶער זַאךְ,
אִיךְ בֶּעט דַיין לִיכְטִיגֶען פָּנִים דֶעם שֵׁיינֶעם
זַיי מְזַכֶּה מִיךְ מִיט מַיין גֶעזִינד אִינְאֵיינֶעם,
צוּגֶעפִּינֶען חֵן אוּן גְלִיק בַּיי דִיר, גָאט גוּטֶער,
אִי בַּיי אַלֶע לַייט פוּן אֵיין פָאטֶער אוּן מוּטֶער,
בַּיי דִי מֶענְשֶׁענְס קִינְדֶער, אוּמוֹת אַלֶערלַיי,
וָואס פוּן אָדָם אוּן פוּן חַוָּה שְׁטַאמֶען זַיי,
אִין אִיטְלִיכֶענְס אוֹיגֶען חֵן צוּגֶעפִינֶען,
מִיר זָאלֶען גוּט אִי פְרוּם זַיין אוּן דִיךְ דִינֶען,
דוּ זָאלסט אוּנְז אַלֶע, לִיבֶּער גָאט, מְזַכֶּה זַיין,
שַׁבָּתִים צוּ-צוּנֶעהמֶען אֶרֶענְטְלִיךְ, פַיין,
מִיט גְרוֹיס שִׂמְחָה אוּן נַחַת אִין דֶעם גֶעזִינד,
אִין עוֹשֶׁר, אִין כָּבוֹד אִי מִיט וֶועניג זִינְד,

אָדָם וְחַוָּה וּבְעֵינֵי כָּל רוֹאֵינוּ לַעֲבוֹדָתֶךָ וְזַכֵּנוּ לְקַבֵּל
שַׁבָּתוֹת מִתּוֹךְ רוֹב שִׂמְחָה וּמִתּוֹךְ עוֹשֶׁר וְכָבוֹד וּמִתּוֹךְ
מִעוּט עֲונוֹת וְהָסֵר מִמֶּנִּי וּמִכָּל בְּנֵי בֵיתִי וּמִכָּל עַמְּךָ
בֵּית יִשְׂרָאֵל כָּל מִינֵי חוֹלִי וְכָל מִינֵי מַדְוֶה וְכָל מִינֵי
דַלּוּת וַעֲנִיּוּת וְאֶבְיוֹנוּת וְתֵן בָּנוּ יֵצֶר טוֹב לְעָבְדְךָ בֶּאֱמֶת
וּבְיִרְאָה וּבְאַהֲבָה וְנִהְיֶה מְכֻבָּדִים בְּעֵינֶיךָ וּבְעֵינֵי כָּל
רוֹאֵינוּ כִּי אַתָּה הוּא מֶלֶךְ הַכָּבוֹד כִּי לְךָ נָאֶה כִּי לְךָ

---

דֶערוַוייטֶער פוּן מִיר אִי פוּן מַיינֶע הוֹיזלַייט
אוּן פוּן גָאר דַיין פָאלק יִשְׂרָאֵל אַלֶע צַייט,
כָּל אַ מִינֵי קְרַאנְקהַייטֶען אִי ווִינְד אוּן וַויי,
דַלוּת, אָרֶעמְקַייט, פוּרְעָנִיוֹת אַלֶערלַיי,
אוּן גִיבּ אִין אוּנזֶער הַארץ אַ גוּטֶען ווִילֶען
דִיךְ צוּדִינֶען טְרַיי מִיט אַלֶע גֶעפִּיהלֶען,
בַּיי דִיר גֶעאַכְט זַיין לָאמִיר הָאבֶּען דָאס גְלִיק
אוּן בַּיי אַלֶע וָואס גִיבֶּען אוֹיף אוּנז אַ בְּלִיק;
דֶען דֶער מֶלֶךְ פוּן כָּבוֹד בִּיסט דוּ אַלֵיין,
דִיר שְׁטֶעהט אַזֶעלכְס אָן, דִיר פַּאסְט עָס שֵׁיין
דִיךְ קֵיינִיג אִיבֶּער אַלֶע קֵיינִיגֶען בֶּעט אִיךְ,
נֶעבִּיט דַיינֶע מַלְאָכִים, וָואס דִינֶען דִיךְ,
דִי דִינֶער פוּנֶ'ם אוֹיבֶּערשְׁטֶען דִי טְרַייעַ,
זֵיי זָאלֶען צוּ מִיר גְנֶעדִיג זַיין גוּט-מְחַיֶה,
אוּן זָאלֶען מִיךְ דָא בֶּענְשֶׁען, גִיבּ זֵיי אַ זָאג,
בַּיים קוּמֶען אִין מַיין הוֹיז דֶעם הֵיילִיגֶען טָאג;

יָאָה: אָנָּא מֶלֶךְ מַלְכֵי הַמְּלָכִים צַוֵּה לְמַלְאָכֶיךָ מַלְאֲכֵי הַשָּׁרֵת מְשָׁרְתֵי עֶלְיוֹן שֶׁיִּפְקְדוּנִי בְּרַחֲמִים וִיבָרְכוּנִי בְּבֹאָם לְבֵיתִי בְּיוֹם קָדְשֵׁנוּ כִּי הִדְלַקְתִּי נֵרוֹתַי וְהִצַּעְתִּי מִטָּתִי וְהֶחֱלַפְתִּי שִׂמְלוֹתַי לִכְבוֹד יוֹם הַשַּׁבָּת וּבָאתִי לְבֵיתְךָ לְהַפִּיל תְּחִנָּתִי לְפָנֶיךָ שֶׁתַּעֲבִיר אַנְחָתִי וָאָעִיד אֲשֶׁר בָּרָאתָ בְּשִׁשָּׁה יָמִים כָּל הַיְצוּר. וְאֶשְׁנֶה וַאֲשַׁלֵּשׁ עוֹד לְהָעִיד עַל כּוֹסִי בְּתוֹךְ שִׂמְחָתִי כַּאֲשֶׁר צִוִּיתַנִי לְזָכְרוֹ

דֶען מַיינֶע לִיכְט בְּרֶענֶען לִיכְטִיג אוֹיפֶ׳ן טִיש
און מַיין בֶּעטֶעל אִיז אוֹיסְגֶעבֶּעט מְחַיֶה פְּרִיש,
און הָאב לְכָבוֹד שַׁבָּת דִי קְלֵיידֶער מַיינֶע
פַארְבִּיטֶען אוֹיף שֵׁינֶע, רֵיינֶע און פַּיינֶע,
און בִּין גֶעגַאנְגֶען בֶּעטֶען אִין שׁוּל צוּ דִיר
דוּ זָאלְסט פַארְטְרַייבֶּען מַיינֶע זָארְגֶען פוּן מִיר,
און הָאב אִין מַיין גֶעבֶּעט עֵדוּת גֶעזָאגְט דָארט,
אַז אִין זֶעקְס טֶעג בֶּעשַׁאפְסְט דוּ מִיט דַיין וָוארט
דִי אַלֶע בֶּעשֶׁעפֶנִישׁ, וָואס גָאר אָהן אַ צָאהל,
אִיךְ וֶועל עָס נָאךְ צוּם צְוֵוייטֶען און דְרִיטֶען מָאל
עֵדוּת זָאגֶען בַּיים קִידוּשׁ אוֹיף אַ כּוֹסֶע
לוּסְטִיג־פְרֵעהלִיךְ מִיט אַ שִׂמְחָה אַ גְרוֹיסֶע,
ווִי דוּ הָאסט מִיר גֶעבָּאטֶען אִין דֶער תּוֹרָה
זִיךְ אָנְטָאן תַּעֲנוּג מִיט מַיין נְשָׁמָה יְתֵרָה,
וָואס דַיין לִיבֶּער נָאמֶען הָאט מִיר גֶעגֶעבֶּען
דֶעם שַׁבָּת צוּ הִיטֶען, אִין אִיהם צוּלֶעבֶּען,

וּלְהִתְעַנֵּג בְּיֶתֶר נִשְׁמָתִי אֲשֶׁר נָתַתָּ בִּי. בּוֹ אֶשְׁבּוֹת כַּאֲשֶׁר צִוִּיתַנִי לְשָׁרְתֶךָ וְכֵן אַגִּיד גְּדֻלָּתְךָ בְּרִנָּה. וְשִׁוִּיתִי יְיָ לִקְרָאתִי שֶׁתְּרַחֲמֵנִי עוֹד בְּגָלוּתִי לְגָאֳלֵנִי לְעוֹרֵר לִבִּי לְאַהֲבָתֶךָ וְאָז אֶשְׁמוֹר לְפִקּוּדֶיךָ וְחֻקֶּיךָ בְּלִי עֶצֶב וְאֶתְפַּלֵּל כַּדָּת כָּרָאוּי וּכְנָכוֹן: מַלְאֲכֵי הַשָּׁלוֹם בּוֹאֲכֶם לְשָׁלוֹם. בָּרְכוּנִי לְשָׁלוֹם. וְאִמְרוּ בָּרוּךְ לְשֻׁלְחָנִי הֶעָרוּךְ וְצֵאתְכֶם לְשָׁלוֹם מֵעַתָּה וְעַד עוֹלָם אָמֵן סֶלָה:

---

אין דעם שַׁבָּת וועל איך מיר רוה געפינען,
ווי דו האסט מיר געבאָטען דיך צודינען,
און אזוי וועל איך זיכער טאקי טאָן אויך
צוזאָגען דיין גרויסקייט מיט געזאנג הויך;
און נאָך בעט איך: א, דערבארעם זיך, דערליי,
בעפריי מיך פון צרות און פון אל-דאָס-בייז,
דערוועק מיין הארץ דיך ליב צוהאָבען, מיין גאָט,
דענסמאל היט איך אהן טרויער דיינע געבאָט,
און מיין געבעט וועט זיין מיט געפיהל ריין, שארף,
אזוי ווי עס געהער, אזוי ווי מען דארף.
א, איהר היילינגע מלאכים פון פרידען,
פריד זאָל אייער קומען זיין צו אונז אידען,
בענטשט מיך מיט שָׁלוֹם און זאָגט אייער בְּרָכָה
צו מיין טיש וואס פיין געגרייט מיט השגחה,
אייער אוועקגאנג מיט פריד אין גאָטס נאָמען
פון איצט ביז אייביג אָמֵן סֶלָה אָמֵן:

אֵשֶׁת חַיִל מִי יִמְצָא וְרָחוֹק מִפְּנִינִים מִכְרָהּ: בָּטַח בָּהּ לֵב בַּעְלָהּ וְשָׁלָל לֹא יֶחְסָר: גְּמָלַתְהוּ טוֹב וְלֹא רָע כֹּל יְמֵי חַיֶּיהָ: דָּרְשָׁה צֶמֶר וּפִשְׁתִּים וַתַּעַשׂ בְּחֵפֶץ כַּפֶּיהָ: הָיְתָה כָּאֳנִיּוֹת סוֹחֵר מִמֶּרְחָק תָּבִיא לַחְמָהּ: וַתָּקָם בְּעוֹד לַיְלָה וַתִּתֵּן טֶרֶף לְבֵיתָהּ וְחֹק לְנַעֲרֹתֶיהָ: זָמְמָה שָׂדֶה וַתִּקָּחֵהוּ מִפְּרִי כַפֶּיהָ נָטְעָה כָּרֶם: חָגְרָה בְעוֹז מָתְנֶיהָ וַתְּאַמֵּץ זְרוֹעֹתֶיהָ: טָעֲמָה כִּי טוֹב סַחְרָהּ לֹא

---

אשת חיל אײן אֵשֶׁת חַיִל אִיז אָזעלְטֶענֶע וַאךְ,
זִי אִיז נִישְׁט צוּקוֹיפֶען פַאר פֶּערֶעל אַ סַךְ.
פַארלָאזֶען מֶעג דֶעם מַאנס הַארץ זִיךְ אוֹיף אִיהר גָאר
דָאס פַארמֶעגֶען װֶערד נִישְׁט גֶעמִינֶערט אַ הָאר.
נָאר גוּטס אַלֵײן װֶעט זִי תָּמִיד אִיהם גֶעבֶּען,
קַײן בֵּײז, קַײן שְׁלֶעכטס קַײנְמָאל אִין אִיהר גַאנץ לֶעבֶּען.
זוּכט װָאל אִי פְלַאקס װִי מֶעגְלִיךְ צוּגֶעפִינֶען,
מִיט לוּסְט גֶעהמֶען זִיךְ אִיהְרֶע הֶענד צוּם שְׁפִּינֶען.
זִי אִיז גְלַײךְ צוּ הַאנְדֶעלס-שִׁיפֶען אִין יַם דָארט,
װָאס בְּרֵײנְגֶען אָן בְּרוֹיט עֶרְגִיץ פוּן אַ װַײט אָרט.
אִין דְרױסֶען אִיז נָאךְ נַאכְט, שְׁטֵעהט זִי אוֹיף גֶעשְׁװִינְד
אוּן גִיט אַרוֹיס שְׁפַּײז אוֹיף אִיהר גַאנץ הוֹיזְגֶעזִינְד.
מְהֵײלט יֶעדֶען זַײן אַרבַּײט אוֹיס אֵײגֶענְהֶענְדִיג,
אוּן אִיהרֶע דִינְסְטֶען זֵײעֶר אַרבַּײט שְׁטֶענְדִיג.
דֵײנְקְט אַרוּם אַ פֶּעלְד אוּן קױפְט עָס טַאקִי שׂוֹין,
פְלַאנְצְט אַ װַײנְגָארְטֶען פַאר אִיהר פַארְדִינְסְט, אִיהר לוֹין.

יִכְבֶּה בַלַּיְלָה נֵרָהּ: יָדֶיהָ שִׁלְּחָה בַכִּישׁוֹר וְכַפֶּיהָ תָּמְכוּ פָלֶךְ: כַּפָּהּ פָּרְשָׂה לֶעָנִי וְיָדֶיהָ שִׁלְּחָה לָאֶבְיוֹן: לֹא תִירָא לְבֵיתָהּ מִשָּׁלֶג כִּי כָל בֵּיתָהּ לָבֻשׁ שָׁנִים: מַרְבַדִּים עָשְׂתָה לָּהּ שֵׁשׁ וְאַרְגָּמָן לְבוּשָׁהּ: נוֹדָע בַּשְּׁעָרִים בַּעְלָהּ בְּשִׁבְתּוֹ עִם זִקְנֵי אָרֶץ: סָדִין עָשְׂתָה וַתִּמְכֹּר וַחֲגוֹר נָתְנָה לַכְּנַעֲנִי: עֹז וְהָדָר לְבוּשָׁהּ וַתִּשְׂחַק לְיוֹם אַחֲרוֹן: פִּיהָ פָּתְחָה בְחָכְמָה וְתוֹרַת חֶסֶד עַל לְשׁוֹנָהּ: צוֹפִיָּה

---

זִי פַארגַארְטֶעלְט זִיךְ שְׁטַארְק אוֹיף דָאס נַיי,
און אִיהרֶע הֶענד אַרְבַּייטֶען ווִידֶער גֶעטְרַיי.
זִי פִיהלְט ווִי אִיהר גֶעשֶׁעפְט אִיז גוּט אִי טַייעֶר,
אִי בַּיי דֶער נַאכט פַארלֶעשְׁט זִי נִיט אִיהר פַייעֶר.
אִיהרֶע פִינגֶער שְׁטְרֶעקְט זִי צוּ דֶער פְּרַיאַלְקֶע אוֹיס,
אִיהר הַאנד הַאלט דִי שְׁפִּינְדֶעל און שְׁפִּינט דַארוֹיס.
אִיהר הַאנד, וָואס דֶערְלַאנְגְט צוּם אָרְמֶען אִין דֶער נוֹיט,
אִיהרֶע פִינְגֶער, וָואס גִיבֶּען דֶעם אֶבְיוֹן בְּרוֹיט.
זִי הָאט נִישְׁט מוֹרָא אִיהר גֶעזִינד זָאל קַאלט זַיין,
בֶּעקְלֵיידט, בֶּענֵייט אִיז אִיהר הוֹיזגֶעזִינד פַיין.
מַאכט זִיךְ בֶּעטְגֶעוַואנד, אָנְצוּקוּקֶען אַ פְרֵייד,
פַיינֶע לַייוֶוענט און פּוּרְפּוּרְוָואל אִיז אִיהר קְלֵייד:
אִיהר מַאן שַׁיינט אוּמְטוּם מִיט דִי קְלֵיידֶער זַיינֶע,
בְּשַׁעַת עֶר זִיצְט צְווִישֶׁען גְרוֹיסֶע לַייט פַיינֶע.
שְׁלֵייעֶר מַאכט זִי זִיךְ און לָאזט אַנְדְרֶע נָאךְ אָפּ,
פוּן נַארְטְלֶען גִיט זִי נָאךְ דֶעם סוֹחֵר אַרָאפּ.

הֲלִיכוֹת בֵּיתָהּ וְלֶחֶם עַצְלוּת לֹא תֹאכֵל: קָמוּ בָנֶיהָ
וַיְאַשְּׁרוּהָ בַּעְלָהּ וַיְהַלְלָהּ: רַבּוֹת בָּנוֹת עָשׂוּ חָיִל וְאַתְּ עָלִית
עַל כֻּלָּנָה: שֶׁקֶר הַחֵן וְהֶבֶל הַיֹּפִי אִשָּׁה יִרְאַת יְיָ הִיא
תִתְהַלָּל: תְּנוּ לָהּ מִפְּרִי יָדֶיהָ וִיהַלְלוּהָ בַשְּׁעָרִים מַעֲשֶׂיהָ:

יֶער מַלְבּוּש אִיהרֶער אִיז אִי שְׁטַארק אִי שֵׁיין, קְלָאהר,
לַאכְט פוּנֶ׳ם לֶעצְטֶען טָאג אִיבֶּער הוּנדֶערט יָאהר.
עֶפֶענט מִיט חָכְמָה אִיהר מוֹיל, רֶעדט קְלוּג אַלְסְדִינג,
אַ לֶערנוּנג פוּן חֶסֶד לִיגט אִיהר אוֹיף דֶער צִינג.
זִי קוּקט אוֹיף דֶער פִיהרוּנְג אִין הוֹיז אַלֶע צַייט,
אוּן בְּרוֹיט זוּמְזִיסט עֶסט זִי נִיט וִוי פוֹילֶע לַייט.
אִיהרֶע קִינְדֶער לוֹיבֶּען זִי אִין אַלֶע עָרְטֶער,
אִיהר מַאן-עֶר רִיהמט זִי מִיט אַזְעלכֶע וֶוערטֶער:
„פִיל וַוייבֶּער הָאבֶּען פַארְדִינְט אוּן גְרוֹיס דֶרִיבֶּער,
דוּ אָבֶּער גֶעהֶסְט זֵיי אַלֶע וַוייט אִרִיבֶּער,
פַאלְשׁ אִיז דֶער חֵן, נַארִישׁ פוּן שֵׁיינְקַייט דֶער רוּהם
בֶּערִיהמט אִיז נָאר אַ וַוייב, וָואס אִיז גוּט אִי פְרוּם.
גִיט אִיהר פוּן דִי פְרוּכט מַאכִי פוּן אִיהרֶע הֶענט,
אִיהרֶע מַעֲשִׂים לוֹיבֶּען אוּן מַאכֶען זִי בֶּעקֶענט.“



# זְמִירוֹת לֵיל שַׁבָּת

זה הזמר מוסד מן חרוז שני והלאה על פי א״ב, ובחרוז הראשון חתם המחבר שמו ברית שנחת של ג׳ חלקי התורה, שהם. מקדש, שומר, הרבה. ר״ת משה.

כָּל מְקַדֵּשׁ שְׁבִיעִי כָּרָאוּי לוֹ. כָּל שׁוֹמֵר שַׁבָּת כַּדָּת מֵחַלְּלוֹ. שְׂכָרוֹ הַרְבֵּה מְאֹד עַל פִּי פָעֳלוֹ. אִישׁ עַל מַחֲנֵהוּ וְאִישׁ עַל דִּגְלוֹ: אוֹהֲבֵי יְיָ הַמְחַכִּים בְּבִנְיַן אֲרִיאֵל. בְּיוֹם הַשַּׁבָּת שִׂישׂוּ וְשִׂמְחוּ כִּמְקַבְּלֵי מַתַּן נַחֲלִיאֵל א). גַּם שְׂאוּ יְדֵיכֶם קֹדֶשׁ וְאִמְרוּ לָאֵל. בָּרוּךְ

---

כל מקדש וֶוער עֶס הַאלט דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג הֵיילִיג פַּיין,
וֶוער שַׁבָּת הִיט כְּדִין, אִיהם נִישט מְחַלֵּל צוּזַיין,
ווֶערד בֶּעלוֹינְט כְּפִי זַיין וֶוערְק מִיט דֶער פוֹלֶער הַאנְד,
יֶעדֶער כְּפִי זַיין גְרַאד אוּן יֶעדֶער כְּפִי זַיין שְׁטַאנְד.
אוהבי דִי וָואס הָאבֶּען גָאט לִיבּ אוּן אִיהם גֶעטְרַיי,
הָאפֶען וֶועהן דֶעם בֵּית הַמִקְדָּשׁ שְׁפָּאגֶעל נַיי,
פְרֵייט זִיךְ, קְוֶועלט שַׁבָּת קוֹדֶשׁ גָאר אַ מוֹרָא,
גְלַייךְ וֶועלכֶע וָואס מְקַבֵּל גֶעוֶוען דִי תּוֹרָה,

---

א) השבת היא שקולה כנגד שאר כל מצוות התורה במס׳ סנהדרין, בכמה מקומות.

יְיָ אֲשֶׁר נָתַן מְנוּחָה לְעַמּוֹ יִשְׂרָאֵל: דּוֹרְשֵׁי יְיָ זֶרַע אַבְרָהָם אוֹהֲבוֹ. הַמְאַחֲרִים לָצֵאת מִן הַשַּׁבָּת וּמְמַהֲרִים לָבֹא. וּשְׂמֵחִים לְשָׁמְרוֹ וּלְעָרֵב עֵרוּבוֹ. זֶה הַיּוֹם עָשָׂה יְיָ נָגִילָה וְנִשְׂמְחָה בוֹ: זִכְרוּ תּוֹרַת מֹשֶׁה בְּמִצְוַת שַׁבָּת גְּרוּסָה. חֲרוּתָה לַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי כְּכַלָּה בֵּין רֵעוֹתֶיהָ מְשֻׁבָּצָה[א]). טְהוֹרִים יִירָשׁוּהָ וִיקַדְּשׁוּהָ בְּמַאֲמַר כָּל אֲשֶׁר עָשָׂה. וַיְכַל אֱלֹהִים בַּיּוֹם הַשְּׁבִיעִי מְלַאכְתּוֹ אֲשֶׁר עָשָׂה: יוֹם קָדוֹשׁ הוּא מִבּוֹאוֹ וְעַד צֵאתוֹ. כָּל זֶרַע יַעֲקֹב יְכַבְּדוּהוּ:

הֵייבְּט אײַרע הֶענט אויף, לויבְּט גָאט מִיט לַייב אוּן זֵייל,
וָואס הָאט גֶעגֶעבֶּען רוּהֶה זַיין פָאלק יִשְׂרָאֵל.
דורשי אַבְרָהָם׳ס קִינְדֶער, וָואס פָארְשֶׁען גָאט מִיט מִיה,
פַארְצִיה דֶעם שַׁבָּת שְׁפֶּעט, נֶעהמֶען אִיהם צוּ פְרִיה,
הִיטֶען גֶערְן אִיהם, זַיין עֵרוּב מִיט נָאך זַאכֶען
דֶעם טָאג גִיט גָאט, לָאם מִיר זִיךְ לוּסְטִיג מַאכֶען.
זכרו גֶעדֵיינְקְט תּוֹרַת מֹשֶׁה, פוּן שַׁבָּת דָאס גֶעבָּאט,
שַׁיינט וִוי אַ כַּלָּה צְוִוישֶׁען דִי מִצְוֹת פוּן גָאט,
דָאס רֵיינֶע פָאלק נֶעהמְט, הַאלט עֶס הֵיילִיג, נִייעְט גְרֵיטְנ,
אוֹיפֶ'ן בֶּעפֶעהל פוּן דֶעם וָואס הָאט גֶעמַאכט אַלֶע דִינְג־
פוּן גָאט, וָואס הָאט גֶעמַאכט פַארטִיג אוּן פַארלֶענדט
אִין דֶעם זִיבֶּעטֶען טָאג דָאס וֶוערק פוּן זַיינֶע הֶענט.
יום הֵיילִיג אִיז דֶער טָאג פוּן אָנְהֵייב בִּיז עֶר גֵעהט הִין,
בַּיי יַעֲקֹב׳ס קִינְדֶער גֶעאַכט כְּפִי גָאט׳ס וָוארט. זַיין דִין,
רוּהֶען אִין אִיהם, עֶסֶען־טְרִינְקֶען צוּפְרִידֶען,
גַאנְץ יִשְׂרָאֵל מַאכֶען אִיהם, אַלֶע אִידֶען;

כִּדְבַר הַמֶּלֶךְ וְדָתוֹ. לָנוּחַ בּוֹ וְלִשְׂמוֹחַ בְּתַעֲנוּג אָכוֹל וְשָׁתוֹ. כָּל עֲדַת יִשְׂרָאֵל יַעֲשׂוּ אוֹתוֹ: מְשׁוֹךְ חַסְדְּךָ לְיוֹדְעֶיךָ אֵל קַנֹּא וְנוֹקֵם. נוֹטְרֵי לַיּוֹם הַשְּׁבִיעִי זָכוֹר וְשָׁמוֹר לְהָקֵם. שַׂמְּחֵם בְּבִנְיַן שָׁלֵם בְּאוֹר פָּנֶיךָ תַּבְהִיקֵם. יִרְוְיֻן מִדֶּשֶׁן בֵּיתֶךָ וְנַחַל עֲדָנֶיךָ תַשְׁקֵם: עֲזוֹר לַשּׁוֹבְתִים בַּשְּׁבִיעִי בֶּחָרִישׁ וּבַקָּצִיר עוֹלָמִים. פּוֹסְעִים בּוֹ פְּסִיעָה קְטַנָּה. סוֹעֲדִים בּוֹ לְבָרֵךְ שָׁלֹשׁ פְּעָמִים. צִדְקָתָם תַּצְהִיר כְּאוֹר

משוך צִיה, גֶערֶעכְטֶער גָאט, דַיין חֶסֶד אויף לַאנְגֶער צַייט
צוּ דִי וָואס קֶענֶען דִיךְ, דַיינֶע טְרַייעֶ לַייט,
דִי וָואס הַארֶען צוּם זִיבְּטֶען טָאג און ווִילֶען
דָאס גֶעבָּאט „זָכוֹר וְשָׁמוֹר" צוּדֶערְפִילֶען,
מִיט דֶעם הֵיילִיג גֶעבַּיי דֶערפְרֵיי זֵיי אִינאֵיינֶעם,
דֶערְוַייכְט זֵיי מִיט דַיין לִיכְטִיג פָּנִים דֶעם שֵׁיינֶעם,
לָאז פֶּעטֶע שְׂפֶּעזֶן פון דַיין הויז זֵיי גֶעניסֶען
און זֵיי אָנְטְרִינְקֶען פון דַיין טַייךְ דֶעם זִיסֶען.
עזור הֶעלְף דִי וָואס רוּהֶ'ן דֶעם זִיבְּטֶען טָאג, טוּעָן נִיט,
שְׁטֶענְדִיג אִין דֶער צַייט פון אַקֶערֶען און קְנִיט,
גֵעהֶן פַּאמֶעלִיךְ נִישְׁט מִיר צְווֶערֶען דֶערבַּיי,
עֶסֶען אִין אִיהם, כְּדֵי צוּבֶּענְטְשֶׁען, סְעוּדוֹת דְרַיי,
לָאז שַׁיינֶען, פוּנְקֶעלֶען זֵייעֶר גֶערֶעכְטִיגְקַייט,
ווִי פוּן דִי עֶרְשְׁטֶע זִיבֶּען טֶעג דָאס לֶעכְטִיגְקַייט,
גָאט פוּן דִי יִשְׂרָאֵל, וָואס הָאט גֶעטְרַיי לִיבּ,
גָאט פוּן דִי יִשְׂרָאֵל, אֵייבִּיגֶע הִילף גִיבּ.

שִׁבְעַת הַיָּמִים. יְיָ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל אַהֲבַת תָּמִים. יְיָ אֱלֹהֵי יִשְׂרָאֵל תְּשׁוּעַת עוֹלָמִים:

זה הזמר חברו משה חותם שמו בני ראשי החרוזים הראשונים: מנוחה, שמי, הוא.

מְנוּחָה וְשִׂמְחָה אוֹר לַיְּהוּדִים. יוֹם שַׁבָּתוֹן יוֹם מַחֲמַדִּים. שׁוֹמְרָיו וְזוֹכְרָיו הֵמָּה מְעִידִים. כִּי לְשִׁשָּׁה כֹּל בְּרוּאִים עוֹמְדִים: שְׁמֵי שָׁמַיִם אֶרֶץ וְיַמִּים. כָּל צְבָא מָרוֹם גְּבוֹהִים וְרָמִים. תַּנִּין וְאָדָם וְחַיַּת רְאֵמִים. כִּי בְּיָהּ יְיָ צוּר עוֹלָמִים. הוּא אֲשֶׁר דִּבֶּר לְעַם סְגֻלָּתוֹ. שָׁמוֹר לְקַדְּשׁוֹ מִבֹּאוֹ וְעַד צֵאתוֹ. שַׁבַּת קֹדֶשׁ יוֹם חֶמְדָּתוֹ. כִּי בוֹ שָׁבַת אֵל מִכָּל מְלַאכְתּוֹ: בְּמִצְוַת שַׁבָּת אֵל יַחֲלִיצָךְ.

---

מנוחה רוּה און פְרֵייד, אַ לִיכְטִיגקַייט צוּ די אידען,
איז דער לִיבֶּער שַׁבָּת, דער טָאג פון פְרִידֶען,
עֵדוּת זָאגט דער וָואס הַאלְט איהם נִישְׁט פַאר גְרִינְג,
אַז אין זעקס טעג איז בֶּעשַׁאפֶען אַלְסְדִינג:
שמי די הִימֶעל, די ערד, די יַמִּים און טַייכֶען,
דָאס גַאנצֶע גֶעשְׁלִידֶער אויבֶּען דֶעסְגְלַייכֶען,
דער פִישׁ, דער מֶענשׁ, דער רְאֵם, וָואס איז גָאר זֶעלטֶען
אַז גָאט ער איז מַייסְטֶער פון אַלֶע וֶועלְטֶען.
הוא ער, וָואס הָאט צו זַיין לִיבּ פָאלק גֶערֶעדְט גַאנץ לַאנג.
הַאלְט איהם הֵיילִיג פוּנ'ם קוּמֶען בִּיזְ'ן אַוֶועקגַאנְג,
דעם שַׁבָּת קֹדֶשׁ זַיין טָאג, וָואס מְחַיֶה גוּט,
דען פון זַיין גַאנְץ וֶוערְק הָאט גָאט אין איהם גֶערוּהט.
במצות פַאר דעם שַׁבָּת-הִיטֶען גִיט דיר גָאט חִיוּת,
רוּף צוּ איהם, וֶועט ער דיך שְׁטַארְקֶען אָהן שִׁיהוּת,

קוּם קְרָא אֵלָיו יָחִישׁ לְאַמְּצָךְ. נִשְׁמַת כָּל חַי וְגַם
נַעֲרִיצָךְ א). אֱכוֹל בְּשִׂמְחָה כִּי כְבָר רָצָךְ: בְּמִשְׁנֶה לֶחֶם
וְקִדּוּשׁ רַבָּה. בְּרֹב מַטְעַמִּים וְרוּחַ נְדִיבָה. יִזְכּוּ לְרַב
טוּב הַמִּתְעַנְּגִים בָּהּ. בְּבִיאַת גּוֹאֵל לְחַיֵּי עוֹלָם הַבָּא: ב)

זה הזמר חברו מנחם והסימן מתחיל מהחרוז השני: מערב, סולת, חפציך, מעין.

מַה יְּדִידוּת מְנוּחָתֵךְ אַתְּ שַׁבָּת הַמַּלְכָּה. בְּכֵן נָרוּץ

---

פוּן בֶּעשֶׁעפְּנִישׁ דִי זֵייל, אוֹיךְ דַיין קְרַאפְּט אִיז עֶר,
עֶס מִיט פְרֵייד, עֶר הָאט שׁוֹין אִין דִיר אַ בֶּעגֶעהר.
במשנה מִיט דִי פָּאר חַלוֹת, דֶעם גְרוֹיסֶען קִידוּשׁ דֶערְמִיט,
מִיט פִיל גֶעשְׁמַאקֶע שְׁפַּייז אוּן אַ פְרַייעֶ גֶעמִיט,
וֶועלֶען דִי, וָואס מְהַנֶּען זִיךְ אִין אִיהם וואויל גָאר פַּיין,
צוּ אַ סַךְ גוּטס אוּן גְרוֹיס וואוילְטִיג זוֹכֶה זַיין,
בַּיים קוּמֶען פוּנֶ'ם דֶערלֵייזֶער אַ מָאל,
אוֹיךְ צוּ עוֹלָם הַבָּא נָאר אָהן אַ צָאהל.

---

מה ידידות אַךְ, וִוי לִיבּ אִיז דִי רוּה דַיינֶע,
דוּ פְּרִינְצֶעסִין שַׁבָּת פַיינֶע,
דְרוּם דִיר אֶקֶעגֶען לוֹיפֶען מִיר אַלֶע,
קוּם, מִיר בֶּעטֶען, קוּם, גֶעקְרֵיינְטֶע כַּלָּה.

---

א) תיבת נעריצך שבתוך הזמר אין לה שחר כלל, ואין ספק שצ״ל מַעֲרִיצָךְ ע״ד הכתוב והוא מַעֲרִיצְכֶם (ישעיה ח׳ י״ג) ת״י והוא תקיפכון: ב) כל המשמר שבת ומכבדה ומענגה כפי כחו כבר מפורש בקבלה שכרו בעולם הזה יותר על השכר הצפון לעולם הבא, מיימוני הלכות שבת פ״ל ה״י ובמסכתא שבת קי״ח. חזק בתרגומי:

לִקְרָאתֵךְ בֹּאִי כַלָּה נְסוּכָה א) . לְבוּשׁ בִּגְדֵי חֲמוּדוֹת
לְהַדְלִיק נֵר בִּבְרָכָה. וַהֲכֵל כָּל הָעֲבוֹדוֹת לֹא תַעֲשֶׂה
מְלָאכָה . לְהִתְעַנֵּג בְּתַעֲנוּגִים בַּרְבּוּרִים וּשְׂלָיו וְדָגִים :
מֵעֶרֶב מַזְמִינִים כָּל מִינֵי מַטְעַמִּים. מִבְּעוֹד יוֹם מוּכָנִים
תַּרְנְגוֹלִים מְפֻטָּמִים . וְלַעֲרוֹךְ בּוֹ כַּמָּה מִינִים. שְׁתוֹת
יֵינוֹת מְבֻשָּׂמִים. וְתַפְנוּקֵי מַעֲדַנִּים. בְּכָל שָׁלֹשׁ פְּעָמִים:

מֶען טְהוּט זִיךְ אָן אִין אַ שֵׁיין קְלֵייד,
מֶען צִינדט אָן, בֶּענְשְׁט לִיכְט מִיט גְרוֹיס פְרֵייד,
פוּן אַלֶע גֶעשֶׁעפְטֶען אַיין עֶק,
אוּן דִי אַרְבַּייט לֵייגְט מֶען אַוֶועק,
תַּעֲנוּג זִיךְ אָנצוּטָאן בַּיים טִישׁ,
מִיט קַאפְּהִינֶער, עוֹפוֹת אוּן פִישׁ.
סערב פוּן נֶעכְטֶען אַלֶערְלֵיי שְׁפַּייז בְּרֵייט,
פוּן דֶער פְרִי פֶּעטֶע הִינֶער גְרֵייט,
מֶען גְרֵייט אָן מִינֵי זַאכֶען פִיל,
זֶעהר גוּטֶען וַויין וִויפִיל מֶען וִויל,
גֶעשְׁמַאקֶע שְׁפַּייז אוּן נַאשֶׁערַיי,
אוֹיף דִי סְעוּדוֹת אַלֶע דְרַיי.
תַּעֲנוּג זִיךְ אָנְצוּטָאן בַּיים טִישׁ,
מִיט קַאפְּהִינֶער, עוֹפוֹת אוּן פִישׁ.

א) חכמינו ז"ל קראו לשבת בתוארי הכבוד מלכה, כלה. ר׳ חנינא מיעטף וכו׳ אמר בואו ונצא לקראת שבת המלכה. ר׳ ינאי לבש מאניה ואמר בואי כלה בואי כלה (שבת קיט. א):

להתענג נחלת יעקב יירש בלי מצרים נחלה ב) ויכבדוהו
עשיר ורש ותזכו לגאולה. ג) יום שבת אם תשמרו
והייתם לי סגולה. ששת ימים תעבדו ובשביעי נגילה:
להתענג חפציך אסורים וגם לחשוב חשבונות. הרהורים
מותרים ולשדך הבנות. ד) ותינוק ללמדו ספר למנצח
בנגינות ה) ולהגות באמרי שפר בכל פנות ומחנות:

---

נחלת יעקב'ס ארבטהייל האט מען דער־פאר,
אין ארב אהן א גרעניק צום שכר.
אבטען דעם שבת ארם און רייך,
זענט איהר די גאולה זוכה גלייך;
שבת אויב איהר וועט היטען פיין,
וועט איהר גאטס א געליבט פאלק זיין;
זעקס טעג דורכאנאנד ארבייט, טהוט,
און דעם זיבטען טאג פרייט זיך, רוהט.
תענוג זיך אנצוטאן ביים טיש,
מיט קאפהינער, עופות און פיש.
חפציך האנדעל אין איהם דארף אויפהערען,
אויך קיין רעכענונג געפיהרט ווערען;

---

ב) כלשון הכתוב (ישעיה נ״ח, י״ד): ג) אלמלי משמרין וכו׳ מיד נגאלין (שבת קי״ח, ב׳), ה) משדכין על התינוקות ליארס בשבת ועל התינוק ללמדו ספר וללמדו אומנות (שם) פירש רש״י שם ללמדו אומנות, דהא נמי מצוה היא, דכל מי שאינו מלמדו אומנות מלמדו ליסטות. והפייטן שנה פה לשון הגמרא וכתב למנצח בנגינות תחת ללמדו אומנות, ובלי ספק עשה זאת בעבור החרוז שיה׳ שלה יפה:

רען. קוים האָט מען איהם נאָר אַראָבגעוואָרפען, האָט איהם אויף גאָטס בעפעהל אַ גרויסער פיש איינגעשלונגען. דריי טעג און דריי נעכט איז ער געלעגען ביי דעם פיש אין בויך און האָט מתפלל געווען ביז גאָט האָט זיך אויף איהם דערבאַרעמט און דער פיש האָט איהם אויס־געשפּייעט אויף דער יבשה.

איבער דער דאָזיגער מעשה מיט יונה הנביא געפינען זיך פיעל דעות. דער זוהר הקדוש נעהמט אָן, אַז די מעשה איז פשוט אמת אַזוי ווי זי איז געשריעבען, און זאָגט נאָך דערביי אַ דרש, אַז דאָס איז אַ משל אקעגען דעם מענשען, אַז דער גוף שלינגט אין זיך איין די נשמה, בשעת דער מענש קומט אויף דער וועלט, אַזוי ווי דער פיש האָט איינגעשלונגען יונה הנביא. אונזערע הייליגע חכמים נעהמען עס אָן פשוט און בעשרייבען נאָך אַפילו, ווי די מעשה איז געשעהן מיט די ווערטער: דג גדול זכר היה, והיה עומד בו בריוח וכו' והקיאו לתוך פיה של נקבה, שהיתה מלאה עוברים וכו', דאָס הייסט, אַז צום ערשטען איז יונה הנביא איינגעשלונגען גע־וואָרען פון אַ פיש אַ זכר, און אַז דער פיש האָט איהם אויסגעשפּייעט, האָט איהם נאָך אַ מאָל איינגעשלונגען אַ פיש אַ נקבה, וואָס זי איז גע־ווען אינעווייניג פול מיט קינדער. עס האָבען זיך אָבער תמיד געפונען אַזעלכע, וואָס האַלטען זיך פאַר גרויסע פילוסופים, און האָבען גע־לייקענט די גאַנצע מעשה מיט יונה הנביא און שטאַרק לצנות געמאַכט איבער די ווערטער פון אונזערע הייליגע חכמים. ערשטענס, האָבען זיי געפרעגט: ווי געשיקט זיך עס, אַז אַ פיש זאָל איינשלינגען אַ מענשען און דער מענש זאָל נישט אין איהם טאַקי באַלד צוקאָכט ווערען? און צווייטענס, ווען יונה איז איינגעשלונגען געוואָרען, איז ער דאָך אַראָפּ גלייך אין מאָגען, ווי זשע קומט עס, אַז אין אַ מאָגען זאָלען זיין קינ־דער? וועלכע היה אויף דער וועלט טראָגט קינדער אין מאָגען?

ווען, אַ שטיינער, אַ ייד, אַפילו אַ גאַנץ פרומער און אַ גרויסער למדן, דערהערט פלוצלים פון עמיצען אַזאַ מין שאלה, בלייבט ער דאָך געוויס טאַקי שטעהן און ווייסט נישט וואָס צו ענטפערן. יענער דערווייל מיינט, אַז ער איז אַ ווילדער חכם, און בתוך־כך קומט אַרויס אַ חלול־השם. און פאַר וואָס דאָס איז טאַקי אַזוי? מחמת אַ נוער עולם איז כמעט גאָר ניט בעקאַנט מיט דער טבע פון אַלע בעשעפענישען. דער גרעסטער טייל פון זיי ווייסט אַפילו ניט, אויב זיי געפינען זיך גאָר אויף דער וועלט. ווען ער זאָל אָבער אַלסדינג יאָ וויסען, וואָלט עס

איהם זעהר צוניטץ געקומען און ער וואָלט זיך אַליין געקענט פערענט־פערן פיעל שאלות.

דאַריבער איז זעהר רעכט און ניצליך דאָ צו בעשרייבען די טבע פון אַ מין פיש, וואָס דורכדעם וועלען מיר, ערשטענס, וויסען, אַז ס'איז בנמצא, אַז אַ פיש זאָל אײנשלינגען אַ מענשען; צווייטענס, אַז די מעשה מיט יונה הנביא איז אַ ריינער אמת, און דריטענס, אַז די ווערטער פון אונזערע הייליגע חכמים זענען זעהר טיעף, און ווען מען קען די חכמת הטבע, פערשטעהט מען ערשט זייער מיין און ווי ווייט זיי האָבען נאָך אין יענער צייט געקענט די טבע פון גאָטס בעשעפענישען.

אַזוי ווי דער לייב און דער לעמפּערט האָבען צווישען אַלע חיות אויף דער יבשה זיך קונה שם געוועזען מיט זייערע נעגעל און ציין און זיי זענען בעקאַנט דער גאַנצער וועלט פאַר די גרעסטע רוצחים און עזות־פּנימער, וואָס פאַלען איטליכען אָן און רייסען גרוים און קליין גאָר אָהן רחמנות, אַזוי האָט זיך אין ים אויך קונה שם געוועזען אַ שרעקליכע משפּחה פיש, וואָס פאַר זייער מויל ציטערען אַלע חיות אין ים. די דאָזיגע שרעקליכע משפחה רופט מען האַי־פיש. די חברה־לייט זענען גרויסע פרעסערס, בראַקעווען ניט קיין שום זאַך, אַלסדינג איז פאַר זיי אַ מאכל, אַפילו אַז דער מאָגען קען עס ניט פערדייען. לעבעדיגע אָדער טוידטע חיות זענען ביי זיי גאָר גלייך, אַבי אָנשטאָ־פען די קישקע. חאָפּטעסוויז שווימען זיי אין ים נאָך די שיפען און האַפען אויף ווי הייסע לאָקשען אַלסדינג, וואָס פאַלט פון דאָרטען אַראָב. דאָס זענען אַזעלכע אַרץ־עזות־פּנימער, אַז גאָר אָהן פּחד פאַלען זיי אָן מענשען, וואָס באָדען זיך אין ים, און אַ טהייל שלינגען מיט אַ מאָל איין אַ גאַנץ פערד ווי אַ האַלעשקע און דאָס קלעקט ביי זיי פונקט ווי אויף איין צאָהן. זיי הערען גאָר ניט די וועלט, זיי זענען זעהר כפּריט־נע, באָרען זיך מיט די שטאַרקסטע ים־חיות און בלייבען תמיד פון אויי־בען. אָט די משפחה פישעלעך געפינען זיך אין אַלע ימים פון דער וועלט און אומעדום האָט מען פון זיי צו זינגען און צו זאָגען. אַ טהייל פון זיי ליינען פיערעקעדיגע לענגליכע אייער, און אַנדערע געווינען מאָקי לעבעדיגע קינדער.

די משפחה האַי־פיש ווערד איינגעטהיילט מעהר ווי אין דרייסיג מינים. אַלע צווישען זיך זענען גאָר לייבליכע קרוביט, כמעט מיט איין נאַטור. דער חילוק צווישען זיי איז נאָר אין די אויסענווענינגסטע פּרי־מעטעס, היינו: די פלאָספּעדערן זענען ניט ביי אַלע גלייך אין דער צאָהל

און שטעהען נישט אויף דעם רוקען בײ אַלע גלײך פונקט אויף די אײגענע ערטער. אַ חוץ דעם איז נאָך בײ זײ אַ נפקא מינה אין דער פאַרב פון דער הויט און אין דער צאָהל פון די צײן, וכדומה אַזעלכע זאַכען; אין דער שענער משפחה געפינט איהר אַלערלײ שלעק, און אַז מיר האַלטען שוין יאָ אין שמועס, איז כדאי דערװײל אַ ביסעל זיך צו בעקענען חאָטש מיט עטליכע פון די פאַרשוינען.

די קלײנסטע פון די האַי-פיש זענען דער הונד מיט דער קאַטץ, און באמת פערדיענען זײ טאַקי די שענע נעמען, מהמת אין ים זענען זײ פונקט אַזעלכע רוצחים װי אויף דער יבשה, װי דער לײב מיט דעם לעמפּערט פון דער משפחה קעטץ, און דער װאָלף מיט דער היענע, פון דער משפחה הינד. װי באַלד זײ דערשמעקען נאָר ערגיץ אַ מחנה פיש, װאָס שװימען זיך זײער װעג, פאַלען זײ אַרײן צװישען זײ װי אַ הונגעריגער װאָלף אין דער טשערעדע און פרעסען זײ אויף. מעהר פון אַלע פיש לײדען פון די דאָזיגע פרעסערס די הערינג. זײ פערשלינגען די הערינג נעביך גאָר אָהן אַ צאָהל, און אַז דער מאָגען װערט בײ זײ פול, מײקענען זײ זיך אויס און נעהמען זיך צום עסען גאָר אויף דאָס נײ, און אַלע מאָל אויסמײקענדיג קענען זײ אַװעקפרעסען אַ גאַנץ לאַנגע צײט, אָהן אַײן עק און אָהן אַ סוף. בשעת זײערע אַ חברה פרעסען די הערינגלעך הערט זיך גאַנץ װײט אַ ריח פון טראָהן, דאָס װאַסער װערד פון אויבען גלאַנצענדיג, גלײך װי מען װאָלט דאָרטען אויסגעגאָסען גאַנצע פעסער מיט אײל. די פישער האָבען געװענליך צרות אויסצושטעהן פון די פרעסער. אַ חוץ דעם, װאָס זײ שלינגען אַײן אַלע פיש, װאָס מען װאָלט געקענט חאַפּען צום עסען און צום פערקויפען, טהוען זײ נאָך אָן געװנג שאָדען דערמיט, װאָס זײ צערײסען מיט זײערע שאַרפע צײן די װענטקעס. נאָר פּאָפּאַדעט זיך אָבער אײנער פון די לײט אויף דעם האַטשיק, מעג ער זיך שוין געזעגענען מיט דעם לעבען. די פישער מאַכען איהם דעם טויט, חאָטש ער טויג גאָר נישט צום עסען.

אין אָסיען איז בײ די דאָזיגע האַי-פיש די צײט, װאָס זײ פרובּפערן זיך. תחלת װינטער הויבען אָן די נקבות צו לײגען אײער צװישען געװעקס אין ים. דאָרטען פיהרען זיך די קינדערליך אַלײן אויס און בשעת זײ קריכען אַרויס פון דעם אײ העננט איטליכען נאָך פון אונטען אַ טאָרבעלע מיט אַ ביסעל איבערגעבליבענעם געלכען, װאָס דערפון שפּײזט ער זיך ביז עס שנײדען זיך איהם אויס די צײן. קוים לאָזט זיך איהם אויס דער חאַרטש און דאָס טאָרבעלע פאַלט פון איהם

אראפ, קען ער שוין זיין שטערטיל אליין בעשטעהן און ווערד אזא רוצח ווי זיין טאטע און זיין מאמע.

פון די פיש קען מען ניט עסען נאר די לעבער, וואס זי האט אין זיך א סך טראהן. דער פראנצויזישער דאקטאר מאוואזש זאגט אז זייער לעבער איז אבער זעהר שעדליך. ער דערצעהלט, ווי פיער מענשען, וואס האבען אויפגעגעסען איין לעבער, זענען באלד אין א האלבע שעה ארום נאך דעם עסען קראנק געווארען און אוועקגע־שלאפען דריי טעג כסדר; בשעת זיי האבען זיך אויפגעכאפט, האט זיי שטארק געגודעט. דאס פנים איז ביי זיי געוועזען פול מיט רויטע פלע־קען און זיי זענען ערשט פטור געווארען פון דער קראנקהייט דענסט־מאל, אז עס האט זיך ביי זיי אבגעשיילט די הויט פון דעם גאנצען לייב און פון דעם קאפ.

נאר דער שרעקליכסטער פיש פון דער גאנצער משפחה איז דער מענשען־האי, אדער ווי מען רופט איהם נאך מיט א נאמען דער מענשענפרעסער. ער וואקסט איים פון זיבעצעהן ביז אכטצעהן איילען די לענג. זיין מויל איז שרעקליך גרויס און ברייט. ביי א סך פון דעם מין פיש האט מען אין בויך געפונען גאנצע פערד, וואס זיי האבען פערשלונגען. מאכט זיך א מאל, אז אזא מין בהמה ליעגט אויסגעצויגען טויט אויף דעם ברעג, קריכען איהם אריין דורך דעם אפענעם פיסק גאנץ גרויסע הינד העט ווייט אין זיין מאגען און געהמען זיך ארויס פון דארטען אזוי ווי פון א קעלער אלדינג, וואס דער מא־גען האט נאך ניט פערדייעט. דער דאזיגער פיש האלט זיך אויף אין אלע ימים און אומעטום איז ער דער גרעסטער תקיף. אלע חיות אין ים ציטערען פאר זיין פארע, ער שלינגט זיי אלע אהן רחמנות איין, און אפילו דער מענש, דער מושל פון דער גאנצער וועלט, איז ביי איהם אויך קיין גרויסער יחסן ניט: דערטאפט ער איהם נאר, צי טויטע צי לעבעדיגע, חאפט ער איהם אריין גלייך אין מאגען. אלע מענשען האם זיצען נעבען ברעג און אלע, וואס פאהרען אויף דעם ים, פער־שעלטען איהם זיין נעביין. ער געהט נאך די שיפען ווי א קוה א קאלב און לאזט זיי ניט אב ביז צום ברעג. צום מייסטען האלט ער זיך נעבען די שיפען, וואס פיהרען פון אפריקא קיין אמעריקא די אומגליקליכע געפאנגענע שקלאפען. ער שמעקט זיך א פנים, אז נעבען די שיפען קען מען זיך פאזשיווען, ווארום באמת שטארבען טאקי פיעל נעגערן אויף דעם שיף איידער מען דערפיהרט זיי צום ארט און מען ווארפט זיי גלייך

אַראָפּ אין ים אַריין. ווען עס האַפּט זיך אַריין אויף אַ שיף דאָס גנלע פיש־
בער און מענשען הויבען אָן צו שטאַרבען, אַז מען מוז זיי כּסדר אַריינ־
וואַרפען אין ים, דענסטמאָל לויפען נאָך דעם שיף גאַנצע מחנות פון
די האי־פיש מיט אַזאַ אימפעט און אַ מין רציחה, אַז אַפילו ביי די
שטאַרקסטע מאַטראָזען, וואָס זענען שוין פון קליינוויס־אויף געוועהנט
מיט דער חברה, קלאַפּט אויך גוט דאָס האַרץ און די האָר שטעלט
זיך ביי זיי קאַפּויר. אינ׳ם יאָהר 1798, בשעת דער גרויסער בעריהמטער
מלחמה אויף דעם ים נעבען דעם דאָרף אבוקיר אין מצרים, וואָס
נאַפּאָלעאָן האָט זיך געשלאָגען מיט די ענגלענדער און מענשען
זענען געפאַלען ווי שמרוי, האָט מען דענסטמאָל געזעהן אַרומשווימען
צווישען די ענגלישע און פראַנצויזישע קאָראַבען אַהין און אַהער גאַנ־
צע מחנות האי־פיש, וואָס האָבען אויפגעהאַפּט אַלע מענשען, וואָס זע־
נען אַראָבגעפאַלען אין ים אַריין און האָבען זיך גאָר ניט געשראָקען
פאַר די טויזענדער האַרמאַטעס, וואָס האָבען געדונערט פון ביידע צדדים.
דער האי־פיש לאַקאָמעט זיך אַזוי אויף מענשענפלייש, אַז ער שפּרינגט
אַרויס פון דעם ים גאַנץ הויך, אַבי דאָס מאכל צו חאַפּען. עס האָט
זיך שוין אַ מאָל אַזאַ מעשה געטראָפען, אַז דער מענשען־האי איז אַרויס־
געשפרונגען צעהן איילען הויך פון דעם וואַסער און האָט אַראָבגעחאַפּט
אויבען פון דעם שיף אַ געשטאָרבענעם נעגער. דער בעריהמטער ראָנ־
דעלעט דערצעהלט, אַז ער אַליין האָט מיט זיינע אויגען געזעהן, ווי
מען האָט געפונען אין אַ מאָגען פון אַ האי־פיש אַ גאַנצען מענשען אָנ־
געטאָן מיט כּלי־זין. דער גרויסער נאַטורפאָרשער מילער דערצעהלט,
אַז אין יאָהר 1758 האָט זיך אַזאַ מעשה פּערלאָפען: אין מיטעללענדי־
שען ים איז געגאַנגען אַ שיף; עס איז געוואָרען אַ שטורמווינד און איין
מאַטראָז איז אַריינגעפאַלען אין ים. ער האָט אָנגעהויבען צו שווימען
און צו שרייען, מען זאָל איהם ראַטעווען; עטליכע מאַטראָזען האָבען זיך
אַראָבגעלאָזט אין אַ קליין שיפעלע. נאָר איידער אָבער זיי האָבען זיך
געריהרט צו ראַטעווען זייער חבר, האָט איהם שוין אַ האי־פיש איינגע־
שלונגען. דער קאַפּיטאַן, וואָס האָט עס צוגעזעהן, האָט געהייסען באַלד
פון אַ האַרמאַט אויסשיסען. די קויל האָט געטראָפען דעם פיש און ער
האָט באַלד אויסגעשפּייעט דעם מאַטראָז לעבעדיגערהייט און קיין האָר
איז איהם ניט געוועזען געקרימט. פעליע דערצעהלט, ווי ער האָט
מיט זיינע אייגענע אויגען געזעהן, ווי דער האי־פיש האָט איינגעשלונ־
גען אַ פערד. דער היינטיגער גרעסטער נאַטורפאָרשער ברעהם דער־

צעהלט מיט די ווערטער: בשעת איך האָב מיך אויפגעהאַלטען אין דער שטאָדט אלכסנדריא אין מצרים, איז די גאַנצע צייט אונמעגליך געוועזן זיך צו באָדען אין ים, מחמת אַ האַי-פיש האָט זיך דאָרטען איינגעגאָרעט און אַוועקגעכאַפּט מענשען פון די הייזער, וואָס שטעהען אויף דעם ברעג.

אַלע רציחות פון דעם האַי-פיש צו בעשרייבען איז אָהן איין עק און אָהן אַ ברעג. געגנוג מענשען האָבען שוין אין זיין מאָגען זייער קבר געפונען און זעהר פיעל זענען געבליבען קאַלעקעס אָהן הענד און אָהן פיס, וואָס דער רוצח האָט זיי אָבגעריסען. זיין מאָגען איז פשוט אַ מאַגאַזין פון אַלערליי זאַכען. אין אַמעריקא, נעבען דער שטאָדט יאַק-סאָן האָט מען פון אַ מאָגען פון אַ געהרגעטען האַי-פיש אַרויסגענומען אַ גאַנצען פריידיק, אַ סך ביינער פון שאָף, אַ האַלבען חזיר, דעם קאָפּ מיט דעם פעדער-חלק פון אַ גרויסען הונד, עטליכע פוד פערדענ-פלייש, אַ גאַנץ שטיקעל נראָב ליינווענד, וואָס מען מאַכט דערפון זעק, און נאָך אַ דראָטענע באַרשט. אַ מאָל געפינט מען אין זיין מאָגען נאָך דערצו צינערנע כלים, אייזענוואַרג, געהילץ און לעדער, ווי ביי אַ רעכטען בעל הבית אין קאָמער.

שען איז נאָר צו זעהן, ווי דער מענש, וואָס ער ווייכט תמיד אוים דעם האַי-פיש און וויל מיט איהם קיין שום עסק ניט האָבען, ווערד פלוצלים נאָר אַ נאָהנטער מחותן בשעת ער געהט פאַנגען דעם גרויסען וואַלפיש. דענסטמאָל ווען דער מענש שטעקט איהם אייזערנע קרוקעס אין ריקען אַריין, רייסט איהם דערווייל דער האַי-פיש אוים גאַנצע שטיקער פלייש פון אונטען.

דער מענש, וואָס הערשט מיט זיין שכל פון אייביג אָן איבער אַלע בעשעפעניש פון דער גאַנצער וועלט, איבער חיות אויף דער יבשה, איבער פייגעל אין דער לופט און איבער פיש אין דעם ים, לערנט אויך אַ מאָל אָן דעם גרויסען פאַני-בריה און ווייזט איהם ווער עלטער איז. רייזענדע דערצעהלען, אַז די נעגערן אין מערב-זייט פון אפריקא געהען גאַנץ דרייסט אין ים אַקעגען דעם האַי-פיש מיט אַ לאַנג מעסער אין דער האַנד און שניידען איהם אויף דעם בויך. דער ענגלענדער דיקסאָן דערצעהלט, אַז ער האָט אַליין געזעהן ווי די איינ-וואָהנער פון די קעמפּעס זאַנדוויך האָבען זיך געשלאָגען מיט דעם האַי-פיש איבער דעם דרויב פון אַ חזיר, וואָס די ענגלישע מאַטראָזען האָבען אַראָפּגעוואָרפען אין ים אַריין.

אויף אזא גראָבען אופן צו שלאָגען זיך מיט דעם האי־פיש שמעלען זיך נאָר איין ווילדע מענשען; די געבילדעטע מענשען אָבער פון אונזער אייראָפא האָפען איהם מיט אַנדערע הסברות. מען זעצט ארויף אויף אַ גאַנץ גרויסען האַטשיק, וואָס איז צוגעטשעפעט צו אַ גאַנץ שטאַרקער אַייזערנער קייט, אַ שטיק פליישׁ אָדער אַ פיש און מען לאָזט דאָס אַראָפּ אין ים אַריין. קוים דערשמעקט עס דער האי־פיש פון ווייטענס, קוממ ער באַלד צולויפען און האַפּט עס אין מויל אַריין. אַבי דאָס האַטשיקעל האָט זיך ביי איהם אינווענינ פאַרטשעפעט, איז מען מיט דעם פאַרשוין באַלד פאַרטיג. הענגלין בעשרייבט גאַנץ בפרטיות, ווי אַזוי מען האַפּט דעם דאָזיגען ריז. ער דערצעהלט, אַז בשעת ער איז געשטאַנען מיט זיין שיף אין ים־סוף האָט ער געשאָסען אַ גרויסען פויגעל, וואָס איז באַלד אַראָפּגעפאַלען אין וואַסער אַריין. איינער פון די מאַטראָזען האָט זיך אַראָבגעלאָזט אין ים צו ברענגען דעם דערשאָסענעם פויגעל; קוים איז ער נאָר אַריין צוריק אין שיף, האָט ער דערזעהען, ווי אַ האי־פיש האָט זיך צוגעלאָזט צום דעם שיף. ראשיד, מיין מאַטראָז, אַזוי דערצעהלט ער ווייטער, איז געבליבען פאַר שרעק אָהן לשון און האָט מיר נאָר געקענט אַ צייכען געבען מיט דער האַנד, אַז איך זאָל בעטראַכטען דעם אומגעבעטענעם גאַסט. באַלד טאַקי איז גיך, ווי אַ פייל פון דעם בויגען, אָנגעקומען אַ צווייטער און נאָך איהם אַ דריטער, וואָס ער איז געוועזען אומגעלומפערט גרויס. עס איז ביי אונז געבליבען, אַז מיר זאָלען פרובען די דריי ליוראָיעדעך פאַנגען. מיר האָבען אויף אַ לאַנגען אַייזערנעם האַטשיק, וואָס איז געוועזען צוגעטשעפעט צו איין אַייזערנער קייט, ארויפגעזעצט אַ גע־רייכערטען פיש און איהם אַריינגעלאָזט אין ים אַריין. די אַייזערנע קייט איז געוועזען שטאַרק צוגעקרעמפעו׳עט צו אַ שרעקליך גראָבען שטריק פון דעם שיף. קוים איז דער גערייכערטער פיש אַראָפּ אויף אַ קלאַפ־טער אין וואַסער, איז דער קליינסטער פון די דריי חברה־לייט צוגעשוואומען און האָט איהם געפראוווט פערזוכען. אַז ער האָט זיך שוין גוט פערטשעפעט, האָט מען פערזאָרפען דעם גראָבען שטריק אויף אַ ראָד און אַלע מענשען פון דעם שיף האָבען זיך גענוג געמוטשעט איידער זיי האָבען איהם אַרויפגעשלעפּט אויף דעם שיף. דאָרטען האָבען זיי דעם שיינעם גאַסט מקבל פנים געווען מיט שאַרפע העק און מיט אַייזערנע דראָבניעס; ער האָט גוטע קלעפּ בעקומען, ביז ער איז געבלי־בען ליעגען אַזוי ווי פערשמעלים. אַז מען איז מיט איהם פאַרטיג גע־

וואָרען, האָט מען נאָך אַ מאָל אַראָפּגעלאָזט דעם האַטשיק. דער צווייטער נאָסט האָט זיך אויך ניט געלאָזט לאַנג בעטען און האָט נעחאַפּט דעם איינענעם פּסק ווי דער ערשטער. דער גרעסטער איז לעת עתה פערשוואונ־דען און ערשט אין עטליכע שעה אַרום איז ער צוריק געקומען. מען האָט איהם געפּרובט פערנאַרען צום האַטשיקעל מיט שאָפּען־פלייש, ער אָבער האָט זיך גאָר ניט ווימענדיג געמאַכט און איז געשוואומען נעבען דעם, גלייך ווי ער זעהט עס ניט. מען האָט אַראָפּגעלאָזט דעם האַטשיק נאָך טיעפער, דער האי־פיש האָט זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען און האָט זיך גענומען צום שאָפּענפלייש. לעבעדיגערהייט אַרויפצושלעפּען אַזאַ ריז איז געוועזען אַ גרויסע סכנה, ער וואָלט גע־קענט פון אַלעמען מאַכען אַ תל. דאַריבער בשעת ער איז נאָך שלע־פּענדיג געהאַנגען אין דער לופט, האָט מען איהם אַריינגעשאָסען צוויי קוילען אין מוח אַריין און אין די וואונדען האָט מען אַריינגעשטאָכען אייזערנע העק, וואָס מיט זיי האָט מען איהם ערשט אַרויפגעצויגען אויף דעם שיף. די אַלע דריי לייט, ווי צוקאַרעראַשעט זיי זענען געוועזען, האָבען זיך נאָך אַזוי שטאַרק געוואָרפען, אַז דער גאַנצער אָקרענט האָט געציטערט. מען האָט נאָך אין זיי געגוג העק און שפּיזען אַריינגעלעגט אידער זיי זענען טויט געבליעבען. מען האָט אַרויסגענומען פון זיי די לעבער, וואָס איטליכע האָט געהאַלטען ביז צוויי איילען די לענג, און מען האָט זיי פערפּאַקט אין זייערע אייגענע מאָגענס. פון די לעבערס מאַכט מען דעם בעסטען טראָהן. די פלאָספעדערן האָט מען אויך אָבגעהאַקט, מחמת דאָס איז אַ סחורה, וואָס ווערד געברויכט אין אינדיען צום פּאָלירען און אָבצוציהען אויף זיי מעסערס. דאָס פלייש, וואָס טויג נישט צום עסען, האָט מען צוריק אין וואַסער אַריינגע־וואָרפען.

אָבער נישט תמיד געראָטה עס צו חאַפּען דעם האי־פיש אויף אַזאַ אופן. עס מאַכט זיך זעהר אָפט, אַז ווי באַלד ער דערפיהלט נאָר דעם האַטשיק ביי זיך אין מויל, הויבט ער זיך אָן אַזוי שטאַרק צו דרעהען, אַז ער קען אפילו דעם גרעבסטען שטריק איבעררייסען, און דאַריבער איז אַ סכנה מיט איהם אָנצוהייבען פון אַ קליינעם שיפעל, וואָס דאָרטען זענען ווייניג מענשען. ווען ער זעהט, אַז עס איז פון דעם האַטשיק נישט פטור צו ווערען, הויבט ער אָן אַזוי שטאַרק צו טייקענען ביז ער טייקעט אויס דעם מאָגען מיט דעם האַטשיק.

די גרויסע האי־פיש, אָדער מענשענפרעסער, פאָרען זיך דאָס

רוב נאָהנט פון דעם ברעג. די זכרים רייסען זיך אַ מאָל איבער אַ נקבה. די נקבה ווערד מעוברת מיט דרייסיג ביז פופציג אייער. וואָס זי זיצט זיי אויס מאַקי ביי זיך אין בויך, און געווינט לעבעדיגע קינדער. אָט דאָס קליינוואַרג, ווי עס קומט נאָר אַרוים אויף דער וועלט, געהט עס גלייך אַראָפּ אויף אייגענע קעסט און דאַרף קיינעמס לאַסקע ניט האָבען; עס איז פאַרזאָרגט מיט אַלע כלי-זין און קען שוין זיין שטיקעל ברויט בעקומען. פונדעסטוועגען האַלטען זיי זיך נאָך אַ לאַנגע צייט ביי דער מאַמעס פאַרטוך און זי היט זיי אָפּ פאַר אַלע צרות, און נאָר אין אַ נויט-פאַל קריכען זיי אַריין צו דער מוטער אין מויל, אָדער גאַנץ טיעף אין מאָגען אריין. עס האָט זיך שוין ניט איין מאָל געטראָפען, אַז מען האָט אַרויסגענומען ביי אַזאַ געהרגעטער נקבה לע-בעדיגע קינדער פון איהר מאָגען.

אַ חידוש נפלא איז, אַז דער גרויסער שרעקליכער האַי-פיש, וואָס פאַר איהם ציטערט דער גאַנצער ים, לעבט גאָר פריינדליך מיט אַ קליין פישעלע, וואָס איז אינגאַנצען גרוים ווי אַ קאַרעסעל. אָט דאָס קליינע פישעלע לויפט איהם אומעטום נאָך ווי אַ געטריי הינטעל. עס דרעהט זיך איהם ביי די זייטען, שווימט איהם פאַר דעם מויל, לויפט פריהער און מאַכט איהם אַ וואַרע. דאָס מין פישעלע האָט פאַרצייטענס געהייסען פאמפילוס, היינט רופט מען עס לאָטזעע-פיש. דער בעריהמטער קאָמערסאָן שרייבט פון דעם פישעלע די ווערטער: איך האָב תמיד געהאַלטען אין דער סברא, אַז די מעשה, וואָס די וועלט דערצעהלט פון דעם האַי-פיש מיט דעם לאָטזעע-פישעלע, איז גאָר איין אויסגעטראַכטע זאַך; איצט אָבער בין איך גאָר ניט מסופק, אַז די מעשה איז טאַקי אמת, ווייל איך האָב עס אַליין מיט מיינע אויגען גע-זעהן. אָט דאָס קליינע פישעלע עסט תמיד די שיריים פון דעם האַי-פיש, און ס'איז נאָר אַ גרוים הידוש, ווי אַזוי דער גרויסער פרעסער שלינגט נישט איין דאָס פיצעלע, וואָס עס דרעהט זיך איהם שטענדיג פאַר דער נאָז. איך האָב עפּעטערם געזעהן, אַז מען האָט אַרויסגעוואָר-פען פון דעם שיף אַ שטיק פלייש און דאָס לאָטזעע-פישעלע האָט עס נאָר דערשמעקט, איז עס באַלד געלאָפּען צו דעם האַי און האָט עס איהם אַהין צוגעבראַכט. חאַפּט מען אַ מאָל אַ האַי, לויפען איהם לאָטזעען, זיינע באַסאַקעס נאָך, און טרעטען נישט אָב פון איהם ביז מען ציהט איהם נישט אַרוים. טעג לאַנג געהען זיי נאָך דעם פיש ביז זיי געפינען נישט איין אַנדער האַי, וואָס זיי זאָלען זיך קענען אַרום

איהם דרעהען. אלע געלעהרענטע, וואָס נעהען אויף דעם ים, דערצעהלען אויך דאָס איינענע און זענען איינגאַנצען מסכים מיט קאָמערסאָן. נאָר ווי קומט עס פאָרט, אַז דאָס קליינע פישעלע זאָל זיין אַזאַ נאָהענטער מחותן מיט דעם ים־גזלן? דאַרויף געפינען די געלעהרענטע כמה טעמים. אַ טהייל זאָגען, אַז די גרויסע פריינדשאַפט צווישען זיי קומט דאַריבער, מחמת דאָס קליינע פישעלע מיט זיין גוטען חוש־הריח פיהרט תמיד דעם האי צום רויב, בכדי עס זאָל קענען זיך אויך מפרנס זיין פון די ברעקלעך, וואָס פאַלען יענעם אַראָפּ. עס מיינט, נעביך, נישט מעהר נאָר ווי דאָס שטיקעלע פרנסה. אַנדערע ווילען האָבען, אַז דאָס לאָטזעע־פישעל האַלט זיך דאַריבער נעבען דעם האי, כדי זיך צו בעשאָהרענען פאַר זיינע שונאים אין ים; פאַר איהם אַליין אָבער האָט עס ניט וואָס מורא צו האָבען, מחמת עס קען זיך תמיד פון איהם אויסדרעהען. דזשאָפרע דערצעהלט, אַז פאָהרענדיג אויף דעם ים קיין מצרים האָט ער געזעהן אַ גרויסען האי, וואָס פאַר איהם זענען געלאָפען צוויי לאָטזעעפישלעך. אַז די צוויי בּאָסאַקעס זענען צוגעשוואומען צים שיף, זי בעשמעקט פון אַלע זייטען און גאָר נישט געפונען, האָבען זיי זיך צוריק געקעהרט צו זייער בעל־הבית און איהם אַוועקגעשלעפט ווייטער. דערווייל האָט אַ מאַטראָז אַראָבגעלאָזט אין ים אַ שטיק פלייש אויף אַ האָטשיק. קוים האָט דאָס פלייש אַ פליעסקע געגעבען אין וואַסער, האָבען זיך די לאָטזעעפישלעך גאַנץ ווייט אומגעקעהרט ווי אַ פייל פון דעם בויגען, האָבען אַ לעק געטהון דאָס שטיקעל פלייש; באַלד זענען זיי געלאָפען מודיע צו זיין פון דעם זייער בעל־הבית און זענען מיט איהם תיכף צוריקגעקומען. דער בחור, פאַרשטעהט זיך, האָט אַ חאַפּ געטהון דאָס פלייש אין מויל אַריין און מען האָט איהם באַלד אַרויסגעצויגען געפאַנגענערהייט אין שיף אַריין. אין צוויי שעה אַרום האָט מען אויך געחאַפּט איינ:ם פון די לאָטזעעפישלעך, וואָס האָט בשום אופן ניט געוואָלט אָבטרעטען פון דעם שיף. ביי דער גרויסער מלחמה ביי אַבוקיר, וואָס מיר האָבען שוין אויבען בעשריבען, זענען דאָרט די לאָטזעעפישלעך אויך געלאָפען ווי די פעלדיעגערס פאַר די האי־פיש און זיי אָנגעוויזען די טוידטע מענשען.

איצט, רבותי! אַז איהר האָט שוין אַלסדינג אָפּגעלייענט וועגען דעם האי־פיש, קענט איהר זיך שוין אַליין אָנשטויסען, אַז נאָר אַ האי־פיש האָט איינגעשלונגען יונה הנביא, מחמת ערשטענס שלינגט ער טאַקי אַיין מענשען, און דער מאָגען זיינער איז אַזוי גרויס, אַז מען

קען זיך אין איהם בעהאלטען; צווייטענס האט ער די טבע, נישט באלד צו פארדייען דאס, וואס ער שלינגט איין, און דאס מיינט טאקי דער פסוק דערמיט, וואס ער זאגט „ויקא“ דאס הייסט: דער פיש האט יונה הנביא אויסגעשפּיקעט — און פירטענס איז ער נאר דער איינציגער, וואס קען האלטען זיינע קינדער אין מאגען. פון דעם זעהט מען ארויס בעשיינפערליך, ווי ווייט אונזערע היילינגע חכמים האבען גע־קענט די חכמת הטבע, און ווי מען זעהט ארויס פון זייערע רייד, האבען זיי געהאלטען, אז נאר א האי־פיש האט איינגעשלונגען יונה הנביא, און מיט רעכט האבען זיי געדרונגען פון דעם ווארט „דגה“, אז ער איז איינגעשלונגען געווארען פון א פיש א נקבה בשעת אז אין איהר מאגען האבען זיך בעהאלטען, אזוי ווי דער שטיינער איז, איהרע איי־גענע קינדער און טאקי דער פאל איז געוועזען א נס בהשגחה פרטית, וואס יונה הנביא האט געקענט ליגען אין דעם מאגען דריי טעג מיט דריי נעכט און זיין ביי דעם גאנצען פערשטאנד און ארויסגעהן נאכדעם לעבעדיגערהייט.

אלע געלעהרטע, וואס גיבען זיך אב היינטיגע צייטען מיט חכמת הטבע, זאגען אלע בפה אחד, אז נאר דער האי־פיש האט איינגע־שלונגען יונה הנביא, און רופען איהם אין דער נאטור־געשיכטע לכבוד דעם נביא, יונה׳ס־פיש, דאס הייסט: דער פיש וואס האט איינגע־שלונגען יונה הנביא.

אלע ווערק פון

# מענדעלע מוכר ספרים

(ש. י. אבראמאָוויק).

# אין דער ישיבה של מעלה.

# די נשרפים.

---

XV. באנד.

פערקויף: נעזעלשאפט „צענטראל“, ווארשא.

## א.

# אין דער ישיבה של מעלה.

איך וועל אייך דערצעהלען א מעשה, ווי אזוי איך האב אמאל געהאט אין ווארשע אנ׳עלית־נשמה. דאס איז גראד ניט געוועזן פון יענעם סארט עלית־נשמה, וואו דער גוף קלייבט זיך טאקי פריש און געזונד אויף דער וועלט, עסט און טרינקט און טוט זיך אן אלערליי וואויל־טאג, בשעת די נשמה איז ערגיץ געלם געווארען ואיננה — חאטש גיעה זוך זי מיט ליכט. ניין, ביי מיר האט טאקי דער גוף, במחילה, געמוזט נאכטאנצען נאך דער נשמה: הייבען הענד, אונטערשפרינגען מיט די פיס, דראפען זיך פון דעם פאל אויפ׳ן פענסטער, פונ׳ם פענסטער אין הויף אריין, פונ׳ם הויף אויף א וואנד, פון דער וואנד ווידער אין א הויף, פון דארט אין א הויז אריין, פונ׳ם הויז אויף א לייטער, פונ׳ם לייטער אויפ׳ן בוידעם, העט־העט, אין א ווינקעלע, אונטער דער סטריכע.

איהר׳ט אמאל געזעהען, ווי אזוי סע שפרינגען און סע הויבען זיך בולבעלעך אויף א וואסער? מיינט ניט, אז דאס טוט זיך מיט נסים, אז מלאכים שפילען זיך דא. ניין, די מעשה איז פשוט בתכלית הפשטות: סע ווארפט עמיצער אריין א שטיין, אדער מע דערווארימט דאס וואסער, הויבט עס אן זיך הויבען. אזוי האבען זיך דעמאלט געהויבען אחינו בני ישראל, געדראפעט זיך, געקלעטערט, וואס העכער. ס׳איז, ניט היינט געדאכט, געוועזן דעמאלט א קאבעניש, א געוואלד, א געפילדער. שטיינער זענען געפלויגען, האמערס האבען געפלעט יודי־שע קעפ, שויבען האבען געקלונגען. . . . . . . . . . .

אין אזא מין בהלה האָב איך זיך אויף מישב געווען און פערלאָזען די זינדיגע ערד און בעקומען עלית-נשמה.

דער לייטער איז געווען משונה הויך און סטרימקע, און דראַפּענ-דיג זיך מיט ציטערדיגע קניה און מיט אַ קלאַפּענדיגען האַרצען, האָב איך זיך דערמאָנט אָן דעם לייטער, וואָס יעקב אבינו האָט געזעהען אין חלום, אַנטלויפענדיג פאַר זיין ברודער עשו. איך האָב אַ שאַרף געטאָן דעם מוח, און ס'איז מיר באַלד פאַרענטפערט געוואָרען, וואָס דער פסוק איז דאָ אויסען. דער לייטער, פערשטעהט איהר מיך, איז אַ רמז אויף יעקב אבינו'ס קינדער. ער שטעהט אָנגעברייט פאַר אונז, יורעלעך, פון ששת ימי בראשית, און דורות קלעטערען אַרויף און קריכען וויע-דער אַרונטער... איך מוז זיך מודה זיין: דער נייער דרש מיינער האָט מיר געטאָן ווילד הנאה. איך האָב זיך געפרעהט, אַ שמייגער, ווי עמיצער, וואָס געפינט אַ כשר'ע מציאה, איך האָב מיר געטראַכט אין מיין האַר-צען: אַז וואויל און גוט איז דיר, פאָלק ישראל, וואָס דיין תורה שטעהט דיר ביי אין די נויטען, וואָס זי העלפט דיר, וואו דו קעהרסט זיך און ווענדסט זיך, מיט איהרע טייערע דרשות פערזיסט זי דיר דאָך ביי-טערקייט פון דיין לעבען, מיט איהרע ליעבע מעשיות פערשלעפערט זיך דיך, ווי אַ מאַמע איהר קינד אויף דעם שוים, צוליעב איהר פער-געסטו דיינע וועהטאָגען און צרות, זיסע חלומות בריינגען דיר טרייסט און האָפנונג, אַ שטילער שמייכעל בעשיינט דיין פנים בשעת אין די אויגען שטעהען נאָך טרעהרען, ווי ליכטיגער טהוי אויף די גראָזען. און ווען אַרום און אַרום אויף דער וועלט איז פינסטער חשך, ניטאָ קיין אמת, ניטאָ קיין גערעכטיגקייט, ניטאָ קיין ליעבע און קיין שלום, נאָר קנאה און שנאה, גזלה און רציחה פון אַלע זייטען, — עפענט זי דיר די טויערען פונ'ם הימעל מיט איהרע הגדות, און דו זעהסט געטליכע גע-שטאַלטען, שוועבסט אויף די פליגלען פון דיין פאַנטאַזיע צווישען כתות פון הייליגע מלאכים, טראָגסט זיך אַוועק וויט-וויט, אין וואונדערבאַרע וועלטען. אַ צערטליכע מאַמע איז זי צו דיינע אומגליקליכע יתומים, אַ רייכע סעודה פאַר דיינע הונגעריגע און דאָרשטיגע קינדער, אַ טייע-רער אוצר פאַר דיינע פיעלע אביונים; אַ ליעבע פרוי איז זי צו דיינע פרושים, אַ חנ'ודיגע כלה צו דיינע ישיבה-בחורים און תלמידי-חכמים. איהר ליעבע פילט אָן זייער נשמה, איהר געשטאַלט איז שטענדיג פאַר זייערע אויגען, און זיי גלעטען זי און האַלזבען זי אין שעפען תענוג פון איהרען אַ בליק און געפינען אין איהר אַלע טאָג אַ נייעם טעם. אַז

גוט און וואויל איז דיר, פאָלק ישראל, וואָס דו ביזט געבענשט מיט אַזאַ ברכה! — די דאָזיגע געדאַנקען האָבען מיר אונטערגעגעבען כח, און איך האָב געקלעטערט, מיט דעם אויבערשטענס הילף: גיך און גרינג, ווי אַ קאַץ, ביז איך געקומען אין דער ישיבה של מעלה.

און אַזוי ווי איך בין דאָרט געוואָהר געוואָרען זעהר אַ סך ניצליכע זאַכען, האַלט איך עס פאַר מיין חוב צו דערצעהלען וועגען זיי מיינע ברידער, כדי זיי זאָלען זיך היטען. ווען ס'וועט קומען זייער צייט צו קריכען אויפ'ן בוידעם, און ס'זאָל זיך זיי ניט טרעפען דער אייגענער בכשיל, וואָס מיר.

אַ יוד, אַז ער קומט אַרויף אויפ'ן בוידעם, זאָל ער למען השם זיך אַנידערזעצען נאָהענט ביי דער טהיר און זיך ניט ריהרען פונ'ם אָרט, ביז ער וועט אַביסעל אָבהאַפּען דעם אָטעם און זיך צוגעוואָהנען צו דער פינסטערניש, וואָס הערשט אַרום און אַרום. און ער זאָל זיך ניט אַרומ־דרעהען אַהין און אַהער איבער'ן בוידעם, בשעת ס'איז איהם נאָך פינסטער אין די אויגען, כדי ער זאָל אַליין ניט געשעדיגט ווערען און ניט שעדיגען יענעם, חלילה, און ער זאָל ניט אַרומגעהן מיט אַ פאַרריסע־נעם קאָפּ, כדי ער זאָל זיך ניט אָנשלאָגען אָן דער קראָקווע און ניט בעקומען אַ בייל. און געדענקען זאָל דער יוד, אַז אפילו אויפ'ן בוידעם, וואו קיינער זעהט איהם ניט און הערט איהם ניט, איז ער אויך ניט פריי, ווי אַ פויגעל. און ווער ס'וועט הערען די דאָזיגע עצות און וועט זיי מקיים זיין, ווען ער וועט געהויבען ווערען בשעת אַ מהומה, וועט איהם זיין גוט און וואויל, אמן סלה.

ואני — און איך מענדעלע, אַז איך בין געקומען אַרויף, האָב איך ניט אַזוי געטאָן: איך האָב זיך גענומען אַרומדרעהען צווישען די באַנטעס, ווי ניט אין זיך, אַלץ געאיילט זיך, געטאַפּט, געפאַלען און ווידער אויפגעשטאַנען און געבראָדזיעט, ווי אַ בלינדער, ביז איך האָב דער־הערט — עמיצער קרעכצט.

— אוי, מיין פוס! פּאַוואָליע מיין פוס!

דערהערט דאָס קול, טו איך אַ פאַל אַנידער, ווי גרויס איך בין, און שלאָג זיך אָן אָן עפּיס טעפּ און קריגלעך. די טעפּ פּלאַצען מיט אַ טראַסק, איך בלייב ליגען ניט טויט ניט לעבעדיג, די שערבלעך און שטיקלעך גלאָז שטעכען מיך פון אונטען, און ביי דער זייט פיהל איך — עמיצער באָרבעט זיך אין שטויב, פונקט ווי איך. איך קוק זיך איין — דאַכט זיך אַ יוד, כ'וואָלט געמעגט שווערען. אויב אַזוי, ווערט מיר

אביסעל גרינגער אויפ'ן האַרצען. איך שמעק איהם אָב אַ שלום־עליכם, ער ענטפערט מיר עליכם־שלום. איך פרעג איהם: מה שמכם? ענ־טפערט ער מיר אליהו. פרעגט ער מיך — זאָג איך איהם: מענדע־לע מוכר ספרים. נו, ווי דער מנהג איז ביי יודען, ס'געהט נים אַוועק קיין פינף מינוט, זענען מיר שוין איינער מיט'ן אַנדערען אַ נאָהענטער שמעלקע און מע דערצעהלט זיך בכל מכל כל. ר' אליהו, ווער איך געוואָהר, איז אַ ליטוואַק. ער פערמאָגט אַ ווייב מיט זעקס קינדער, זיין פרנסה איז — מעקלעריי, אויפ'ן בוידעם איז ער אַרויף ווי איך, דורך עלית־נשמה בשעת דעם שטורעם. איך פון מיין זייט דערצעהל איהם אין איין אָטעם, מיט וואָס איך האַנדעל, פון וואַנען איך קום, וואָס איך האָב דאָ אין שטאָדט פאַר געשעפטען, וואו אַרום איך קום אויפ'ן בוי־דעם. מיר טוט שטאַרק הנאה, וואָס איך האָב דאָ געטראָפען אַ לעבע־דיגען מענשען, איך בין זיך ממש מחיה. ניט אומזיסט זאָגט דער פסוק: מה טוב ומה נעים — ווי גוט און וואויל איז, ווען ברידער זיצען אין איינעם אפילו אויפ'ן בוידעם.

געזעסען זענען מיר אַגוי הויך, אַז דער רעש און דאָס געפילדער פון דער שטאָדט האָט זיך דאָ געהערט זעהר שוואַך. האָבען מיר דע־ריבער געקענט שמועסען, וויפיעל דאָס האַרץ גליסט, דערצעהלען איינס דעם אַנדערען מעשיות מיט פּאָטשטען, ווי אין אַ שוהל אָדער אַ בית־מדרש להבדיל, ר' אליהו האָט מיר דערצעהלט, אַז דער בוידעם, וואו מיר געפינען זיך איצט, איז איבער אַ שטאַל פון בהמות און אַז דער בעל־הבית פון דעם הויף איז אַ יוד, אַ סימן — די פסח'דיגע כוסות און טעפ־לעך, וואָס איך האָב צוּבראָכען. מסתמא, מאַכט צו מיר ר' אליהו, זיצט דער בעל־הבית אַליין אויך ערגיץ וואו אויפ'ן בוידעם אין אַ ווינקעלע בעהאַלטען, סע העלפט נים, וואָס ער האָט אַנ'איינגענעם הויף מיט שטאַ־לען מיט כל־טוב. וואָרום קריכען אויפ'ן בוידעם איז ביי יודען אַ מצות עשה שהזמן גרמא — און די מצוה איז חל אויף אַלע יודען, גרויס און קליין, ווייבער און קינדער. אגב האָט מיר ר' אליהו איבערגעגעבען איינינע פרטים פון דער דריי־גאָרענדיגער שנאה, וואָס מיר זעהען אין וואַרשע: דער פוילישער יוד האָט פיינט דעם ליטווישען יודען; די פרומאַקעס, די גאָט'ס סטראַפּטשעס, קענען נים אָנקוקען די היינטועל־טיגע אַפּיקורסים, און דער גוי האָט פיינט אַלע יודען צוזאַמען, סיי ליטוואַקעס, סיי היימישע, סיי אויפגעקלעהרטע, סיי פרומע. די יודען צווישען זיך רייסען זיך פאַר כבוד, קריכען איינער דעם אַנדערען אויפ'ן

קאָפּ, בלאָזען פון זיך און זענען מאָרגע בעלי-גאוה'ניקעס, אָבער נאָר דעמאָלט, ווען זיי האָבען צו טאָן מיט אחינו בני ישראל. קומט זיי אָבער אויס צו בענגענען זיך מיט אַ גוי, זענען זיי שטיל, ווי די קאָטינקעס: מע זידעלט זיי — און זיי שווייגען, מע שפייט זיי אין פּנים אַריין — און זיי מאַכען זיך נים וויסענדיג, מע גיעט זיי קלעפּ — און זיי בוקען זיך און קניען מיט גרויס הכנעה...

אינמיטען שמועס, ר' אליהו האָט נאָך נים אויסגעדערצעהלט אפילו אַ העלפט יודישע שבחים, ווערט ער פּלוצלונג אַנטשוויגען און טוט אַ שמאָרע מיט דער נאָז, אַקוראַט ווי ער האָט דערשמעקט עפּיס אַ פריקרע זאַך.

— וואָס איז אַייך, ר' אליהו? — פרעג איך איהם פערוואונדערט — וואָס זענט איהר מיר אַנטשוויגען געוואָרען אינמיטען דערינען?

— דער בוידעם האָט אויערען! — שעפּטשעט ר' אליהו דערשראָקען און לעגט אַרויף אַ פינגער אויפ'ן מויל, ווי איינער רעדט: פתח שין שאַ!

מיר זיצען מיט קלאַפּענדיגע הערצער: פון ערגיץ אַ ווינקעל לאָזט זיך פלוצלינג הערען אַ געוויש, ווי עמיצער סאַפּעט, עמיצער ניסט.

— גוים! — זאָג איך שטילערהייד און ציטער מיט אַלע אברים.

„יאָ, געוויס, אַזוי איז דאָס. דער איינענער טרעלבויך, די איינענע זקנה, די איינענע לאַנגע פּאות. כ'וואָלט איהם דערקענט אפילו אַן'אָבגעשונדרענעם" — אַזוי רעדט ר' אליהו צו זיך אַליין, און צו מיר דרעהט ער זיך אויס און זאָגט:

— גרייט זיך, רב מענדעלע, מקבל-פּנים זיין אַנ'אמת'ען וואַרשעי וועך יודען, אַ וואַרשעווער פון קאָפּ ביז די פּיאַטעס, אַ וואַרשעווער מיט אַלע פּישטשיוקעס, מיט אַלע תנועות, מיט אַלע העויות. זיין נאָמען איז ר' שמשון. אַליין איז ער אַ האַלבער חסיד, אַ האַלבער עם-הארץ. דאַכט זיך אַ בעל-הבית, און פונדעסטוועגען אַ קבצן. ליט-וואַקעס האָט ער פיינט ווי חזיר און מיך אויך נים ווייניגער ווי אַלע. ער האָט דאָס דערהערט, ווי מיר שמועסען צווישען זיך. איז דאָס איהם אַריין אין דער נאָז, האָט ער אָנגעהויבען ניסען... אָט שטעלט ער זיך אויף די פיס... אָט קוקט ער, אָט רירט ער זיך פונ'ם אָרט... אָט נעהמט ער צו אונז אַלעמאַל נעהענטער...

ר' אליהו האָט נים אויסגעפּייעט אויסריידען — אהא, יענער איז

שוין דאָ. ער קוקט זיך איין אין אונזערע פּנים'ער און שרייט אויס מיט אַ שׂמחה:

— ר' אליהו! אַ טייערער גאַסט! וואָס מאַכט איהר עפּיס גוטס.

— ברוך הבא ר' שמשון! — ענטפערט איהם ר' אליהו מיט אַ פרעהליכער מינע. — האָט קיין פאַראיבעל ניט, איך וואָלט אייך אַוודאי מכבּד געווען מיט אַ פּאָטער-שטוהל, ווי עס קומט אַזאַ שעהנעם יורען, ווי איהר, נאָר וואָס טוט מען, אַז מ'איז אין גלות. זיצט, ר' שמשון, לאָזט זיך ניט בעטען.

— איך זאָל דערזעהען דעם אייגענעם טאַטען, מעגט איהר מיר גלויבען, אַז ס'וואָלט ביי מיר ניט געווען אַזוי אָנגענעהם, ווי אַז איך האָב דערזעהען אייך, ר' אליהו. אַ קאַטאָוועס, אַזאַ גוטער פריינד, אַזאַ אַלטער חבר. ס'איז, זאָג איך אייך, טאַקי אַ גליק, אַזוי זאָל מיר גאָט העלפען. און ווער איז דער יוד? — פרעגט ר' שמשון, פאַרקאַטשענ-דיג די פּאָלעס פון דער קאַפּאָטע און זעצענדיג זיך נעבען אונז.

— דאָס איז אַן'אָנגעפאָהרענער, אַ ליטוואַק, — ענטפערט ר' אליהו.

— אַ קאַבצאַנסקער בין איך, ניט קיין ליטוואַק, קאַבצאַנסק איז אין גלופּסקער סביבה, פון דאָרט בין איך אַ געבוירענער און אַ דאָרטי-גער בין איך כל ימי, — רוף איך זיך אָב מיט אַ טענה, ווי איינער, וואָס וויל פון זיך אַראָבנעהמען אַ מיאוס'ען בלבול.

— ס'איז היינו הך! — ענטפערט ר' אליהו מיט אַ שמייכעל. — ווער ס'איז ניט אַ געבוירענער אַ וואַרשעווער, רעכענט זיך דאָ פאַר אַ ליטוואַק.

— נאַרישקייטען! וואָס איז דאָ פאַר אַ נפקא מיניה, צו אַ ליט-וואַק, צו אַ וואַרשעווער; מיר זענען אַלע יודען, און יודען זענען ברי-דער.... שלום עליכם! וואָס הערט זיך עפּיס ביי אייך אין קאַב-צאַנסק? — פרעגט מיך ר' שמשון מיט אַ זיפץ און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ — ביי אייך אין קאַבצאַנסק וואָס הערט זיך עפּיס גוטס? דער אויי-בערשטער זאָל זיך שוין מרחם זיין איבער אונזערע יודען.

ביי אונז אין קאַבצאַנסק און אין די אַרומיגע שטעדט — ענטפער איך כּמשיח לפי תומו — זענען מיר שוין אָבגעקומען די צרות, ברוך השם, נאָך פאַראַיאָהרען אין דער צייט, און איך הויב ניט אָן צו פער-שטעהן, פאַר וואָס איז עפּיס ביי אייך אַ נרדמה, ווי קומט איהר זיך אַזוי פאַרשפּעטיגען — אַזאַ גרויסע יודישע קהלה

— פון אייערע רייד, ר׳ מענדעלע, קען מען פערשטעהן — מישט זיך אריין ר׳ אליהו — אז די צרות זענען עפּיס אַ מ ו ז, אזוינס וואָס אַלע יודען זענען מחויב דאָס איבערצוקומען, אַ שטייגער ווי דער מנהג פון כפּרות; ביזטו אַ יוד, טאָ מוזט זיין דאָס כפּרה-הינדעל... און ביי אונז אין וואַרשע, שטעלט אייך פאָר, האָט מען גערעכענט, אַז דאָס איז נאָר אַ קאַבצאַנסקער קרענק, אַז דאָס איז אַ אָנשיקעניש אויף די קאַבצאַנסקער יודען פאַר זייערע בעזונדערע חטאים. דעריבער האָבען די פרומע יודען ביי אונז זיך גאָר אינגאַנצען געמאַכט ניט וויסענדיג פון דעם קאַבצאַנסקער אומגליק, און די דייטשען אונזערע האָבען געזאָגט עפענטליך „ברוך דיין אמת“, כדי צו ווייזען דער וועלט, אַז ביי זיי איז ניטאָ קיין משׂוא פּנים, ס׳מעג זיין אַנ׳איינגענער אָדער אַ פרעמדער. זיי האָבען זיך רעדמיט, פערשטעהט איהר מיר, געוואָלט אויספיינען, ווייזען, ס׳אַראַ לייטישע מענשען זיי זענען.

— און איצט וואָס זאָגען זיי? איצט, אַז מ׳האָט זיי דערוויזען באותות ומופתים...

אין דער מינוט דערפ׳הל איך אַ שטאַרקען קוועטש אין זייט און ווער אַנטשוויגען פאַר פחד און וועהטאָג. דאָס האָט מיר ר׳ שמשון דערלאַנגט אַ קוועטש מיט כל אמצי כח און אָנגעוויזען מיט דער האַנד אויף עפּיס אַ נפש, וואָס איז געשטאַנען ניט ווייט פון אינז, אָנגעטאָן ווי אַ דייטש, מיט אַ קאַפּעלוש אויפ׳ן קאָפּ. ר׳ אליהו האָט אויף איהם אויסגעשטעלט די אויגען מיט דער נאָז און בעטראַכט איהם פון ווייטען, נאָכדעם זאָגט ער:

— ניש׳קשה, ס׳איז אַנ׳איינגענער, איינער פון אונזערע דייטשען, וואָס האָבען זיך געמוזט מטריח זיין צו אונז איבער ז כ ו ת - א ב ו ת.

דער דייטש האָט זיך ניט געלאָזט לאַנג בעטען. ער איז צוגע־נאַנגען און האָט זיך פאַרנייגט מיט אַ ליעבליך שמייכעלע, זיס ווי האָניג.

— שלום עליכם, ברידער, בני ציון היקרים! — זאָגט ער צו אונז מיט אַ ווייך קול. — ווי גליקליך בין איך, וואָס איך טרעף דאָ אייגענע מענשען. ערלויבט מיר זיך אַנירערזעצען נעבען אייך און שעפּען פון אייערע קלוגע ווערטער. יודען אַז זיי ריידען, איז תמיד דאָ וואָס, צו הערען און פון וואָס זיך אָבצולערנען, ווארום זייער שמועס איז פול מיט וויץ און מיט חכמה.

— א י ה ר רעדט דאָס, פּאַני אַלבערט! — רופט זיך אָן רב

שמשון, שרעקליך פערוואונדערט. — איהר זאָלט דאָס וועלען זיך סקאָמ־פּאַניען מיט פּראָסטע יודען!.. פאַן אַלבערט בכבודו ובעצמו!..

— זיים זשע מוחל, ר׳ שמשון, רוקט זיך אָב אַביסעלע, וועל איך זיך זעצען. — ענטפערט דער דייטש מיט אַ פריינדליכען שמייכעל. — עס פרעהט מיך זעהר, וואָס איך טרעף דאָ אַזאַ טייערען בעקאַנטען. איהר האָט דאָך נאָך געקענט מיין פאָטער עליו השלום. וואָס זאָגט איהר, ר׳ שמשון, געוועזן אַן׳עהרליכער יוד, האַ?

— אייער פאָטער פייבוש, זכרונו לברכה, האָב איך טאַקי זעהר גוט געקענט, — ענטפערט ר׳ שמשון — געוועזן אַ כשר׳ער יוד, אַזאַ יאָהר אויף מיר, רבונו של עולם. איך זעה איהם נאָך איצט ווי אַ לעבעדיגען, מיט זיין הדרת־פנים, מיט דעם גרויסען אַרבע כנפות, מיט דער לאַנ־גער באָרד און די געגרייזעלטע פאות. איהר האָט טאַקי זיין אָנבליק, פּאַני אַלבערט, די אייגענע נאָז, דער אייגענער פנים, ר׳ פייבוש מיט אַלע ביינדלעך. נאָר... ווער האָט זיך דאָס געקענט ריכטען, אַז ר׳ פייבוש׳ס ווועט גאָר הייסען פאַביאַן און זיין זוהן אַברהמ׳ל — אַלבערט.

— ניט דער נאָמען איז דער עיקר — פערענטפערט זיך דער דייטש, — גלויבט מיר, ר׳ שמשון, אַז אין האַרצען בין איך אַ נאַצ־יאָנאַליסט, אַ גרויסער נאַציאָנאַליסט.

— אָט דאָס זאָג איך דאָך טאַקי, — זיפצט ר׳ שמשון און שאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ, — אָט דאָס איז דאָך טאַקי דער אומגליק, וואָס איהר זענט אַ פּאָלנער גוי. אָבער אויף אַזוי פיעל האָב איך גאָר ניט חושד געוועזן, איהר זאָלט נאָך זיין אַ נאַציאָנאַליסט דערצו אויך!

— וואָס רעדט איהר, ר׳ שמשון! — צולאַכט זיך דער דייטש, — נאַציאָנאַליסט הייסט אַזוינער, וואָס איז איבערגעגעבען, צוגעבונדען...

— צוגעבונדען, שעהנע דרשות! — קרימט זיך ר׳ שמשון, — וועמען דערצעהלט איהר מעשׂיות? אויב דאָס איז די טייטש נאַציאָנאַ־ליסט, איז שפּיפּון שוין גאָר ניט די טייטש פּיפּערנאָטער, נאָר אַ קוה איז געפלויגען איבער׳ן דאַך און געלעגט אַן׳איי... אַדרבא, לאָמיר פרעגען זיַם די יודען, וואָס וועלען זיי זאָגען.

— לאָזט געמאַך, ר׳ שמשון, וואָס האָט איהר צו זיי — פּרוּב איך זיך אָננעהמען די קריוודע פונ׳ם דייטש, וואָס איז נעבעך מגולגל געוואָרען אויפ׳ן בוידעם און זוכט אַ בעהאַלטעניש אונטער די פליגעל פון דעם יודישקיים. — דער עיקר איז דאָך דאָס, וואָס זיי מיינען מיט׳ן

וואָרט. און זיי האָבען אַייך דאָך געזאָגט בפירוש, אַז זיי זענען איבער-געגעבען צום יודישען פאָלק און צוגעבונדען צו איהם מיט'ן גאַנצען האַרצען.

— מליצות פערשטעה איך ניט — האָט זיך ר' שמשון פער-עקשנ'ט און געוואָרפען מיט הענד און מיט פיס. — איך ווייס מעהר ניט, אַז אַ יוד — איז אַ יוד — ווייטער גאָר ניט. זיין פאָטער ר' פייבוש — דער איז געווען אַ יוד, מקיים געווען אַלע תרי"ג מצוות און אַלע יודישע מנהגים: אויפגעשטאַנען צו חצות, געפאַסט תעניתים, גע-זעסען ערב תשעה באב אַנ'איי מיט אַש, געוויינט און געקלאָגט אויף חורבן בית המקדש. דאָס הייסט ביי מיר אַ יוד, אָהן חכמות, אָהן אויי-בערשפיצלעך, פראָסט פשוט אַ יוד, אָהן שום מליצות...

— ווען איהר וואָלט ווערט געווען ביי גאָט, ר' שמשון, וואָלט איהר פערשטאַנען דעם פשט פון די דאָזיגע מליצות און וואָלט געוואוסט, וואָס סע שטעקט אין זיי טיעף טיעף.

אַזוי זאָגט מיין ר' אליהו און לאָזט זיך אַריין אין אַ האַרבען שמועס ווענען יודען און יודישקייט. פאַרהאַן, מיינט ער, פערשיעדענע מדרגות צווישען די נשמות פון אחינו בני ישראל; איין נשמה איז ניט גלייך צו דער אַנדערער ניט מיט איהרע נטיות, ניט מיט איהרע גענג, ניט מיט איהר שליחות אויף אונזער זינדיגער ערד, וואָרום יעדע נשמה האָט זיך אַנ'אַנדער שורש, יעדע שטאַמט פון אַ בעזונדערער וועלט. אָט, למשל, אַזוינע יודען ווי פייבוש — זייער נשמה איז פון דעם עולם המעשה, זי ווייסט נאָר פון טון, זי טראָגט אָהן טענות ומענות דעם עול פון דער תורה, דעריבער קומט איהר אויס צו ליידען אויף דער וועלט צרות מיט וועהטאָגען מיט שלעק, דעריבער ווייסט ניט אַזאַ ר' פייבוש פון קיין חיי שעה און אַלע זיינע יאָהרען זענען איין לאַנגע קייט פון מאַטערניש און פלאָג... פאַרהאַן אָבער יודען מיט גאָר אַנדערע נשמות: ביי זיי לעבט דאָס יודישקייט נאָר אין דער פאַנטאַזיע, אין דעם כח הדמיון, זייער קראַפט איז נאָר אין ריידען; זייער אַרבייט איז זאָגען שירות ותשבחות...

אַזוי האָט ר' אליהו גע'דרשנ'ט פאַר אונז, און וואָס ווייטער, איז ער פערקראָכען אין העכערע דרכים, פערטיעפט זיך אַזוי שטאַרק, אַז מיר זענען געזעסען ווי געפּלעפט, אַביסעל צוטומעלט, און האָבען גאָר זיך ניט אומגעקוקט אויף אַ נייע פאָר יודען, וואָס זענען אַרויסגעקראָכען פון די לעכער און זיך צוגערוקט צו אונז.

אַ קוק געגעבען אויף די יודעלעך, האָט מען באַלד געקענט דערקע־נען, אַז זיי געהערען צום „עולם המעשה״. ביירע מאָגערע, דאַרע ווי די חאָרטען, נאָר מיט דעם חלוק, וואָס איינער איז אַ דאַרער און אַ לאַנ־גער, דער אַנדערער אַ דאַרער און אַ קורצער. ביידע רירעוודיגע, ספּריט־נע, האַלטען, דאַכט זיך, אין איין לויפען. פון די דאָפּעלטע אברים טוט ביי זיי יעדערער אַ בעזונדערע אַרבייט: איין אויג קוקט קיין צפון, דאָס אַנדערע קיין דרום; דאָס רעכטע בעטראַכט עפּיס אויבען, דאָס לינקע פערפליהט גאָר קיין בויבעריק; איין אויער הערט, וואָס מע רעדט דאָ, דער אַנדערער חאַפּט פון דער לופט, וואָס מע רעדט ערגיץ אַנדערש, דערפאַר די נאָז טוט צוויי שליחות׳ן מיט אַמאָל: ערשטענס סאָפּעט זי און שמעקט אין נישטערן, צווייטענס פערקרימט זי זיך משונה, דרעהט זיך אַהין און אַהער און זעהט אויס אַזוי, אַקוראַט ווי זי מעקלערט עפּיס ביי די איבעריגע חושים, אַקוראַט ווי זי העלפט זיי אין זייער אַרבייט. איהר טוט אַ קוק אויף אַזאַ מין דרעה מיט דער נאָז, פערשטעהט איהר באַלד אויף׳ן שטעל, וואָס דאָס אויג זעהט און דער אויער הערט, וואָס דער מוח קלערט און דאָס האַרץ פיהלט, פערשפּאָרט איהר שוין וואַר־טען, ביז דאָס מויל וועט אייך דערצעהלען אַלצדינג איינס און איינס. גענוג איין „עט!״, אַ פּאָר אָבגעהאַקטע ווערטער, אַ סמאָטשקע מיט די ליפּען — און פאַרטיג, איהר ווייסט שוין אויף קלאָר, וואָס מען מיינט. ווען מען רעדט, למשל, פון יודישע פּרנסה, איז דאָס מויל גאָר ניט ביכולת צו מסביר זיין אַלצדינג אַזוי פערשטענדליך, ווי די נאָז, איין קרים, איין שמאָרע מיט אַ משונה ביי־קול — און מע זעהט שוין בחוש: אַ נעבעכדיגער טאָג, אַ זאַך וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען, עט, אַ פּוסטער נאַרישער חלום!.. די הענד ביי אונזערע יודעלעך רוהען ניט אַ רגע: זיי טאַפּען בסדר זיך און יענעם, שטופּען אייך, טאָרען אייך פון פאָרענט און פון הינטען, פערקריכען צו אייך אין באָרד און פּאות און פערטייטשען אייך וואָס מע רעדט, דרעהענדיג מיט די פינגער.

אין פלוג זענען די אַלע שעהנע יודישע מדות גאָר ניט קיין נייעס וויפיעל אַזוינע יודעלעך בעגעגענט איהר אין גאַס לויפענדיג, איילענדיג, אונטערשפּרינגענדיג, אַרבייטענדיג מיט אַלע אברים, קריכענדיג איינער דעם אַנדערען אין פּנים אַריין, — און איהר קוקט זיך אויף זיי גאָר ניט אום. אָבער דאָ, זיצענדיג בישיבה של מעלה, איז מיר געוואָרען, אויף זיי קוקענדיג, ניט גוט ביז צום חלש׳ן. עפּיס כאָדנע געדאַנקען האָבען מיר אָנגעהויבען קריכען אין מח. עפּיס זענען מיר זייערע תנועות,

זייערע פיהרערכצען געוואָרען אַזוי פריקרע; אַזוי פרעמד, אַקוראַט ווי איך זעה זיי דאָס ערשטע מאָל.

רבונו של עולם! — האָב איך מיר געטראַכט — אַלע מענשען, וואָס דו האָסט בעשאַפען אין דיין געשטאַלט, זענען זיך נוהג מיט זייער גוף, ווי מיט עפּים רעכטס, האַלטען איהם אין חשיבות, און די נשמה זייערע יאָגט איהם ניט און מאָרדעוועט איהם ניט; אַ מענש, כל זמן ער לעבט, טוט ער זיך זיין אַרבייט רוהיג, זיכער, ווי אַ בעל-הבית אויף דער וועלט, זיינע אברים ריהרען זיך פּאַוואָליע, איינגעהאַלטען, יעדערער אין זיין צייט. טו אָבער אַ קוק אויף דיינע יודעלעך, ווי זייער גוף איז צובראָכען, צושרויפט, צורודערט, זייער נשמה איז ענג אין איהר דירה, שפּאַרט זי זיך אַרויס און בלייבט הענגען אויפ׳ן שפּיץ נאָז; זי טרייסעלט מיט זייער יעדען אבר, ציהט פאַר אַלע אָדערען, שמייסט זיי, ווי אַ בעל-עגלה זיינע פערדלעך, שטופּט זיי און שטויסט זיי און טאָרעט זיי און ברעכט זיי, און זיי ציטערען און פלאַטערען און יאָגען זיך און אַיילען און וואַרפען זיך ווי אין קדחת! רבונו של עולם, אַ משונה פאָלק זענען דיינע יודעלעך, איך פערשטעה זיי ניט!

און ווי איך קלער מיר אַזוי, פליהט אַרויס אַ טויב פון איהר נעסט אין ווינקעל בוידעם און בלייבט שטעהן אויף אַ בעליק פונקט אַנטקעגען מיר. זי שפּרינגט אַהין, אַהער, זוכענדיג אַ קערענדעל, זי שוועבט העכער, נידעריגער, פּיקט מיט׳ן שנעבעלע, שטעלט-אויס דאָס קעפּעל און קוקט זיך אַרום. דערזעהען, אַז איך קוק אויף איהר, טוט זי אַ מאַך מיט די פליגלעך, און בלייבענדיג שטעהן פון ווייטען, שטרעקט זי אויס דאָס העלזעלע, פינטעלט מיט די אויגעלעך, און קוקט, קוקט אויף מיר אַזוי טרויעריג, אַקוראַט ווי זי וויל מיר זאָגען: אוי, רב מענדעלע, ס׳זאָל אייך גאָר קיין חידוש ניט זיין, וואָס איך בין אַזאַ שפּרינגערקע, אַזאַ פלאַטערדיגע, מיין ביטער מזל טוט מיך דערצו. מיינע עלטערען און מיינע עלטערענס עלטערען האָבען ניט געוואוסט דערפון: זיי האָבען צוזאַמען מיט אַנדערע פויגלען געלעבט אויף אַ שעהנער אינזעל אינמיטען ים; דאָרט איז געווען אַ רחבות, קיינער האָט זיי ניט געטשעפּעט, קיינער האָט זיי קיין בייז ניט געטאָן, פלעגען זיי זיין געלאַסען, רוהיג, זיכער, און האָבען ניט געוואוסט, וואָס ציטערען הייסט. זינט אָבער די שונאים זענען אויפגעשטאַנען צו לויערען אויף מיר, בין איך געוואָרען גאָר אַנ׳אַנדער פויגעל: איך שרעק זיך פאַר יעדען שאָרך, איך ציטער פאַר יעדען קוק, אפילו מיין גוף און ביין נאַטור האָט זיך

אונגאַנצען פערביטען. און וואָס איהר פרעגט, פון וואַנען דאָס נעהמט זיך, זאָלט איהר וויסען, אַז אַלע פערענדערונגען, וואָס קומען פאָר אינ׳ם גוף און אין דער נשמה פון אַ בעשעפעניש צוליעב די פערשיערענע טרעפענישען פון זיין לעבען, ווערען איבערגעגעבען בירושה פון דור צו דור, אַזוי אַז די קינדער קומען ניט ווילענדיג אַרויס אויף דער וועלט שוין פאַרטיגע, מיט אַ געוויסען כאַראַקטער. אַזוי איז דער כּלל. נערענקט זשע דאָס און פרעגט מעהר ניט קיין קשיות.

— אוי, טייבעלע טייערס! אוי, ליעבע כּנסת־ישראל! — האָב איך געזיפצט מיט אַ שווער האַרץ.

„טאָ פרעגט זשע ניט קיין קלאָץ־קשיות"....— דערהער איך פּלוצים ריידען נעבען מיר, און עמיצענס אַ האַנד כאַפּט מיך אָהן ביי דער קניע און טאָרעט מיך. דאָס האָט דער לאַנגער יוד זיך געאַמפּערט מיט׳ן קורצען, נאָר איך האָב ביז אַהער ניט געהערט זייער וכּוח, ווייל איך בין געווען פערטיעפט און געראַנקען. איך קוק זיך אום: דער קורצער איז שטאַרק פערפלאַמט, האַלט מיט ביידע הענד זיין חבר ביי דער פּאָלע און רעדט, טענה׳ט, קאָכט זיך פאַר די איבעריגע, ווי איינער אויף אַ דין־תּורה:

— בלאָטע שבּבּלאָטע, זאָג איך אייך, פּוסטע דבורים!.. וואַרט אַ ווייל׳ע, לאָזט מיך — היצט זיך דער קורצער און שפּרינגט דעם לאַנגען אין פּנים אַריין, צופּענדיג איהם ביי דער פּאָלע — הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגען, הערט! די מעשׂה דערפון איז אַזוי, מיר געהען צום וואָקזאַל געהען מיר, איך און ער, פּלוצים אַ רעש, אַ געפּילדער... זאָג איך איהם: רב יעקב, קומט, זאָג איך, אַניט פערשפּעטיגען מיר דעם יריד אין בויבעריק! מאַכט ער צו מיר: איך האָב מורא פאַר די כּלבים האָב איך, אַ קשיא אויף אַ מעשׂה, זיי קענען מיר נאָך וואַרפען אַ שטיין, ימח שמם זאָלען זיי ווערען. זאָג איך: וואָס איז, איהר זענט עפּיס אַ פאָרצעלייענער אָדער אַ גלעזערנער, זענט איהר, וואָס איהר ציטערט אַזוי פאַר אַ קלאַפּ? קומט, ברודער, זאָג איך איהם, בוינט אַיין, זאָג איך, דעם קאָפּ און לאָמיר געהן, וואָרום פּרנסה איז ניט קיין שפּיל־כּעל — פּרנסה, און אַז מיר פערשפּעטיגען דעם יריד ליעגען מיר ביידע, ברוך השם, אין דער ערד ליעגען מיר. מיינט איהר, ער הערט? רעד צו דער וואַנד און רעד צו איהם איז אַלץ איינס. איך זאָג: בויבעריק! און ער טענה׳ט: כּלבים! איך בעט זיך ביי איהם:

ס'מיטש, יריד! און ער ענטפערט: ער האָט מורא! גאָט איז מיט אײַך,
זאָג איך איהם, ר' יעקב, וואָס טוט ניט אַ יוד צוליעב פּרנסה? ס'איז
דען עפּיס אַ נייעס איז דאָס? ס'איז דאָך מעשים בכל יום. זאָג איך,
אַ יוד שטעהט דאָך תמיד אויס אַלערליי שלעק און מאַכט זיך גאָר ניט
וויסענדיג דערפון. אם כן, זאָג איך, מורא האָבען פאַר אַ קלאַפּ —
וואָלט מען דאָך געדאַרפט גאָר איננאַנצען זיך אַוועקלעגען און שטאַר־
בען, שונאי ציון, זאָג איך צו איהם. אפילו גבירים, זאָג איך, בויגען
זיך אין דרייען, קריכען אויף אַלע פיער און זענען מקבל באהבה
אַ קלאַפּ און אַ שפּיי אין פּנים, אַבי פּרנסה. ווער שמועסט אַזוינע אביונים
ווי מיר... ניט געזאָרגט, רב יעקב! זאָג איך צו איהם. מיר האָבען
אַ גרויסען גאָט האָבען מיר. פערגעסט ניט. זאָג איך, אַז מיר זענען
קבצנים, עניים, דלפנים, זאָג איך, פערגעסט ניט, אַז איהר האָט אי־
בערגעלאָזט אין דער היים אַ ווייב מיט קינדער אָהן אַ קאָפּיקע ביי דער
נשמה; פערגעסט ניט, זאָג איך, אַז איך, אייער שותּף, האָב אויך
אַ פולע שטוב מיט קינדער, קיין עין הרע, אַז אונזערע טעכטער פער־
זיצען אָהן נדן, אַז די מלמדים רייסען די הויט שכר למוד, אַז דער
בעל־הבית מאָנט דירה־געלד, אַז דער יריד איז אונזער גאַנצע אָנ־
האַלטעניש, דער יריד זאָג איך. נאָר געה, רייד, טענה, אַז סע נעהמט
איהם ניט. ער האָט זיך אײַנגעשפּאַרט: ניין, ניין און ניין! וואָס זאָגט
איהר מיר, מאַכט ער, בויבעריק, רב שמואל? איך האָב מורא, זאָגט
ער; אפילו צו די רוסישע יודעלעך וועל איך ניט געהן איבערן
סמבטיון, ווייל ער וואַרפט מיט שטיינער, זאָגט ער, אַ כל שכן קיין
בויבעריק. און וואָס מיינט איהר — כך הוה! ער נעהמט די פיס אויף
די פּלייצעס און לויפט, איך פוץ נאָך איהם! הערט, רבותי! ס'איז
דאָך אַנ'אַקט מיט אַ יודען, זאָג איך אײַך. ער האָט מורא פאַר
גזלנים האָט ער — און אַליין איז ער אַ גזלן אויף זיין אייגענע ווייב
און קינדער און אויף מיר, זיין שותּף — אַנ'אמת'ער גזלן. זאָג איך
אײַך. אַ מענש שטאַרבט סיי ווי זיעבען מאָל אַ טאָג פאַר הונגער — און
דאָ איז ער פּלוצים געוואָרען אַ ציטעריגער, ער האָט מורא פאַר שטאַר־
בען. אַז אָך און וועה איז מיר, זאָג איך אײַך, אַז אָך און וועה צו
מיינע גאָהדענע געשעפטען. אַז סך־הכל זיץ איך דאָ און דער קאָפּ איז
מיר אין בויבעריק! נעוואַלד, יודען, דער י ר י ד, דער יריד,
יודען!..

אַזוי רעדט שמואל דער קירציער. זיפצענדיג מיט אַ שווער געמיט,

און דערביי שטרעקט ער אויס אַ האַנד און טאַפּט אָן רב שמשון'ס בויך.

— דער וועהטאָג איז אַוודאי זעהר גרויס, מיר מוזען אָבער מקבל זיין באהבה אַלצדינג — פּרובט רב שמשון צו טרייסטען שמואל דעם קורצען, און דערביי רוקט ער זיך אָב, כדי יענעמס האַנד זאָל איהם ניט דערלאַנגען. — זאָרגט ניט, רב שמואל, דער אויבערשטער וועט אַייך ממלא זיין. נאָך אַ שעה, צוויי, וועט ווערען שטילער, וועט איהר קענען פּאָה־רען קיין בויבעריק...

— הערט, אָט דאָס טענה איך דאָך! — חאַפּט זיך אויף ר' יעקב — ס'טייטש, אָט דאָס האָב איך איהם דאָך געזאָגט פון אָנהייב אָן: ווילט ניט זיין קליגער פון אַלע יודען, ר' שמואל. „חבי כמעט רגע", ווי אין פסוק שטעהט. לאָמיר איבערוואַרטען, זאָג איך, ביז ס'וועט ווערען שטילער. נאָכדעם וועלען מיר פאָהרען גלייך מיט אַלע יודישע סוחרים...

— ע ר זאָגט! — קרימט איהם איבער ר' שמואל דער קירצער, שפּרינגענדיג אויף ר' יעקב'ן און אָנמרעטענדיג איהם אויף די פינגער פון די פיס — ע ר זאָגט, פּססס... געהערט אַ גרויסע חכמה! „ס'וועט ווערען שטילער"! אַז סך־הכל ווערט דאָך ק י י נ מ אָ ל ניט שטילער, זינט די יודען זענען אין גלות. אדרבא, מיר וואָלטען געמעגט וואַרטען... אונז, יודעלעך, וועט שוין זיין גוט אָדער אויף יענער וועלט, אָדער לשנה הבאה בירושלים... און אַז ניט, טאָ מאַך ניט קיין טענות: געהע, רוק זיך, בן־אדם, און זאָל דער אויבערשטער פיהרען, ווי ע ר פערשטעהט. אונזערע עלטערען האָבען אויך שטענדיג געבוינגען דעם קאָפּ, און פונדעסטוועגען האָבען זיי, נישקשה, געמאַכט גאָר ניט קיין שלעכטע געשעפטען...

אָט אַזוי האָט זיך געצויגען דער שמועס, ביז ס'איז אַרויפגעקומען אויף מסחר, און אויפ'ן בוידעם איז געוואָרען אַ יריד. יודען ר י י ד ע ן וועגען משא ומתן, ווייזען אַרויס זייער חריפות. יודען האָבען טאַקי שטאַרק חשק צו מאַכען עפּיס אַ געשעפטעל. שלעפּט מען אַרויס פון דער קעשענע און מע ווייזט איינער דעם אַנדערען פּראָבעס, און מע טרעפט אַ מקח, און מע דינגט זיך. נאָר איך האָב ניט געהאַט, וואָס אַריינצוריידען, וואָרום מה אני ומה חיינו, וואָס איז סך־הכל מיין מסחר — יודישע ספרים, וואָס קיינער דאַרף זיי ניט און קיינער וויל זיי ניט קויפען. בין איך מיר געזעסען צוזערצאָגטער, און אין די אויע־רען האָבען מיר אַלץ געקלונגען שמואל דעם קורצען'ס ווערטער. שרעק־

ליכע בילדער האָבן זיך מיר פאָרגעשטעלט אין מיין פאַנטאַזיע. אַ גע-וועב פון שוואַרצע נסיונות האָט זיך געצווינגען פאַר מיינע אויגען. אין דעם געוועב פּאָרפּלען זיך, ווי פליגען ביי דער גסיסה, אַלערליי סוחרים און מעקלערס און חלפנים און קרעמערס און הענדלערס און שדכנים און אַנדערע יודען מיט משונה ווילדע פרנסות. אַלע מאַטערן זיך, מוטשען זיך אויפ'ן טויט, שרייען געוואַלד — די פרנסה קומט זיי אָן ערגער ווי קריעת ים סוף. אַלע לעבן אין הוילע ציטערניש, קיינמאָל ניט זיכער מיט לייב און לעבן. אַלע קלאָגן זיך, בעוויינען זייערע וויסטע יאָה-רען, זייער שפלות, זייערע חרפות בזיונות, וואָס סע קומט זיי אויס צו ליידען בגלוי ובסתר, יעדערער וועדליג זיין פרנסה. אַ בייטש, אַ אומ-דערבאַרעמדיגע בייטש הענגט איבער יעדען פון זיי, אַ צורר — אַן אַכזר פעראומערט דאָס לעבן, פערשוועכט דעם כבוד, פער'מאוס'ט יעדע אַרבייט, מאַכט אַ תל פון דעם מענשען'ס נשמה... די בילדער וועבען זיך, ציהען זיך, גאַנצע מחנות פערקלאָגטע, פערביטערטע, געפייניגטע, צעוועהטאָגטע נעהען דורך פאַר מיינע אויגען, און זייערע קולות, זייערע זיפצען, זייערע קרעכצען גיסען זיך צונויף אין איין מורא'דיג געזאַנג, וואו עס הערט זיך דאָס מיאַוקען פון קעץ, דאָס פּישטשען פון מייז, דאָס בילען פון הינד, דאָס געפּילדער פון משערעדעס, דאָס הילכען פון דונערס. דאָס פייפען פון שטורעם-ווינדען, דאָס רוישען פון שטאַרקע, ברייטע, מעכטיגע טייכען. אוי, איז דאָס אַ געזאַנג! אַזוי זינגען שדים, רוחות, מלאכי-חבלה אין פינסטערען גיהנם, ווען זיי טאַנצען מיט ווילדע מכשפות אויף זייערער אַ חתונה פאַר סמאָל'ן און זיין ווייב לילית.

— אוי, שמואל, שמואל, וויפיעל וועהטאָגען דיינע ווערטער האָ-בען אויפגערירט אין מיין האַרצען! אוי, סע טוט אַזוי וועה... הער ושע אויף, שמואל, לאָז געמאַך! — האָט עפּיס געשריגען איז מיין נשמה.

איך האָב זיך אויפגעהייבען און בין צוגעגאַנגען נעענטער צו דער ח-רה, כדי צו פערטרייבען די שווערע געדאַנקען.

דאָרט איז געווען שטיל. דער עולם האָט געזיפצט, יעדערער פאַר זיך, און מעהר פון אַלע רב שמשון, וועלכער האָט זיך אַלע ווייל גע-קראַצט, געטאַפּט זיך ביי'ם בייך, געקנייטשט מיט די פּלייצעס. גע-מאַכט מאָרנע העוויות, בעלעקענדיג זיך אַלע מאָל מיט דער צונג און שלינגענדיג דאָס שפּייעכץ, ווי איינער רעדט: אוי, געוואַלד, עסען!.. רב שמשון'ס מאָגען, פערשטעהט איהר מיך, איז אַ פּראָסטע בריאה, ווי אַלע מאָגענס; ער וויל גאָר ניט וויסען פון די אַלע חקירות און

שפּאַרענישען וועגען עקאָנאָמישע געזעצען און וועגען מענשליכע רעכט און וועגען אַנדערע אזוינע טיעפע ענינים; ער נעהמט זיך מיט זיין גאַנג, אַז אַ מענש מוז עסען, וואָרום אויף דערויף איז ער בעשאַפען געוואָרען, אַ מענש מוז זאָרגען פאַר זיין קישקע כל זמן ער לעבט, און דאָ העלפען ניט קיין שום וכוחים און קיין שום לאָדענישען. רב שמשונ׳ס מאָגען האָט געשריעגען אין איין אָטעם: עסען! די איבע־ריגע מאָגענס, מיינער אויך בתוכם, האָבען אונטערגעהאָלפען, און אַלע אינאיינעם האָבען געזונגען איין מזמור: עסען, עסען, עסען!

גאָט גרייט אָבער אָן די רפואה פאַר דער מכה. אַנטלויפענדיג האָב איך מיטגענומען מיט זיך דאָס רענצעל, וואו עס איז געווען אַ היבש ביסעל צדה לדרך; איצט האָב איך אָנגעהויבען טאַפּען אַרום און אַרום און אַז איך האָב עס מיט מזל געפונען, האָב איך געבעטען דעם עולם עסען. יענע איז געוואָרען ליכטיג אין די אויגען, ווען זיי האָבען דערזעהען די טייערע מאכלים: ברויט און רעטעך און אוגערקעס און ציבעלעס אין קנאָבעל. נאָר באַלד איז די שמחה פערשטערט געוואָרען און אַלע האָבען אַראָבגעלאָזט די נעז: ס׳טייטש. ניטאָ קיין וואַסער צום וואַשען. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מע זאָל גאָר דערצו ניט געפּרובט ווערען: מענשען זענען הונגעריג, סע פאַלט זיי אַרויס די נשמה, און דאָ ליעגען פאַר זיי אַזוינע געשמאַקע פּאָטראַווועס, און זיי טאָרען ניט געניסען. סע איז געווען ווי מיט יענעם זינדיגען אין גיהנם, וואָס סע הענגען איהם איבער׳ן קאָפּ צווייגען אָנגעזעצט מיט די בעסטע פּירות. און אַז ער וויל זיך צו־רירען צו זיי, רוקען זיי זיך אָב העכער. הקיצור, מיר האָבען געהאַט, לא עליכם, שטאַרקע האַרץ־קלעמעניש, ביז דער אויבערשטער האָט זיך אויף אונז מרחם געווען און מיר האָבען זיך דערמאָנט, אַז בשעת הדחק מעג מען אָבּרייבען די הענד אין די באַלקענס פּונ׳ס דאַך איז מען אויך יוצא. מיר, פשוט׳ע יודען, האָבען ניט געמאַכט קיין ספק שהיות אין האָבען געריבען די הענד אין יעדען בעליק, וואָס האָט זיך אונז געטראָ־פען. דער דייטש אָבער, וואָס איז געווען אַ גרויסער צוכט, האָט זיך אָבגעשיידט פון דעם איבעריגען עולם און איז געגאַנגען זוכען אַ ריינע קראָקווע. זוכענדיג, האָט ער געפונען אין עק דאַך אַ פול קריגעל מיט וואַסער און האָט עס בכבודו ובעצמו געבראַכט צו אונז מיט גרויס שמחה. מיר האָבען זיך געוואַשען, ווי עס געהער צו זיין, און אָבגע־ווישט די הענד מיט אונזערע פּאָלעס מחילה. רב שמשון האָט מיט איין פּאָלע פון זיין ק״ אַטע געווישט זיינע אייגענע ידים און די אַנדערע

פאַלע האָט ער גענגעבען דעם דייטש, וועלכער איז ביי איהם דערהויכט געוואָרען צו דער מדרגה פון אַ בעל־תשובה.

— היט זיך, רבותי, דאָ זענען פסח'דיגע כלים! — האָט דער דייטש אינז געוואָרענט בשעת'ן עסען, כדי צו בעריהמען זיך מיט זיין יודיש־קייט. — דאָס זענען געווייס פסח'דיגע כלים און דער גרויסער כוס דאָר־טען איז דער כוס פון אליהו הנביא. זייט זשע מוחל, רוקט זיך אָב אַביסעל ווייטער, כ־י ס'זאָלען ניט פאַלען אהער קיין ברעקלעך, חלילה.

אַלע האָבען זיך אָבגערוקט, קווּעלענדיג פאַר נחת. איך בין אייך פרעהליכער געוואָרען און גענימען בעטראַכטען די קאָמפּאַניע.

— וואָס איז דאָס? — פרעג איך פערוואונדערט, דערוועהענדיג, אַז ר' שמשון איז אָנגעטאָן אינ'ם דייטש'ס קאַפּעלוש און דער דייטש אין ר' שמשונ'ס ווידענעם קאַשקעט און ביידע האָבען אַ פּנים פון חוזק. — וואָס האָט איהר דאָס פּלוצים פערביטען די יוצרות?

— איצט זעהט איהר שוין, רבותי, האַ? וואָס האָב איך דען געזאָגט פריהער: רב מענדעלע, קיין עין־הרע זאָל איהם ניט זיין, האָט פּשוט געחאַפּט אַ דרעמעל. איצט זעהט איהר שוין אַליין, אַז איך בין גערעכט! — אַזוי זאָגט ר' שמשון צו דער קאָמפּאַניע, און אַליין קוועלט ער אָן, שמעלצט זיך ממש פאַר שׂמחה, אַקוראַט ווי ער האָט ווער ווייסט וואָס אויפגעטאָן. — יאָ, רב מענדעלע, איהר האָט, ס'זאָל אייך צו קיין חרפה ניט זיין, אַביסעלע אונטערגעדרעמעלט, ווייסט איהר ניט, וואו מיר האַלטען אין דער תּפלה. העער אַלבערט...

— רופט מיך ניט אַלבערט, — האַקט דער דייטש איהם איבער די רייד, — רופט מיך אברהם, מיר האָבען דאָך אַזוי אָבגערעדט.

— וואויל, יישר כחכם! — זאָגט ר' שמשון, און דאָס פּנים שיינט ביי איהם, ווי די זון אינמיטען תּמוז. — בשעת איהר, רב מענדעלע, זענט געשלאָפען, האָבען מיר געבעטען אָט דעם אָדון ר' אברהם, ער זאָל מוחל זיין זיך אַרויפדראַפּען אויף די באַנטעס און אַ קוק געבען, וואו האַלט עס אינדרויסען... אויף דראַפּען זיך און קלעטערען, מוזט איהר ווייסען, איז ער טאַקי אַנ'עלוי, אַ הכשיט, אַ גאון בישראל. נאָר וואָס רען, דעם קאַפּעלוש זיינעם האָט זיך בשעת מעשׂה געטראָפען אַ מכשול: ער האָט זיך אָנגעשטויסען אָן אַ קראָקוּ־ע און איז אַראָבגעפאַלען. ס'איז דאָך אָבער אַנ'עבירה, אַ יוד זאָל קריכען בגלוי ראש. האָב איך איהם געגעבען מיין קאַשקעט און אַליין אָנגעטאָן זיין ספּאָדיק. פארו עלי ופארי

עליו. איצט איז ער טאַקי אַן אמת׳ער פ י י ב ו ש מיט אַלע בײנדלעך. איך קוק איהם אָן און איך האָב באמת הנאה, ווי איהר זעהט מיך אַ יודען! אַ קלײניגקײט — זכות אבות. ניט אומזיסט זאָגט מען: אַ יודישע נשמה קען מען ניט שאַצען. אַ יוד בלײבט אײך אַ יוד, צי ער וויל, צי ער וויל ניט. וואַרט, איך וועל אײך דערצעהלען, וואָס איך האָב גע־הערט פון׳ם אַלטען, זכרונו לברכה...

— און וואָס הערט זיך עפּיס דאָרט, אונטען? — טו איך אַ פרעג, בשעת ר׳ שמשון האַלט זיך ביי דער באָרד און איז זיך מכין צו אַ ברײטען שמועס.

פיער פּאָר אויגען האָבען אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ מאָל. אין דעם קוק איז געווען אי האַרץ־וועהטאָג, אי חרפה, אי קלעמעניש, — אַ שטײנגער, ווי אין דעם קוק פון אַ קינד, וואָס האָט בעקומען אין חדר קלעפּ, שמיץ און סטוסאַקעס, און די מאַמע פרעגט עס, וואָס האָט עס אַזאַ שלעכט פּנים. דאָס קינד שווײגט, זאָגט ניט אַ וואָרט, און די מאַמע פערשטעהט שוין אַלײן, וואָס בעטײט דער קוק. וואָס בעטײט דאָס שווײגען... אוי, פערשטעהט זי!

אָט אַזוי זענען זיך יודען געזעסען אויפ׳ן בײדעם און געשמיעסט פון וועלט־זאַכען, אַרײנגעבראָקט אַלע מאָל אַ גלײך־ווערטעל, אונטערגע־פּעפּע־ט מיט אַ וויץ, אַרײנגעמישט ווען ניט ווען אַ שטיקעל תורה, אַן אַגדתא — און דער דײטש זיצט און הערט און שלינגט יעדעס וואָרט און ווערט ממש גרעבער ווי לענגער. ער אַלײן מישט זיך אויך אַרײן אין שמועס, לויבט דאָס יודישע פאָלק אין טאָג אַרײן, קלאַפּט זיך על־חטא אויף זײנע אײגענע זינד און אויף די זינד פון זײן גלײכען, וואָס האָבען זיך געלאָזט פערפיהרען פון דער סטרא אחרא און האָבען פער־לײקענט זײער יודישקײט. הכּלל, אין דער ישיבה של מעלה איז געווען שלום ושלוה. אוים קנאה, אוים שׂנאה, אוים רוגזה. אַלע קוועלען אָן אײנס פון׳ם אַנדערען. דער חסיד איז אַ ברודער מיט דעם מתנגד, און דער משׂכּיל מיט זײ בײדען; ר׳ אליהו דער ליטוואַק און ר׳ שמשון דער פּוילישער יוד און אַלבערט דער סטרא אַחרא׳ניק און דאָס צוגע־קומענע פּאָריל — כּלם אהובים, כּלם בּרורים, אַלע לעבען, ווי אונטער דער זון; מע עסט ציבעלעס און רעטעך און אוגערקעס און מע דער־צעהלט די שבחים פון דער כּנסת ישׂראל און מע פערקריכט היעט־העט, גאָר אין די הויכע מדרגות. ווען ניט דער דאַך מיט די נידעריגע באַנטעס איבער׳ן קאָפּ, וואָלטען זײ זיך, כלעבען, געלאָזט 8 טענצעל;

אונטערזינגענדיג „מה-יפית״. מע איז פלוצלונג געוואָרען שטאַרקע מחותנים, מע פרעגט זיך אויס פון די געשעפטען, מע גיסט אויס דאָס האַרץ, די געפיהלען, מע האָט רחמנות איינער אויפ'ן אַנדערען, און אַלע האָבען איין דעה, איין האַרץ און איין מוח: וואָס איינער זאָגט איז ביי די איבעריגע תּירת לאָקשען, אַלע זענען מוכן ומזומן צו כאָלגען, אַלע זאָגען צו, אַז דאָרט, אונטען, ווען מע וועט, אם ירצה השם, איבערקומען די שלעכטע צייט, וועט מען נאָר טאָן חסדים איינער מיט'ן צווייטען. מיך האָט מען אויך, חלילה, ניט פערגעסען: ר' שמשון און דער דייטש האָבען מיר צוגעזאָגט הרים וגבעות. זאָל נאָר גאָט העלפען, מע זאָל זיך זעהען אונטען געזונטערהייט. ס'טייטש, יודען-ברידער, יודען דאַרפען העלפען אַ יודען אין אַ נויט...

חאַפּען אַ דרעמעל נאָכ'ן וואַרמעס איז דאָך אַנ'אמת פערגעניגען, וואָס איז דאָ צו רעדען! ויער שמועסט נאָך, אַז מע פאַקעוועט זיך אָן כיט רעטעך און מיט ציבעלעס, וויעפיעל דאָס האַרץ גליסט, האָב איך מיר טאַקי אויסגעקליבען אַ ווינקעלע אויפ'ן בוידעם, אַביסעל ווייטער פון דער איבעריגער חברה, אויסגעצויגען זיך, אַזוי ווי איך בין גרויס, אונטער אַ קראָקווע, אויסגעגלייכט די ביינער און זיך מכין געווען צום תּענוג פון שלאָפען. ליעג איך מיר אַזוי, דאָס האַרץ קוועלט אָן פאַר נחת, די שמועסען פון דער חברה הערען זיך נאָר נאָהענט, און פון די שמועסען גיסט זיך אויף מיר אַ גאַנצער שטראָם פון פאַנטאַזיעס און משונה'דיגע דמיונות. עפּעס זעה איך וואונדערבאַרע זאַכען, אַלטע און נייע, אַזוינע, וואָס האָבען זיך יאָ אַמאָל געטראָפען, און אַזוינע, וואָס זענען גאָר ניט געשטויגען, ניט געפלויגען; עפּעס זעה איך נח'ס תּבה אויף די וואַסערען פונ'ם מבול. אין דער תּבה זיצען אַלערליי בעשע-פעכישען, אומריינע בהמות אינאיינעם מיט ריינע, חיות קליינע און גרויסע, שרצים פערשידענע גאָר אָהן אַ צאָל. אַ קוה מיט אַ בער, אַ וואָלף מיט אַ שאָף, אַ טיגער מיט אַ צוקעלע זענען געוואָרען נפש אחת, לעבען אין שלום, קרימען ניט איינס דעם אַנדערען אַ האָהר. צרת רבים האָט געמאַכט אַלע גלייך, עפּעס האָט מען נאָר פערגעסען אַלע רייסענישען, אַלע מחלוקת. ביי נח'ן מיט די זיהן איז אויך שלום ושלוה. ש ם, מיט אַ היבשער נאָז, קיין עין הרע, מיט אַ לאַנגער צוויי-שפּיצעכדיגער באָרד ביז איבער'ן גאַרטעל, מיט געגרייזעלטע פּיאית'לעך, איז אָנגעטאָן אין אַ לאַנגער חסידי'שער קאַפּאָטע, — אַ פּערגעניגען צו קוקען. ער זיצט זיך אין קאַנטאָר איבער דעם גרויסען

קאַסע־בוך און צעהלט און חשבונ'ט ווי אַ סיחר — אַ קאַטאָוועס, מע מוז פערגרייטען עסענוואַרג — פּראָוויזיע בלע"ז — פּאַר אַזאַ מחנה בהמית און חיות; חם, אַ פּראָסטער ברודער, מיט אַ לאַנגען טשוב און אַנ'אָבגעברענט פּנים, איז אָנגעטאָן אין אַ שמויסען פּעלצעל, צוגעגאַרטעלט מיט אַ רימענעם גאַרטעל, אויף די פיס פּראָסטע לאַבטעס — ער אַרבייט, האָרעוועט און ברענגט דעם ברודער זיינעם אַלערליי עסענוואַרג, כל המיני תבואות און פּירות, וואָס וואַקסען אויף דער ערד, און ווען ער גיט זיי איבער שם'ן, בויגט ער זיך נאָך און בוקט זיך פּאַר איהם מיט גרויס דרך־ארץ. חם אַרבייט און שם צוטיילט, צוגיט יעדער בעשעפעניש, וויפיעל זיי דאַרף האָבען. און אויף אַ ווייכען דיוואַן, פּערפּוצט ווי אַ פּרינץ, ליעגט זיך יפת, אַ רוהיגער, אַ לויטערער, מיט אַ טייערען ציגאַר אין די צייהן. ער גלעט זיך די וואָנצעס, שמייכעלט צופריעדען. און אַמאָל קוקט ער אויף שם'ן מיט שפּאָט און פּעראַכטונג, ווי אויף אַ מעקלער, אַ נידעריגע בריאה, און אַנ'אַנדערס מאָל זינגט ער איהם שירות ותשבחות: ס'טייטש, אָהן איהם וואָלט זיין בעל־הבית'ישקייט גאָר גיט געקענט האָבען קיין קיום, ווען ניט ער, וואו וואָלט ער גענומען אַ כּוס'ע. אָט די דריי נפשות זענען בעשאַפען געוואָרען נאָך אַמאָל, אַמאָל, זיי לעבען נאָך פון ששת ימי בראשית אָהן. פון זיי האָבען זיך שוין גענומען אַנדערע אַזוינע בעשעפענישען נאָכ'ן מבול און ביז היינטיגען טאָג...

און ווי איך ליעג אַזוי און קוק און טראַכט, דערהער איך אַ גרויס געפּילדער און דערזעה — אַ שווערע מחנה רוקט זיך איבער אַ פּעלד, ס'איז אַ ליאַרעם, אַ טומעל, אַ שטיקעניש, אַ געוואַלד, איך טו פּלוצלונג אַ פּאַל אַראָב פון מיין אָרט און ליעג שוין עט אונטען. אַרום און אַרום לויפען, איילען יודען, מע שטופּט זיך, מע ווייסט ניט איינער פונ'ם אַנדערען. ס'איז פינסטער חשך, פלאַקערס פייער ברענען אין געדיכטען טומאַן, דער רויך הויבט זיך ווי זיילען, און איבער אונזער קעפּ הענגט, ווי אַ דאַך, אַ גרויסער, שרעקליכער באַרג. בעהאַלטען זיך איז ניט מעגליך, אַבקירעווען איז ניטאָ וואו.

— נעהמט! — דונערט אַ מעכטיגע שטימע, אַ געטליכע שטימע — נעהמט די תורה, איהר נאַראָנים, וואָס איהר הערט ניט אויף בענקען נאָך ציבעלעס און קנאָבעל, אַניט ווערט איהר בעגראָבען דאָ אויפ'ן אָרט!..

— נעשה ונשמע — שרייט דאָס קהל און איין ציטערניש, און

יעדער יוד האָפּט דעם אַנדערען פאַר דער פּאָלע, טוליעט זיך צו איהם פאַר שרעק — און אַלע ווערען איינס.

איך שריי אויף פאַר גרויס האַרץ-קלעמעניש, איך האַלט זיך פעסט אין עפּעס אַ יודענס קאַפּאָטע און הער ניט אויף צו געוואַלדעווען מיט אַ משונה קול: — נעשה ונשמע!

— קוטט, פעטער! — הער איך ווי עמיצער רופט מיך, און עפּעס אַ האַנד טאָרעט מיך ווי פונ'ם שלאָף.

— אוי, אַ דאַך, אַ באַרג ווי אַ דאַך! — שריי איך אַ צוטומעלטער און ציטער מיט אַלע אברים.

— ניש'קשה, ניש'קשה, רב מענדעלע! שרעקט זיך ניט. ס'איז שוין, דאַנקען גאָט, אַריבער. יודעלעך קריכען שוין, ברוך השם, פון די לעבער. ווי זאָגט דער פּסוק: לאהלו ישראל! זייט מיר געזונד — איך גייה שוין.

דאָס רעדט אליהו...

איך חאַפּ זיך אויף — ס'איז אַלצדינגע געווען אַ חלום. איך בע-טראַכט זיך אין סע ווערט מיר קלאָר דער פּשט פון דעם חלום. דעם באַרג, הייסט עס, און דעם דאַך האָבען מיר דאָס צו פערדאַנקען — מיר אין אונזערע עלטערען און אונזערע עלטערענס עלטערען, וואָס מיר לעבען אַזוי לאַנג און וואָס ס'איז דאָ צווישען אונז אַ שטיקעל פריינדשאַפט. חברים כל ישראל און כל ישראל ערבים זה בזה פונ'ם באַרג סיני ביז'ן היינטיגען טאָג...

איך קוק זיך אַרום: שאַ, שטיל, ניטאָ קיין לעבעדיגער מענש אויפ'ן בוידעם...



# ב.

# אין דער יְשִׁיבָה שֶׁל מַטָּה.



אַז עמיצער האָט זיך אַ שטיקעל ציים אַרומגעבלאָנקעט, ווי אַ נר, געטימטשעט זיך אין דער פּרעסד, ניט געטאָגט דאָרט, וואו ער האָט

געגעכטיגט, און ניט גענעכטיגט דארט, וואו ער האט געטאגט, פער־שטעהט ער ערש״ז דעם טעם פון אנ׳איינגענער היים. שטעהן אויף דער ערד מיט ביידע פיס, וויסען, אז די ערד שאקעלט זיך ניט אונטער די פיס — אהן דעם קען דאך ניט לעבען ניט דער גוף, ניט די נשמה פון א מענשען. איך, אז איך בין אראבגעקראכען פון דעם בוידעם, האב איך זיך זעהר שטארק פערבענקט נאך אונזער אנ־איינגען שטיקעל ערד...

שטעה איך מיר אזוי אין גאס, איך גלייך מיר אוים די ביינער נאך׳ן גלות פונ׳ם בוידעם און קוק מיר אויף גאט׳ס וועלטעל מיט א מין ליעבשאפט, מיט א מין ווארימקייט, ווי א פיצעל קינד אויף זיין געטרייער מאמען. אין הארץ איז מיר עפעס אזוי גוט, אזוי וויך, א מחיה. א דאנק דיר, גאטעניו, וואס דו האסט בעשאפען אזא וואוילע וועלט, אזא טייערע וועלט. א קיהל ווינטעלע בלאזט פון ערגיץ, נ״עט ווי א סאמעט און דערקוויקט מיר ממש די נשמה. אויפ׳ן הימעל שפאצירט זיך ארים א קלארע, לויטערע לבנה. זי קוקט אויף מיר מיט לייטזע־לינקייט פון אויבען, און ווינקט צו מיר אין שמייכעלט און בעט זיך: ר׳ מענדעלע, זעהט ווי שען איך בין; ר׳ מענדעלע, זייט זשע מיך שוין מקדש, וועט איהר מיר ממלא זיין מיין פגימה און אין אייך אליין וועט אייך אריין א נייע נשמה. — ברוך יוצרך! — שריי איך אין שפרינג מיט ליעבשאפט אנטקעגען מיין זיווג, און איך בין זי מקדש כדת ישראל אנטקעגען א גאנצער עדה פון טויזענדער בלישטשענדיגע שטערען. אלע ווינשעווען מיר צו פון דער ווייטענס: מזל טוב, מזל טוב, אין א גו־טער שעה, זאל גאט געבען גליק אייף כל ישראל. פרעהליך, לעבעדיג, ווי א חתן, געה איך מיר מיין וועגס און קום אריין אין דער אכסניה.

מיער און צובראכען פון א גאנצען טאג, טו איך א פאל אויפ׳ן בעטעל און ווער אנטשלאפען אזוי ווי איך שטעה און געה — אין דער קאפאטע און אין די פערפאראשעטע שטיוועל. שלאפען שלאף איך ווי א גע׳הרג׳עטער, ווי א טויטער, און שוויץ, לא עליכם, א גאנצע נאכט ווי נאך א באד פאר טאג. ס׳איז נאך בלאה אין די פענסטער, חאפ איך זיך אויף, א צוטומעלטער, א פערדרולטער, איך וויים אליין ני״ט, וואו איך בין און וואס סע טוט זיך מיט מיר. אין קאפ זשומעט, די אויגען קען איך ניט עפענען, דאס לייב טוט וועה, איך קען ניט רירען מיט אנ־אבר און דאס הארץ קלאפט, די שלייפען האמערען, און קאפ דרעהען זיך משונה ווילדע געשטאלטען, עפים בילדער פון מיין לעבען, פון

קינדרווייז אָן ביז די עלטערע יאָהרען. אָבער אַלץ אָהן אַ סדר, אויסגעמישט, איבערגעדרעהט, ווי אין אַ שרים-טאַנץ. אָט שפּרינגט אַ שד אינ'ם געשטאַלט פון אַ באָרוויס שייגעצעל אָהן פּלודערען, נאָר מיט אַ העמדעל איינ'ן הוילען לייב און אַ שמויסען היטעל אויפ'ן קאָפּ. ער יאָגט זיך נאָך עפּעס אַ יונגעלע, רייצט אויף איהם דעם הונד, וואַרפט שטיינער — און דאָס יונגעלע וויינט. איך דערקען דעם יונגעל'ס קול'כעל — דאָס איז איך, איך, דער קליינער מענדעלע. דאָס שיטען זיך אויף מיר טאַקי קלעפּ און שטעקענס און סטוסאַקעס און צרות און שלעק — פרעג, פאַר וואָס, וואָס האָב איך זיי געטאָן? איך שריי ניט מיט מיין קול און לויף אַהיים, צום טאַטען, דער טאַטע וועט זיי געבען. זעה איך אַ זאַק מיט ביינער ליגנט אויפ'ן בעט, אונטען אַ בינטעל שטרוי, אויבען — אַ צוריסענע, צופליקטע קאַפּאָטע. אוי, אָט דאָס איז מיין טאַטע, מיין בעשיצער, ער וועט דאָס מיך פערהיטען פון אַל דאָס בייז. אָט דאָס איז אונזער ברויט-געבער, אַ טאַטע פון קינדערלעך, זאָלען געזונד זיין — דער איינציגער בעל-מפרנס אין דער גאַנצער משפחה. ער איז הויט און ביין; די באַקען איינגעפאַלען, די נאָז סטאַרטשעט, די אויגען — ווי פערגליווערט, און דאָס מויל איז אָפען, די ברוסט הויבט זיך און פאַלט, אינוועניג זיצט עפּיס, חריפּעט און גיסט זיך איבער, אין האַלז חאָרחעלט.

דאָס האַרץ טוט מיר וועה, סע שמערצט יעדער אבר, איך ציטער פון קאָפּ ביז די פיס.

און די בילדער ציהען, יאָגען, שוועבען אָהן אַנ'אויפהער, איין בילד נעקניפּט און געבונדען אין צווייטען. אָט איז אַ שמחה, אַ גדולה, כלי-זמר שפּיעלען, פּויקען ברומען, קולות שרייען, פּילדערען, ווי ביי קעץ אויף אַ חתונה. אָט געהט אַרויס אַ יונג קאָטערעל אויסגעפּוצט ווי אַ בן-מלך, הינטער איהם אַ חאָפּטע, אַ גאַנץ געזעמעל: מע שטופּט זיך, מע לויפט, מען שפּרינגט איינער פאַר'ן אַנדערען, מע חאַפּט אַ טענצעל: מזל-טוב, קאָטערעל! מזל-טוב, נאַריש בהמה'לע! וועסט שוין זיין, מענדעלע, אַ יוד אין אַ גוטער שעה, וועסט פּלאָדזען קינדערלעך און וועסט אַקערען מיט דער נאָז, זוכען, נישטערען, מיט וואָס צו פערשטאָפּען די פּיסקלעך דיינע קליינע עופה'לעך! צוגעקומען אַ נייער קבצן אויף דער וועלט... און אָט רייסט זיך אַ קינד, פערגעהט זיך נעבעך אין וויגעלע, און אַרום פּישטשען גרעסערע קינדערלעך. ס'איז אַ קלאָג, אַ צרה, אַנ'אומגליק, חאָטש לעג זיך אַוועק און שטאַרב...

אין קאָפּ רוישט מיר, דאָס האַרץ פּלאַטערט, יעדער אבר ציטערט. און די בילדער יאָגען, שוועבען: אָט סקריפּען עפּעס ניט קיין געשמירטע רעדער, סע פּייפט אַ בייטש, סע שלעפּט זיך אַ פערדעל — אַ פגירה, דאָס ביידעל איז שווער מסוכן, און אינמיטען דערינגען בעווייזט זיך שרה בת טובים מיט אַ גאַנץ רעדעל ווייבער, צדקניות, גבאי'טעס, מלומדת'טעס, צנועות'טעס. אַלע האָבען, קיין עין הרע, ניין מאָס רייד, אַלע גראַגערען אין איין אָטעם, און יעדע שטרעקט מיר אַ פּעקעל תחינות, אַלטע און נייע, אין בעט זיך רחמים: רב מענדעלע, האָט רחמנות אויף אַ יודישע טאָכטער, נעמט אונז אַריין אין אייער ביידעל! און אַלע קלאַפּען, ווי די גענז, און שיטען און שיטען מיט רייד, אַז מע קען טויב ווערען. אינמיטען דערינגען קעהרט זיך איבער דאָס ביי־דעל, די קליאַטשע בלייבט נעבעך ליגען אויף אַ זייט, מיט אַנ'אײנגע־צויגענעם האַלז און אָפּענע אויגען. אַ פיינע בריאה, כ'לעבען! דער האַלז — דאַר, טרוקען, אויפ'ן רוקען אַ מכה, די באַקעס איינגעפאַלען, די ביינער שטעקען אַרויס פון אונטער דער אויסגעריבענער פעל. זי ליעגט, די יפהפיה, און מאַכט מיט די זייטען, און צאַפּעלט זיך און וואַרפט זיך און קרעכצט.

אוי, פערדעלע, נבלה מיינע! אוי, אָרימע קליאַטשע!

פון אַלע זייטען הערט זיך אַ קלאַג, אַ געוויין, אַ יללה. אַרום און אַרום — אַ שטורעם, אַ גערודער; די ערד ציטערט, דער הימעל שאָקעלט זיך, איך אַליין שוועב אין דער לופטען, ווי אַ פעדער. אונטער מיר — אַ טיעפער תהום, אַרום מיר — די גרויסע ברייטע וועלט, אָהן אַנ'אָנהויב, אָהן אַ סוף. און אין דער לופטען פליהט עפּעס אַ קאָפּ, פּלאַטערט, ווי אַ זומער־פויגעלע, שוועבט אַהין און אַהער און רוהט ניט אַ רגע. אָט בלייבט ער ניט, און אָט בעווייזט ער זיך ווידער, שוויםט פאַר מיינע אויגען — און מאַכט דערביי משונה העויות: קריצט מיט די ציין, ווינקט מיט די ברעמען, איך האָב זיך נאָך ניט גוט איינגעקוקט — איז ער שוין ווידער נימאָ. און פלוצלונג ווערט אַ גרויסער פחד, אַ מורא'דיגע אימה, סע פליהען פונקען, סע ציהען זיך פייערדיגע טייכען, סע בליצט און סע דונערט און סע קאָכט און סע רעש'ט. סע בלאָזט אַ שופר און איך דערזעה איבער'ן תהום אַ פאַפירענע בריק. יורעלעך, עם אלהי אברהם, קומען צוגעהן צו דער בריק; דאַרע, קוואַרע, אויסגעדייוועטע, פער'חשכ'טע, פערפינסטערטע, איינגעהויקערטע, איינגעקאָרטשעטע, ציהען זיי זיך מחנות'ווייז מיט די שטעקענס און מיט די טאָרבעס אויף די

פלייצעס, און אַלע שטופּען זיך צו דער בריק, אַלע פּילדרערן, שרייען, ליאַרמען, קריכען איינער דעם אַנדערען אויף די קעפּ, און בשעת איינער וויינט, זינגט דער אַנדערער דווקא אַ זמר, בשעת די קריגען זיך, שמיעסען די אַנדערע גאָר פריינדליך. מיט אַ מאָל דערזעה איך וויעדער דעם קאָפּ, ער שוועבט אין דער לופטען גאָר נאָהענט נעבען מיר. איך קוק זיך צו: דער קאָפּ האָט אַ באָרד און פּאות, אַ לאַנגע נאָז און אַ פערקנייטשטען שטערן, די אויגען ווינקען, די ליפּען קרימען זיך — און אויפ׳ן פּנים איז אויסגעגאָסען אַ צער. אוי, אַ יודישער קאָפּ אי׳ז דאָס, אַ יודישער קאָפּ שוועבט אַרום אי׳ן דער לופטען. ניטאָ קיין גוף, ניטאָ קיין זוואַניע פון אַ גוף, ניטאָ קיין הענד און פיס, קיין לייב און לעבען, נאָר איין קאָפּ שוועבט אין דער לופטען... אוי, רבונו של עולם. אַלצדינג, וואָס דו ווילסט, נאָר ניט אָנקוקען דעם קאָפּ!... אַ ציטער האַפּט מיך אַרום, סע וואַרפט מיך פּאַר פּחד, איך האַפּ זיך אויף און עפען אויף די אויגען.

דער אייגענער אַלקער אין דער אַכסניה, דאָס אייגענע בעטעל. אַרום און אַרום קלומקעס, פּעקלעך גרייסע און קליינע; אין ווינקעל טאָקעלט זיך עפּעס אַ פערוויקעלטע געשטאַלט, שפּרינגט מאָדנע אונטער אין מאַכט מיט׳ן קאָפּ. וואָס איז דאָס? פאַר מיינע אויגען איז נאָך אַלץ געשטאַנען יענער קאָפּ, וואָס כ׳האָב געזעהען אין חלום... איך קוק זיך איין און דערזעה אַ יודען אין אַ טלית און תפלין; ער דאַווענט, שאָקעלט זיך, וואַרפט זיך, אַרבייט מיט אַלע אברים, רוהט ניט אַ מינוט; אָט שטעלט ער זיך אויף די שפּיץ פינגער און הויבט-אויף די הענד, אָט בויגט ער. זיך איין און לאָזט אַראָב דעם קאָפּ, ווי אַ עבד נכנע פאַר זיין שטרענגען בעל-הבית.

אז אַ יוד זאָל זיך לעגען שלאָפען אַליין אין אַנ׳אַלקער און אויפשטעהענדיג דערזעהען אין דעם אייגענעם אַלקער נאָך איינעם, און אַמאָל נאָך צוויי און דריי אורחים, — דאָס איז אין די וואַרשעווער יודישע אַכסניות אַ וואָכעדיגער גאַנג. מע האָט פערשטעהט איהר מיך, רחמנות אויף אַ יודען, מע וויל איהם ניט לאָזען שלאָפען אַליין, טוט מען איהם אַ נחת-רוח און מע פערדינגט אין דעם אייגענעם אַלקער, בשעת ער שלאָפט, אַמאָל איין בעטעל, אַמאָל נאָך מעהר. אין אַנ׳אַנדער צייט וואָלט דאָס מיך דווקא ניט גענאַרט: ערשטענס האָט דערפון הנאה דער בעל-הבית פון דער אַכסניה, צווייטענס וואָס קען שאַדען אַנ׳איבעריגער יוד אין חדר? וואָס איז — די לופט? פון וואַנען זשע איז

געדרונגען, אַז מע דאַרף אין דער פרעמד זיין אַ גרעסערער מפונק, ווי אין דער היים? אין דער היים שלאָפט מען דאָך יאָ, קיין עין הרע, מיט זעקס פופקעס אין איין בעט — אין מען מאַכט ניט קיין ווערזען: אַ יוד איז ניט קיין פריץ... יענעם פריהמאָרגען אָבער האָב איך דוקא געהאַט חשק צו בלייבען אַליין: ערשטענס, בין איך, לא עליכם, נאָך געווען גוט אויסגעמוטשעט פון דער נעכטיגער בייזער מהומה, הייגט די וויסטע חלומות, וואָס איך האָב זיך אָנגעזעהען אַ גאַנצע נאַכט, האָבען דאָך כ״ר אויך געקאָסט אַ שען ביסעל געזונד. בעדאַרף זיך גראָד איצט טרעפען אַזאַ מין אָנשיקעניש — אַ ווילד־פרעמדער יוד. נו־נו! בין איך געלעגען אויף דעם בעטעל, אַ מידער, אַ ברוגז׳ער און געטראַכט, קוקענדיג אויף מיין גאַסט: רב קרוב, איך וואָלט זיך דוקא ניט געמאַכט קיין לאָך אין קאָפּ, ווען איהר טראָגט זיך אָב פון דאַנען מיט אַייערע פעקלעך; איך דאַרף אַייך האָבען פונקט ווי אויגענוועהטאָג... און גלאַט איז מיר דער יוד געווען פריקרע מיט זיין וואַרפען זיך, זיינע משונה׳־דיגע העויות. אגב חאַפּ איך נאָך שטילערהייט אַ קוק אויף די קלומ־קעס: אַ קשיא אויף אַ מעשה, סע קען פון דאָרטען אַרויסקריכען נאָך אַ יודלעך...

אַ מאָדנע זאַך! זינט איך לעב, דרעה איך זיך אַרום צווישען קלוגע, איבערגעשפיצטע, פראַקטישע יודען פון כל המינים, און האָב, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט געהערט, מען זאָל אויף מיר זאָגען: אָט דער נפש איז אַ שוטה, ער איז ניט איננאַנצען קלאָר. דאַרפט איהר נאָך האָבען גרע־סערע חיטראַקעס, ווי אַ שטיינער, אונזערע סוחרים׳לעך, פראָצענטניקעס. רייכע בעלי־בית׳לעך? האָבען זיי אויף מיר שטענדיג געזאָגט: אָהאָ, רב מענדעלע! איהם דאַרף מען ניט אַריינלעגען קיין פינגער אין מויל, ער איז אַ מבין אויף אַ טשאַר און פערשטעהט אַלע אונזערע מאַניפּאָרגעס; איהם איז ניט אַזוי גרינג צו חאַפּען אויף דער ווענדקע. און פונדעסט־וועגען, אַז איך הויב זיך אַמאָל אָן צוקוקען צו זיך אַליין און בעטראַכט, וואָס איך טו און וואָס איך דענק און פיהל, ווער איך שטאַרק פערוואונ־דערט און איך פרעג זיך אַליין: צו בין איך איננאַנצען ביי די גערעֵנ־קען? מיין נשמה איז ווי אַ שותפות׳דיגע דירה, וואו יעדער שכן קעהר זיך ניט אָן מיט דעם צווייטען, יעדער איינער טוט זיך זיין שליחות און איז אַ בעזונדערע קראַפט, אַ נשמה פאַר זיך, יעדער איינער ווייזט זיך אַרויס אין אַזוינע געפיהלען, וואָס זענען אַ היפך איינער פונ׳ם צווייטען. נישטאָ אין מיר קיין איינציגער געדאַנק, קיין איינציגע אייגענשאַפט,

וואָס ס'זאָל ניט זיין געבען: זיהר אַנ'אַנדערע, אַ פערקעהרטע. אַמאָל שוויינגען זיי, די פערשידענע נשמות, לאָזען איינע די אַנדערע צו רוה — ווי אַ הונד מיט אַ קאַץ, וואָס האָבען געמאַכט שלום אויף אַ קורצע צייט — אַמאָל אַמפּערן זיי זיך, מאַכען אינוועניג אַ מהומה, ווי אין אַ דול-הויז, רחמנא לצלן, און איך ווער צומישט, צוטומעלט, צורודערט: אַט ווילט זיך דאָס, אַט ווילט זיך יענץ, אַט טראַכט איך אַזוי, אַט טראַכט איך פונקט קאַפּויר. אייגענטליך בין איך אין דעם פרט ניט קיין אויס-נאַהם: יעדער מענש פערענדערט זיך מיט דער צייט, קיינער בלייבט ניט אַזוי ווי ער איז געוועזן. נאָר וואָס דען? איינער בייט זיך אין אַ משך פון יאָהרען, איינער אין אַ שעה, אין אַ מינוט; און איך בין פון יענינגע וועניגע, וואָס צוויי פערשיידענע געפיהלען בעהערשען זיי אין איין צייט, אין איין רגע, אָהן אַ שום הפסק צווישען איינעם און דעם צוויי-טען. אָט, דאַכט זיך, בין איך טרויעריג, און אין דער זעלבינער רגע ווילט זיך מיר שוין לאַכען. אָט שטעה איך מיט דרך-ארץ פאַר איינעם פון אונזערע גדולים, אונזערע בעריהמטע מיוחסים, וואָס האָט בעוויליגט זיך אַראָבצולאָזען צו מיר פון זיין הויכקייט און מיר דערצעהלען, ווי רייך ער איז, ווי גרויס ס'איז זיין חכמה, זיין תקיפות, זיין צדקה, זיין גוטסקייט; איך הער, דאַכט זיך, און גלויב איהם, איך שלינג יעדעס וואָרט, ווי הייסע פאַרפעל, און האָב משונה הנאה; אין דער איינענער צייט אָבער פרעג איך זיך שטילערהייט: אפשר איז ער אַ שקרן? אין ס'קומט מיר אַרויף אַ מחשבה: וואָס וואָלט, אַשטייגער, געוועזן, ווען איך שפּיי איהם אָן אין פנים? אָדער ווען איך גיעב איהם אַ גלעט איבער'ן בעקעל און זאָג מיט אַ געזעכטערעל (צום חכם): ביזט אַ טפש, אַ געשלייערטע האַנדזיע! (צום גביר און בעל-צדקה): קמצן! כלב שבכלבים! (צום תקיף) נידעריגע בריאה, מאוס'ער וואָרים, דו לעקסט דאָך דעם שטויב פאַר די פיס פון אַ שטאַרקען! (צום פוסטעפּאַסניק, וועלכער פער-שטעלט זיך פאַר אַ גרויסען געלערענטען, אַ חוקר-קדמוניות): פוילע שמאַטע, ליימענער גולם, מיסט-קאַסטען, אַלטער שטרוי-זאַק... און ווי איך גיעב דאָס אַ טראַכט, פיהל איך שוין, אָט-אָט שטופּט מיך עפּעס צו טאָן, צוהאַנדלען: די ליפען רירען זיך, די הענד קענען ניט רוהען, סע קאָסט מיך טרחה, זיי איינצוהאַלטען. אַזוי איז מיין טבע. און אַזוי טרעפט מיט מיר זעהר אָפט. אַזוי איז געוועזן אויך יענעם פריהמאָרגען: איך ליעג אַנ'אָנגעדרודעלטער, אויף דער נשמה איז מיר ביטער, פאַסקיד-נע, פון דעם יודען מיט זיין דאַוונען שלאָגט מיר צום האַרצען; און

פלוצלונג זאָג איך מיר: דו נאַר איינער! גאָט האָט דיר דאָך צוגעשיקט אַ טייערען אוצר, אַ גאָלדענע כלי — אַ יודען, וואָס מע דאַרף אַזוינעם זוכען, און דו ליעגסט און ביסט נאָך אין כעס; אַ מעהר שטעה אויף נעהם זיך צו איהם, פרעג איהם אויס, בעטראַכט איהם, וואָס איז ער פאַר אַ נפש. און ווי איך האָב דאָס נאָר אַ טראַכט געטאָן, — אַ זאַ! איך בין שוין גאָר ניט צוטראָגען, איך שמייכעל שוין, איך קריך שוין אַראָב פונ׳ם בעטעל, שטעל זיך אויף די פיס — און געה.

און ווי איך געה אַזוי צו מיין בן־זוג, קערעוועט ער זיך אויס צו מיר און גיעט אַ שפיי אין מיין זייט אַריין: דאַנקען גאָט, הייסט עס, גע׳פטר׳ט דאָס דאַוונען!.. פון דעם שפיי אַליין און פון דער פרומער מינע, וואָס מיין יוד האָט דערביי געמאַכט, האָב איך באַלד פערשטאַנען, אַז ער איז ניט קיין גראָבער יונג, קיין עם־הארץ. אַזוי קען שפייען נאָר אַנ׳עדעלער יוד, אַ בן־תורה — און וואָס זאָל איך אייך זאָגען? טאַקי דערמיט אַליין האָט ער תיכף נושא חן געווען אין מיינע אויגען אַזוי ווי ער שטעהט און געהט, מיט די קנייטשען אויפ׳ן פנים, מיט די צעקאָשמעטע גראָה־שוואַרצע באָרד און פאות, מיט דעם הויכען שטערען, פערלאָפענע אויגעלעך, דעם קנאָפּ אויפ׳ן גאָרגעל און דעם אַיינגעבויגענעם רוקען. וואָרום אַז מע שמועסט פון אַ יודען, איז דאָך ניט שייך צו פרעגען, צו ער איז שען, צו ער איז שטאַלטנע. עט! ניט קיין יודיישע זאַך. דעם יודענ׳ס חן איז זיין יודישקייט.

אויסגעשפיגען „עלינו״, דערלאַנגט מיר דער יוד שלום, און באַלד ווער איך געוואָהר, אַז ער הייסט ישראל. נו, אַז איך קען שוין דעם יודען ביי׳ם נאָמען, דאַרף איך איהם דאָך שוין, ווי דער שטייגער איז, פרעגען, פון וואַנען ער איז, אַניט וואָלט דאָס ניט געווען קיין דרך ארץ. פרעג איך איהם, ענטפערט ער מיר, מסתמא, מיט אַ פראַגע, פון וואַנען בין איך, — אויך, ווי דער שטייגער איז, צוליעב דרך־ארץ. האָב איך זיך אָבער ניט מיט מיין תשובה, ענטפערט מיר ר׳ ישראל מיט אַ גמרא־נגון:

— און אַז איהר וועט שוין וויסען, למשל, אז איך בין פון דל־פונעווקע, פון ליטאָ, טאָ וואָס וועט זיין?

— פון דלפונעווקע! — שריי איך אויס, אַ פערוואונדערטער. און טראַכט מיר ביי זיך: גאָט, ווי גרויס זענען דיינע נסים! אָט טרעפען זיך צוויי יודען, דאַרף איינער זיין פון קאַבצאַנסק אין דער אַנדערער פון דלפונעווקע. אפנים, אז דאָס וואָס ס׳איז דאָ

אין איין יודישען קאַנט, דאַרף זיין אויך אינ'ם צוויטען: דאָ קבצן
דאָרט דלפון...

— וואָס זשע חדוש'ט איהר זיך אַזוי, רב קרוב? איך פערשטעה
נים. אפשר געפעלט אייך נים מיין שטאָדט? — ברומט אַרויס רב
ישראל און קוקט מיך אָן מיט כעס. — דלפונעווקע, איז, קיין
עין הרע, אַ שטאָדט — אַ כרך, פול אָנגעפּאַקט מיט יודען. דלפונעווקער
יודען זענען בעריהמט אויף דער גאַנצער וועלט, אפילו קריסטען האָבען
מיט זיי צו טאָן, ברוך השם. פון דער קאָמיסיע האָט איהר גאָר נים
געהערט?...

— חס וחלילה, רב ישראל! — ענטפער איך מיט אַ געלעכטערעל
און סמאַרע זיך איהם בערוהיגען. — איך האָב, ווי איהר זעהט מיך לע-
בען, נים געמיינט גאָר נים. פערקעהרט... איך חדוש זיך נאָר, ווייל
מיר דאַכט זיך, אַז דאָס איז אַ סימן טוב פאַר אונז ביידע...

— וואָס? רעדט ווערטער! — זאָגט רב ישראל און נעהמט מיך דורך
מיט די אויגען.

— איך מיין, וואָס קאַבצאַנסק און דלפונעווקע האָבען
זיך דאָ געטראָפען. איך אַליין בין, דאַרפט איהר וויסען, אַ קאַבצאַנ-
סקער! אַ שפּיעלבעל — קאַבצאַנסק! ס'איז דאָך אויך עפּעס נים פון
די קליינע שטעדטלעך; יודען, ברוך השם ווערט דאָרט מעהר פון טאָג
צו טאָג!

אָט אַזוי לאָזען מיר זיך אַריין מיט רב ישראל'ן אין אַ שמועס
וועגען קאַבצאַנסקער און דלפונעווקער יודען, ווי אַזוי זיי לעבען, ווי אַזוי
זיי פיהרען זיך, סיי אין וועלט-זאַכען, סיי אין יודישקייט. און איך ווער
ביסלעכווייז געוואָהר, אַז צווישען אַ וואָלינער יודען פון קאַבצאַנסק און
אַ ליטוואַק פון דלפונעווקע איז דאָ נים קיין קנאַפּער חלוק. יענער,
דער וואָלינער, האָט אַ שמאָלען מוח און אַ ברייטע קישקע; די פאַנ-
טאַזיע טראָגט איהם, דאָס בלוט קאָכט; תורה לערנען האָט ער פיינט,
אָבער צו די סודות פון דער תורה האָט ער גרויס חשק; ער גלויבט
אין אַ בעל-מופת, אַ ייד צו אַ גוי, להבדיל, אַלץ איינס; אַ ליאַדע
טרעפער איז ביי איהם פערדעכענט פאַר אַ שטיק נביא, אַ ציגיינער —
פאַר אַ גאַנצען בלעם; ער עסט ווייסע בולקע און טרינקט אַ גלעזעל
וויין אויף דער וועלט, אויב ער האָט נאָר; דער רייכער יאָגט זיך
נאָך אַ שענעם פאַעטאָן מיט ברענענדיגע סוסים מיט אַ יפהפיה דערצו,
זיך אַליין האַלט דער וואָלינער פאַר אַ גרויסען חכם, אַ קאָפּ-בענש...

דער ליטוואַק, פערקעהרט, האָט אַ ברייטען מוח און אַ שמאָלע קיש־קע; ער פליהט ניט אין הימעל אַריין, ער יאָגט זיך ניט נאָך פער־באָרגענע זאַכען, ער לערענט גמרא — און פערגעהמט. עסען עסט ער טרוקען ברויט איינגעטונקט אין ראָסעל פון הערינג. טרינקען טרינקט ער קאַלט וואַסער, דערפאַר טרייסט ער זיך מיט אַ האָפנונג אויף אַ שטיק שור הבר און אַ פאַס יין המשומר — אויף יענער וועלט. דער רייכער זוייסט ניט פון קיין קאַרעטעס מיט קיין פאַטאָנעס, ער געהט זיך פאַוואָלינקע צו פוס, בטחילה. אַז די ליטוואַקעס האַלטען זיך פאַר תלמידי־חכמים און גרויסע קאָפּ־מענשען — איז איבעריג צו זאָגען.

אָט אַזוי זיצען מיר מיט רב ישראל'ן און ריידען און קוועלען ממש אָן איינער פּינ'ם אַנדערען. פּלוצלונג עפענט זיך די טהיר און ס'קומט אַריין אין אַיילעניש די בעל־הבית'טע.

— זייט זשע מוחל, יודען, — זאָגט זי מיט אַ בייזער און אַ בקשה אינאיינעם, — זייט זשע מוחל, לאָזט דאָ איבערזיצען דעם יונגען מאַן, ביז סע וועט ווערען לעדיג אַ בעזונדער צימער. ס'איז טאַקי מיינער אַ בעקאַנטער, קען איך איהם ניט אָבזאָגען.

מילא, וואָס האָבען מיר געקענט טאָן? אַנטקעגען אַ בעל־הבית'טע קען מען ניט זיין קיין עזות־פנים. האָבען מיר צוגעשוויגען.

טאַקי באַלד האָט זיך געעפענט די טהיר. מ'האָט אַריינגעטראָגען אַ פּאָר רענצעלעך און עטליכע פעקלעך און ס'איז אַריינגעקומען אַ יונ־גער מאַן. לכתחילה האָבען מיר זיך אויף איהם ווייניג וואָס אומגעקוקט: מיר זענען זיך געזעסען אין אַ ווינקעל און, ווי פריהער, געפיהרט אונזער שמועס מיט דעם גרעסטען פערגעניגען. ריידענדיג, זענען מיר אַרויפגעקומען אויף די שבחים פון דער כנסת־ישראל און אויף דער יודען־פראַגע — אַ ענין, וואָס ווערט ניט אַלט ממצרים ועד הנה.

— רבותי! — זאָגט צו אונז דער יונגער מאַן, אַז מיר זענען אַנטשוויגען געוואָרען אויף אַ רגע. — רבותי, אַזוי ווי ס'האָט זיך שוין אַזוי געמאַכט, אַז איך שטעה מיט אייך אין איין נומער, וועט איהר מיר אפשר מוחל זיין, וואָס איך מיש זיך אַריין אין אייער שמועס. אמת, איהר זענט עלטערע יודען, איך בין נאָך אַ יונגער מאַן, איהר טראָגט לאַנגע קאַפּאָטעס, איך אַ קורץ רעקעל, אייער דור האַלט אין שטאַר־בען, מיינער — געהט ערשט צום לעבען; אָבער לאָז דאָס ניט זיין קיין

מחיצה צווישען אונז. מיר זענען דאָך אַלע יודען און ליידען אַלע פון איין גלות, זענען מיר אַלע איינס...

די ווערטער זענען אונז זעהר געפעלען. מיר האָבען זיך אומגעקוקט אויפ'ן יונגען מאַן מיט אַ זיסער מינע און מיט יענעם ליעבהאַרציגען שמייכעלע, מיט וועלכען עס קוקען עלטערע אויף אַ וואויל קינד; אינזער שמייכעלע האָט בעטייט: ביזט טאַקי אַ נאַרעלע, אַ יונג האָהנגבען מיט אַ גע־שנאָבעלע, דו האָסט אָבער אין אינזערע אויגען דעם זיעבעטען חן. דער יונגער מאַן איז געווען אַ שענער, אַ שוואַרץ־חנ'ודיוער, רייי־דענדיג איז ער שטאַרק אַריין אין התפעלות, געמאַכט מיט די הענד און געאַרבייט מיט אַלע אברים. אויף רב ישראל'ס פראַגע, ווי אַזוי ער הייסט און מיט וואָס ער האַנדעלט, האָט ער געענטפערט קורץ און שאַרף:

— איך הייס בנציון... און קיין סוחר בין איך ניט.

— הייסט עס, איהר זיצט אויף קעסט?

— וואָס נאָר קעסט?! — ענטפערט בן־ציון מיט אַ שמייכעל. — איך בין אַ בחור!

— אַ בחור מיט אַ בערדעל! נו־נו! שענע יאָהרען! אז אָך און וועה צו מיינע שונאים. ווי געפעלט אייך עפּיס היינטיגע וועלט? — וואונדערט זיך רב ישראל און קוקט אויף מיר מיט אַזוינע אויגען, ווי איינער, וואָס זעהט עפּעס אַ מאָדנע זאַך און גלויבט זיך אַליין ניט און בעט, מע זאָל איהם נעבען צו פערשטעהן דעם אומגעלומפּערטען ענין. איך שווייג אָבער, און רב ישראל שטעלט וויעדער אָן ביידע אויגען אויפ'ן יונגען מאַן:

— אויב ניט קיין בעווייבטער און ניט קיין סוחר, וואָס זשע איז פאָרט אייער געשעפט?

— זאָלען זיך שוין אַנדערע פערנעהמען מיט געשעפטען, — ענטפערט בנציון און מאַכט מיט דער האַנד, ווי איינער, וואָס איז עפּעס מבטל. — זאָלען לופט־מענשען האַנדלען וואַנדלען, זוכען דעם ווינד אין פעלד. איך — געה קיין ארץ ישראל.

מע זאָל געווען רב ישראל'ן דערלאַנגען אַ קלאַפּ אין קאָפּ אומגעריכט, וואָלט ער זיך ניט געדאַרפט אַזאַ וואָרף טאָן, ווי דערהערענדיג אַזוינע רייד. ער האָט נאָר געעפענט מויל און אויערען און ניט געקענט אויסריידען אַ וואָרט. איך האָב זיך אַריינגעמישט און גענומען טענה'ן

מיט'ן יונגען מאַן אויף מ ײַ ן שטיינער. דעם אמת זאָגענדיג, האָט מיך דער נפש שטאַרק פעראינטערעסירט.

— האַ. קיין ארץ ישראל? — זאָג איך איהם. — ווי קומט אַזאַ יונגער מאַן קיין ארץ ישראל? אַהין פאָהרען דאָך אַלטע יודען, זקנים, זועלכע שטעהען שוין מיט איין פוס דאָ, מיט'ן אַנדערען אויף יענע זועלט. און וואָס טוט מען דען אין ארץ ישראל? מע עסט די חלוקה, מע דאַווענט און לערענט, ביז'ן סע קומט די צייט — קעהרט מען אום די נשמה דעם רבונו של עולם און דעם גוף נעהמט־צו די הייליגע ערד. איהר זענט דאָך אָבער נאָך יונג, בלוט און מילך, איהר זענט ניט קראַנק ניט אויפ'ן גוף, ניט, דאַכט מיר, אויפ'ן מוח, ווי זשע קומט איהר אַהין?

— זאָלען מאַקי יענע פאָהרען אַהינצו שטאַרבען, אויב זיי געפעלט אַזוי, איך וויל אָבער פאָהרען לחיים טובים ארוכים ולשלום.

דער דאָזיגער ענטפער איז מיר עפּעס ניט געווען שטאַרק צום האַרצען, ניט, חלילה, ווייל איך האָב דערפיהלט אין איהם אַ שטיקעל פּחיתת־הכבוד. נאָר גלאַט דער נוסח פון די כפרות איז מיר אויסגעקומען פריקרע, אַזוי אַז איך האָב ניט ווילענדיג אַ דרעה געטאָן מיט דער נאָז. בנציון האָט פערשטאַנען, וואָס דער דרעה בעטייט, און האָט בנ״ד מאַקי גענומען פערטייטשען, וואָס ער מיינט:

— איך האָב דאָך אַייך שוין געזאָגט, רבותי: מיר זענען אַלע יודען און לײַדען אַלע פון איין גלות... צרות האָבען מיר אַלץ־איינע, צרות אַלטע און נייע, אָבער אין די געפיהלען אונזערע איז פאַרהאַן אַ גרויסער חלוק. איך, אייער דור, קען מען פערגלייכען מיט אַ חולה, וועלכער קרענקט שוין לאַנגע יאָהרען: די קרענק האָט זיך אַזוי איינגע־געסען אין זיינע ביינער, אַז ער פיהלט זי שוין גאָר ניט, אַז סע אַרט איהם שוין נישט, וואָס ער ווערט צופוילט לעבעדיגערהייט; אייך קען מען פערגלייכען מיט אַ קבצן, אַ שלעפּער, וואָס האָט שוין אָנגעוואוירען די הרפּה: איהם איז אַלץ איינס, מע מעג איהם זידלען, מע מעג איהם שפּייען אין פּנים, אַבי די פּרנסה, אַבי דער מאָגען זאָל זיין זייט; איהם מעג מען וואַרפען דאָס שטיקעל ברויט, ווי אַ הונד, ער איז צופריע־דען — אַבי ער לעבט. אַ ו ו י אַ ז ו י לעבט ער, צי אין נחת, צי אין צער, צי אין רחבות, צי אין אָרימקייט, צי ער האָט כבוד, צי ער ליידט חרפּות־בזיונות, — דאָס וויל ער גאָר ניט פרעגען, וואָרום ער האָט שוין לאַנג אָנגעוואוירען דאָס געפיהל פון עהרע און פון אַכטונג צו זיך

אַליין. אין אַייך האָט דער אייביגער דלות, די אייביגע יודישע שפלות פערפלאַנצט אַ משונה־ווילדרען נעראַנק וועגען עולם־הזה און וועגען יודיש־קייט, איהר האָט אָנגעוואוירען דעם קלאָרען. לויטערען קוק פון אונזערע עלטער־עלטער־זיידעס, וואָס האָבען געלעבט אויף דער אייגענער ערד. איהר זאָגט: די עולם־הזה איז ווי אַ פּאָר־הויז, אַ פּרוזדור, צו אַ גרויסען פּאַלאַץ. נו, גרייט איהר זיך דען, טוט איהר דען עפּעס, כּדי מע זאָל אייך אַריינלאָזען אין גרויסען פּאַלאַץ? ניין און ניין! איהר ליעגט פערשלאָפענע, פערטראַכטע, איהר רירט נים מיט קיין אבר, איהר טראַכט אפילו נים, אַז מע דאַרף עפּעס טאָן, כּדי ס'זאָל ווערען בעסער. איהר קוקט אַלץ אַרוים, אַז עמיצער זאָל פאַר אַייך טאָן, עמיצער זאָל אַייך העלפען, איהר וואַרפט זיך אָן אויף יענעם, און אַליין טראָגט איהר זיך אַרום מיט נאַרישע פוסטע חלומות, ווילדע נישטיגע פאַנטאַזיעס, וואָס האָבען קיין פּיצעל שייכות נים צום לעבען. איהר לעבט נים. אפילו אין אונזער היילינגען לאַנד קומט איהר אויך נים אויף צו בעאַרבייטען די ערד און צו לעבען, נאָר אויף אויסצובריינגען יודיש געלד, אווף צו פיהרען קריעג, מחלוקת אין מאוס'ע פּליאָטקעס— און צו שטאַרבען. אויף אַייך קלאָגט דאָס לאַנד פון אונזערע אבות: מיינע אייגענע קינדער האָבען מיך געמאַכט פאַר אַ בית־הקברות

— הייסט עס. נאָך אייערע רייד נאָך קומט אויס, — זאָג איך, אַביסעל מטושטש פון דער פייערדיגער דרשה, — אַז איהר און אייער גלייכען פיהלט שטאַרקער די יודישע צרות, איהר זענט, רעכענט איהר, מעהר מסוגל צו פערשטעהן די שפלות פונ'ם גלות. נו, וואָס זשע איז די פעולה? וואָס קומט אַרויס, אַז מע פיהלט דעם וועהטאָג, אויב דערפון ווערט ער נאָר שטאַרקער? איז אַייך דען בעסער?

— אַודאי, — ענטפערט בנציון, — פיהלען דעם וועהטאָג הייסט זוכען אַ רפואה. פערשטעהן די צרות הייסט — וועלען זיך פון זיי בעפרייען. מיר ווילען לעבען. מיר האָבען דעריבער געמאַכט אַ חברה און אָנגעשריבען אויף אונזער פאָהן: בית יעקב לכו ונלכה! מיר פאָהרען קיין ארץ ישראל בעאַרבייטען די ערד און לעבען דאָרט, ווי ס'האָבען געלעבט אבות־אבותינו.

איצט האָב איך זיך שוין אָבגערוקט, ווי אַ פריטשמעליטער, פון דעם יונגען מאַן. קוקענדיג אויף איהם מיט אַ שטיקעל פחד און טראַכטענדיג בשעת מעשה, אפשר איז ער משוגע. נעענטפערט האָב איך נאָר

ניט, אָבער דאָ איז ר' ישראל איופגעשפרונגען, ווי אַנ'אָבגעבריהטער, און גענומען זיך קאָכען מיט אַ כעס און אַ געפילדער:

— ווי געפעלען אייך עפּעס אַזוינע דבורים, אַזאַ חוצפּה?.. האַ? אוים וועלט: התורה הרצועה! מע וויל שוין גאָר אַראָבבּרענגען משיח'ן!.. און ווער? יונגע ציציקעס, חדר־יונגלעך, שנעקעס! זיי פּאָהרען קיין ארץ־ישראל! נו, יאָהרען!.. אין ווייסט איהר, פון וואַנען סע נעהמט זיך דער גאַנצער אומגליק? ווייל זיי זענען גדלנים, זיי האָבען ניט די יודישע מדה פון הכנעה, האָבען זיי ניט, זיי ווילען ניט בּויגען דעם קאָפּ, ניט מקבל זיין יסורים באהבה. וואָס זשע טוען זיי? פריהער זענען זיי גאָר אַרוים להתרבות רעה, אַראָבגעוואָרפען דעם עול פון תורה און מצוות, געשפּיגען קלעק אויפ'ן יודישקייט אַלץ דערפאַר, וואָס זיי האַלטען זיך צו גרויס. זיי מיינען, אַז זייער כבוד איז ביי אַנדערע אויך אַזאַ טייערע מציאה, ווי ביי זיי. איצט, אַז זיי האָבען זיך אַרומגעקיקט: זיי שטעקען אין אַ בּלאָטע, האָט מען אויסגעטראַכט אַ נייעם פּזמון: ארץ ישראל! מע וועט לויפען, ווייסט ניט וואוהין? אויף זיי זענען באמת אָנגעמאָסטען די רייד פון'ם יבנער גאון וועגען די, וואָס זענען דוחק את הקץ. מען לויפט — פּונקט ווי קריינע יונגעלעך פאַר אַ חופּה: מען שפּרינגט, מע יאָגט זיך, מע טאַנצט פאַר די כלי־זמר, פאַר די מחותנים מיט די אונטערפירערס... טפו!..

רב ישראל רעדט, און מיר איז דאָס ווי בּוימעל צו אַ מכּה. סע טוט מיר משונה הנאה. וואָס איך בין ניט קיין לויפער, ווי יענע שנעקעס, און איך בעריהם זיך פאַר'ן רבונו של עולם, ווי אַ וואויל יונגעלע בעריהמט זיך פאַר אַ טאַטען, ווען סע וויל פון איהם אויסנאַרען אַ מתנה. איך טראַכט מיר: „זעהסט, טאַטע פאָטער, איך בין ניט אַזאַ פליהער ווי אַנדערע יודען. נעבּטען האָב איך דוקא געשטעלט פיס, געקראָכען איבער פּאַרקענס, געשפּרונגען איבער טויערען, געקלעטערט אויפ'ן לייטער, געזעסען אַ גאַנצען טאָג אין אַ לאָך, איינגעבויגען אין דרייען, אינאיינעם מיט אַנדערע יודען, געליטען יסורים מיט שלעק מיט וועהטאָגען, אָבער אַז ס'איז געוואָרען נאַכט און איך האָב זיך אַראָבגעלאָזט מיט מסירת נפש פון'ם בוידעם, האָב איך געדאַנקט און געלויבט דיין ליעבען נאָמען, וואָס ס'זענען מיר ניט צושיט געוואָרען די ביינער און איך האָב מיר ניט אויסגעבראָכען אַ צאָהן, און איצט האָף איך אייך טאַקי נאָר אויף דיין הילף, גאָטעניו!.. אַזאַ כשר'ער יוד, ווי איך, אַזאַ גרויסער בעל־בטחון, וואָס מאַכט אַוועק מיט דער

האַנד אַלע זיין צרות און זאָגט: „גאָט איז אַ פּאָטער", פּערדיענט טאַקי זאָלסט איהם געבען זיין שכר אויף דער וועלט פון דיין פּולער האַנד"... איך רייד און גאָט, ברוך הוא, שמייכעלט, און מיר דאַכט זיך, ער ענטפערט מיר: הבן יקיר לי, מענדעלע, ביזט מיר אַ וואוי־לער זוהן, אַ טרייסט, אַ נחמה, מיין טייערער מענדעלע, הלואי וואָלט איך געהאַט אַ סך אַזוינע יודען! —

אַזוי טראַכט איך מיר, און סע חאַפּט מיך אָן אַ חשק צו אָננעהמען זיך גאָט'ס קריוודע, כדי ער זאָל טאַקי זעהען מיינע גוטע מעשים. און איך קערעווע זיך אוים צו בנציונ'ען מיט אַזוינע ווערטער:

— מילא, וואָס איהר פּאָהרט קיין ארץ ישראל, בין איך אייך מוחל. זאָלען אַנדערע מיט אייך פּיהרען וכוחים און אויסווייזען באותות ומופתים, אַז איהר טוט גוט אָדער איהר טוט שלעכט. פון מיינעטוועגען, פּאָהרט אייך צו אַל די גוטע יאָהר. אָבער וואָס איז דאָס עפּעס פאַר ווערטער מכח יודען און יודישע געראַנקען? וואָס קאָפּעט איהר מיר לינקס אויפ'ן יודישקייט?

— חלילה! — ענטפערט בנציון און צאַפּעלט זיך אַוש מיט אַלע אברים — חלילה! וועד רעדט דען? דאָס יודישקייט איז דאָך מיין לעבען, מיין חיות, מיין נשמה. צוליעב דעם יודישקייט בין איך דאָך דאָס, וואָס איך בין — אַ יוד, אַ זוהן פון מיין פאָלק, ווייט אָבגעשיידט פון אַלע איבעריגע פעלקער אויף דער וועלט. דאָס יודישקייט — דאָס איז מיין בעזונדערע געשטאַלט, מיין אייגענער יודישער כאַראַקטער, מיינע מדות, מיין פּיהרונג, אפילו מיינע תנועות און העוויות. פון דעם נגון, מיט וועלכען איך רייד, ביז דעם קנייטש אויפ'ן שטערען, ביז דעם מינדסטען דרעה מיט אַ פינגער. דאָס יודישקייט איז כולל אונזער גאַנץ פערמעגען, אַלצדינג, וואָס ס'איז אונז געבליבען פון די ישיבות פון שם ועבר, פון די ישיבות פון יבנה און אושא און פומבדיתא און נהרדעא מיט זייער גרויסע חכמים און רבנים, ווי אין ארץ ישראל, אַזוי אויך אין בבל, פון די בתי מדרשים און ישיבות און תלמוד תורות און די חדרים אין גלות אַלע יאָהרען ביז היינטיגען טאָג. זיי אַלע האָבען אַרויפ־געלעגט אויף מיר זייער שטעמפּעל. פון אַלע האָב איך גע'ירש'נ'ט גע־וויסע סמנים, זיי אַלע האָבען מיך געמאַכט פאַר אַ יודען מיט אַלע פּי־שטשעווקעס, מיט אַלע קנייטשעלעך סיי אין גוף, סיי אין דער נשמה נאָך פון פריהערדיגע דורות, נאָך איידער איך בין נאָר געבוירען געוואָרען אויף דער וועלט. נו, זאָגט איהר אַליין: קען איך דען בייטען מיין

געשטאַלט? קען איך זיך דען אָבזאָגען פון זיך אליין? חלילה וחס! איך רייד ניט פון דעם ר י י נ ע ם יודישקייט, וואָס איז איבערגעגאַנגען צו אונז במסורה פון משה רבנו'ס צייטען, נאָר פון דעם ווילד-פּרעמדען, צוקאַליעטשעטען, פערדאָרבענעם יודישקייט, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו אונז אין גלות. ס'איז דאָך דאָ אַ חלוק צווישען ד ת מ ש ה און דעם היינטיגען י ו ד י ש ע ן דת.

— רב מענדעלע! — שרייט רב ישראל, אונטערשפּרינגענדיג ווי ניט אין זיך, און טאָרעט מיך מיט'ן גראָבען פינגער. — אוי, וואָס שווייגט איהר, רב מענדעלע! איך בעט אייך, זאָגט מיר, איהר'ט שוין אַמאָל געהערט אַזוינע נאַרישע דבורים? רבונו של עולם, היתכן... דת משה און יודישער דת! סע קומט איהם דאָך... נאָר וואָס טויג ריידען? וואָס וועט העלפען? לאָמיך בעסער שווייגען.

רב ישראל געהט זיך צו זיין ווינקעל, בויגט זיך אָן, צובינדט די שטריק אויף די זעקלעך און קלומקעס און שלעפּט פון דאָרט אַרויס עפּעס זאַכען. איך געה מיר אין אַנ'אַנדער ווינקעל, נעהם אַרויס דעם תּפלין-זאַק מיט אַלע מכשירים און שטעל זיך דאַוונען. אין גרייט זיך לויבען זיין ליעבען נאָמען מיט אַ לויטער האַרץ און אַ טיעפער כונה, איך וואַרט דעריבער, ביז איך וועל ווערען אַביסעל רוהיגער און וועל פער-געסען די זינדיגע דבורים, וואָס איך האָב נאָר וואָס געהערט. נאָר אַז אָך און וועה צו מיינע שונאים! הלואי וואָלט איך בעסער ניט געטראַכט פון כונות און געדאַווענט פּראָסט פשוט, ווי אַלע יודען, וואָלטען מיר אפשר ניט אַרויפגעקומען קיין בייזע הרהורים, רחמנא לצלן! וואָרום טאַקי ווייל איך האָב געוואָלט מבטל זיין בנציונ'ס דבורים כעפרא דארעא, האָב איך גענומען קלעהרען וועגען זיי, בעטראַכטען זיי פון אַלע זייטען; דאָס קלעהרען האָט מיך אָבער געבראַכט צו אַ שווינדעל: נאַרען דעם רבונו של עולם, ווייזען איהם, אַז איך בין איהם איבערגע-געבען מיט אַלע געדאַנקען און מיט אַלע חושים; פון דעם שווינדעל איז שוין געווען נאָר אַ שפּאַן וועג צו חנופה: איך האָב גע'חנפ'ט דעם אויבערשטען מיט זיסע ריידעלעך, זיך געוואָלט אונטערקויפען ביי איהם מיט פאַלשע ווערטער; די חנופה האָט, ווי דער שטייגער איז, אויפגע-וועקט דעם יצר הרע און ער האָט זיך גענומען צו דער אַרבייט. דער יצר הרע איז ביי מיר, דאַרפט איהר וויסען, אַ פקח, אַ חכם עתיק, ער פערשטעלט זיך דוקא פאַר אַ חסיד, אַ כשר'ע נשמה, אַ וואוילען בעל-יועץ, וואָס מיינט אַלצדינג נאָר לשם שמים; ער איז געניט אין

וועלט־זאַכען, ווייסט, ווי אַזוי מענשען פיהרען זיך, און קען מאַכען פון שוואַרץ ווייס און פון אַ מאוס'ניצע אַ גרויסען פאַרשוין; ער פערשטעהט גוט אַ בלאַט גמרא, איז געניט אין די קליינע אותיות'לעך, דערביי האַלט ער זיך שטיל, געלאַסען אָהן כעס, און האָט אַזאַ צונג, אַז ער קען ווייך באַכען אַ שטיין.

אָט דער בחור מיינער האָט מיך גענומען, ווי זאָגט מען דאָס, צום סמיק. איך שטעה, דאַווען ברחילו ורחימו, האַלט שוין ביי שמונה עשרה, און יענער קומט מיט אַ גמרא און רוימט מיר איין אויפ'ן אויער: הערט נאָר, רב מענדעלע, אפשר קענט איהר מיר געבען צו פערשטעהן די משנה אין כתובות: „ואלו יוצאות שלא בכתובה"... — „אָט די געהען אַרויס אָהן אַ כתובה"?..

איך היץ זיך, שאָקעל זיך, דאַווען מיט אַ ברען, וויל נאָר ניט הערען די טרפה'נע ווערטער, און יענער טרעט ניט אָב, פערטייטשט מיר וואָרט אין וואָרט די משנה: „העוברת על דת משה ויהודית"... „די וואָס איז עובר אויף דת משה און אויפ'ן יודישען דת..." צו אַל די שוואַרצע יאָהר! — בייזער איך זיך. — וואָס קעהר זיך אָן הלכות נשים צו „עזרת אבותינו"?.. איך מאַך מיר האַרץ, זינג און דאַווען מיט גרויס דבקות און וויל זיך גאָר ניט אומקוקען אויפ'ן עכבראָש. יענער מוט זיך אָבער זיינס, ער חזר'ט אויך מיט אַ נגון: „ואיזוהי דת משה וכו' ואיזוהי דת ישראל"?... „וואָס ושע הייסט דת משה און אַז. וו. און וואָס הייסט דער יודישער דת"?.. וואָס איז דאָס? איך פערשטעה גאָר ניט. קענען וואָס ברענגט ער די דאָזיגע משנה? — וויל איך זיך אַרויסדרעהען פונ'ם יצר הרע'ס הענד. יענער לאָזט מיך אָבער ניט אָב. ער מאַכט פון מיר חוזק און שטעלט מיר אַרויס אַ צונג: מענדעלע! (שוין גאָר ניט רב מענדעלע) מיך, מענדעלע, ווערסטו ניט נאַרען! דו פערשטעהסט דוקא זעהר גוט, וואָס מע מיינט און קענען ווערען איך רייד דאָ... דערמאָן זיך נאָר, וואָס דער יונגער מאַן האָט דיר געזאָגט.

יאָ, אמת. איך האָב דוקא גוט פערשטאַנען, ווי טיעף דאָס ריהרט אָן און וויפיעל מען קען דרינגען פון אַזאַ משנה. נאָר וואָס רען? איך האָב זיך ניט געוואָלט מודה זיין. איך האָב בעסער געוואָלט נאַרען זיך אַליין. ווי דער שטיינער איז. צוליעב דעם נאַרעניש האָט דער יצר הרע ערשט בעקומען נאָך מעהר כח און האָט מיר גענומען איבער'חזר'ען דעם גאַנצען שמועס פון דער משנה וועגען דעם, וואָס

הייסט יודישער דת. א שטיינער: „א פרוי געהט מיט א הוילען קאָפּ, זי שפּינט אינמיטען מאַרק און רעדט מיט יעדערען, ניט ווי יודישע קינדער זענען זיך נוהג"... טפו זאָל ער ווערען! ער נעהמט, דער ימח שמו'ניק, און מאָלט מיר אויס פאַר די אויגען א יודישע טאָכטער, אַנ'- אויסגע'לאַסענע, ווי עס שטעהט דאָרט אין כתובות: זי שפּינט מיט א שפּינדעל און ווינקט דערמיט צו די בחורים און שפּיעלט זיך מיט זיי בפרהסיא. — און דאָס אַלץ, וועה איז מיר, אינמיטען דאַוונען!.. בייזע געדאַנקען קריכען מיר אין מוח, טאַנצען און שפּרינגען און בייסען מיך, ווי פליעגען סוף זומער. איין געדאַנק קומט, דער אַנדערער געהט אַוועק, און איך שטעה און קלעהר און פערקריך אַלץ טיעפער אין אבינות און דעות; איך ציה דורך א מחיצה צווישען הייליג און ניט הייליג, צווישען יודישע דינים איינגענע און איבערגענומענע ביי אנדערע פעלקער, צווישען ערטער און צייטען, און איך בוי שוין א נייע שטה אין יודישען דת! ס'איז ניט גלייך, טראַכט איך, יודישקייט צו יודיש- קייט: איינס שטאַמט פונ'ם באַרג סיני, עס איז אָנגעשריבען אין דער תורה און איבערגעגעבען פון דור צו דור — דאָס איז דת משה; און איינס איז פונ'ם גלות, פון די יודען, וואָס האָבען זיך אויסגעמישט מיט אַנדערע פעלקער — דאָס איז דער יודישער דת. דאָס ערשטע איז כלו קודש. אויף דעם שטעהט דאָס יודישע פאָלק מיט זיין בעזונ- דערער געשטאַלט און זיין אייגענעם חאַראַקטער; דאָס אַנדערע איז א גע- מישעכץ פון הייליגקייט מיט פּראָסטע, וואָכעדיגע מדות און מנהגים און מיינונגען, וואָס די יודען האָבען אריינגעזאַפּט אין זיך אין פיעלע ער- טער אין א משך פון לאַנגע יאָהרען. ווען סע קומט א דור פון נאַ- רישע מענשען, אָהן א קלאָרען קוק און אָהן א רעכטען פערשטאַנד, נעהמט דאָס יודישקייט אין זיך אַריין אַלצדינג, דאָס גוטע און דאָס שלעכטע, דאָס שענע און דאָס מיאוס, דאָס ריינע קאָרען און די פסולת, דעריבער זעהט עס אויס אַזוי משונה ווילד, און דעריבער... דעריבער איז אפשר בנציון געדערכט...

וועה, וועה צו מיינע יאָהרען! וואָס טוט מען מיט'ן יצר הרע! איך לאָז אַרויס א טיעפען זיפץ, פערוויקעל זיך אין טלית ביז איבער'ן גאַרטעל און שטעה מיט'ן פּנים צו דער וואַנד, א צובראָכענער, א צו- קאָכטער פון אַזוינע זינדיגע מחשבות.

— זייט זשע מוחל, פעטער! — הער איך עמיצער רופט צו מיר אין טאַקי באַלד דערפיהל איך א שטורך אין זייט.

איך קוק זיך אום און זעה: דער משרת פון דער אכסניא רוקט צוויי בעטלעך צו דער וואַנד, וואו איך שטעה.

— וואָס עפּעס צוויי? — פרעג איך.

— הלילה הזה שתּי פּעמים, — ענטפערט מיר דער בחור מיט אַ ווערטעל און מיט אַ צוקאַליעטשעטען פּסוק, ווי דער שטיינגער איז בײַ די דאָזיגע לייט. — וואו האָט איהר דען געזעהען, אַז צוויי זכרים זאָלען שלאָפען אין איין בעט?

— מילא איינער, ווייס איך, איז דאָ — טענה איך — דאָס איז דער יונגער מאַן. אָבער וואו איז דער אַנדערער?

— שנים שנים באו אל התבה, — לאַכט דער משרת אויף זיין שטייגער. — איין אורח ברענגט דעם אַנדערען אורח, און די בעל־הבית׳טע איז צופריעדען, זאָל איהר גאָט העלפען. און אײַך, אַז איהר וועט שלאָפען פיער־פינף אין איין חדר, וועט אײַך, אם ירצה השם, ניט שאַדען. סע וועט אײַך נאָר זיין וואַרעם.

— וואו זשע זענען די איבעריגע? — וואונדער איך זיך, ניט זע־הענדיג ניט רב ישראל׳ן, ניט דעם יונגען מאַן.

— די איבעריגע זענען, ווייזט אויס, פּראָסטע יורען, זענען זיי זיך אַוועק אין שטאָדט אַריין, — ענטפערט דער משרת און קוקט אויף מיר מיט איין אויגעל. — איהר, פעטער, זעה איך, זענט מיר שטאַרק אַריינגעטאָן אין דער תּפלה, סע פלאַמט אײַך אַזש דאָס פּנים; איהר האָט זיך אַזוי פערטיעפט, אַז איהר האָט גאָר ניט געהערט אַרויסגעהן די איבעריגע שכנים... ווייסט איהר זשע, וואָס איך וועל אײַך זאָגען? איך האָב דאָ אַנ׳עקרה, אַ פיינע און אַ וואוילע, דאַרף זי האָבען אַ ברכה פון אַ צדיק. זאָל איך זי אפשר רופען, די יפהפיה, וועט איהר זי בענשען? ...

שווער צו פערשטעהן, וואָס אַזאַ מין משרת, אַ ממזר־יונג, מיינט: דאַכט זיך, ער רעדט מיט דיר בתּמימות, און ס׳קען זיין, אַז ער טראַכט נאָר דער שוואַרץ יאָהר ווייסט וואָס. איך האָב מיך מישב געווען: לאָם איך בעסער זיין אַצונד דער נאַר. זאָג איך דעם משרת, אַז דער שליסעל פון קינדער געפינט זיך ניט אין מיינע הענד, און הייס איהם געהן

דער משרת איז אַרויסגעגאַנגען. איך בלייב ווייטער אַליין און הויב אָן כּלמר חוב זיין אויף אַלע מענשען, אַראָבנעהמענדיג אַ מוסר פון זיך. איך טראַכט מיר אַזוי: ווען עמיצער זעהט מיך, אַ שטיינער, ווי

איך דאַרף זיין אַן אַרבעטער? איך האָב זיך שטענדיג געמיינט, אַז איך בין אַ פרומער יוד, אַ הייסער צדיק, אַ כשר'ע נשמה; ווען ער נימט אָבער אַ קוק אינוועניג, וואָלט ער זיך דערשראָקען פאַר מיין אַייזערנעם יצר הרע און פאַר די שלעכטע געדאַנקען, וואָס האָבען זיך מיר געפלאָנטערט אין דאַווענען און מיך פערשלעפּט אין אַ העק. היינט אַז איך בין אַזוי, פון וואַנען זשע ווייס איך, אַז אַנדערע פרומאַקעס זענען בעסער? אפשר איז ביי זיי אויך די פרומ־קייט נאָר אַ מאַסקע און אינוועניג זענען זיי אָנגעשטאָפּט מיט מאוס'ע געדאַנקען און טרפה'נע תאוות? אפשר איז אין יעדען פנחס בעהאַלטען אַ זמרי בן סלוא?

— גאָט אין הימעל! אויב אַזוי, איז דאָך גאָר קיין יודען נים געבליבען! — שריים אין מיר דאָס האַרץ, און איך קלערער און טראַכט, שאַרף מיר דעם מוח צו בעווייזען, אַז איך בין אומגערעכט. סע העלפט אָבער נים. איך זיץ איינער אַליין אין מיין חדר און זיפץ און בין אויס מענש.

— האָב דיר אַכציג שוואַרצע יאָהר! ביז וואַנען איז דער שעור אַרומגעהן פוסטעפּאַס! — הער איך, ווי עמיצער טענה'ט צו מיר. דאָס מאָלט זיך מיר אויס, אַז די אַלטע מיינע לעגט אַוועק אַ ברכה, ווי דער שטייגער איז פון ווייבער, ווען זיי טרייבען־אונטער דעם מאַן צו זוכען פרנסה. — קוק איהם נאָר אָן, דעם הכשיט מיינעם: ליעגט אין דער קרענק אויף דער סטאַנציע און ברעכט זיך דעם מוח אויף נאַרישע מעשיות, וואָס זענען אַ דרייער נים ווערט. שען, כ'לעבען! ער האָט שוין גאָר פערגעסען, אַז ער האָט אַ ווייב מיט קינדער און אַז ער איז געקומען אַהער מאַכען געשעפטע. אַכזר! קוק זיך נאָר אַרום, וואו ביזטו אין דער וועלט. אלע יודען שטעהען אויף גאַנץ פריה, נעהמען די שטעקעלעך אין די הענד און לאָזען זיך געהן, זוכען, נישטערען, אפשר וועט גאָט צושיקען אַ געשעפטעל. און דו, עוכר ישראל, דו האָסט אינ־גאַנצען אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם עול פון פרנסה און — אַ יום־טוב אויף דיר! זאָלסט שוין נים דערלעבען יום־טוב, טאַטע זיסער! קאָרג צרות האָבען מיר געהאַט, קאָרג נעכט נים דערשלאָפען, ביז מיר האָבען אויסגעקראַצט די עטליכע קערבלעך אויף דער נסיעה, און דו ליעגסט זיך דיר אין עסט אַ קערבעל נאָך אַ קערבעל. עסען זאָלען דיך ווערים. אפשר וואָלט שוין אָבער געווען געגנוג? אפשר וואָלסטו שוין אויך זיך געלאָזט אין שטאָדט אַריין, האַ?

ווען מע גיסט מיך אָב מיט אַ הייסען אָקראָפּ, וואָלט איך ניט נעדאַרפט ווערען אַזוי צוקאָכט, ווי פון די דאָזיגע ווערטער. אין איין רגע זענען זיך צופלויגען אַלע מיינע פריהערדיגע רעיונות, און איך האָב זיך גענומען גרייטען אין שטאָרם אַריין: בעטאַפּט די פאות און די באָרד, אָנגעטאָן די שבת'דיגע קאַפּאָטע — אַ סגולה צו קרעדיט, ווי דאָס איז ידוע אַלע קליינשטעטלדיגע סוחרים. דורכגעהענדיג נעבען שפּיגעל, האָב איך, ווי אומגערן, אַ קוק געטאָן אויף זיך און בין זיך דוקא געפעלען!

— זייף און פּאָמאַדע, הענדשקעלעך און שטעקעלעך, טיכעלעך און קנעפּלעך, שוויבעלעך, שניפּסען, גאָפּלען מיט מעסערס — איהר דאַרפט ניט קיין בעטערס!... שרייט עמיצער נעבען דער טהיר. באַלד בעוויזט זיך אַ פּערסאָפּעטער יוד, לאָזט אַראָב דעם קלומעק מיט סחורה אויף דער ערד און נעהמט זיך ווייטער אויסרופען, וואָס ער האָט צו פּער־קויפען.

— מאַכט עס גיכער, רב קרוב, — זאָג איך איהם, — וואָרום איך האָב קיין צייט ניט. — יענער מאַכט זיך ניט הערענדיג און האַלט אין איין צעהלען:

— זייף און פּאָמאַדע, פּאַפּיער, קאָנווערטען, טינט און פּענעס, סם־המות פּאַר שטשורעס!..

— לאָזט געמאַך! איך מוז אַוועקגעהן! — בעט איך זיך ביי'ם יודען און קוק אויף איהם מיט רוגזה, טראַכטענדיג ביי זיך, ס'אַראַ מאוס'ע אומה אונזערע סוחרים זענען: זאָגסט איהם קלאָרע דבורים — ניין, ער מאַכט זיך ניט ווייסענדיג; זיין כבוד איז ביי איהם ניט ווערט אַ פּרוטה, ער וועט זיך פּאַר אַ פּערדיענסטעל לאָזען אָנשפּייען אַ פולע פּנים, אַנ'אמתער חלול השם!

— האָט רחמנות, פּאַני, גיט עפּעס צו לעזען, — בעט זיך דער יוד מיט אַ רחמנות־פּנים, און איך לייען אין זיינע אויגען זיין דלות און זיינע ביטערע צרות. — קויפט עפּעס אויף אַ פּאָטשאָנטעק. איך האָב היינט, ניט פאַר קיין שום יודען נעדאַכט, אַ פינסטערען טאָג. פון אינ־דערפריה אָן, חאָטש ציה זיך אויס, קיינער קויפט ניט פּאַר אַ גראָשען און איך בין, לא עליכם, אַנ'עני ואביון, אַ מטופל מיט קינדער. נעכטען האָט מען זיך מיט מיר שען אָבגערעכענט... נאָך אַ דאַנק גאָט פּאַר'ן גרויסען נס, וואָס מיר זענען אַלע לעבען געבליבען און כ'האָב אָבגע־ראַטעוועט אָט דאָס ביסעלע סחורה. קויפט, פּאַני, גיט צו לעזען!

מיר פערקלעמט דאָס האַרץ פאַר רחמנות אויף דעם אומגליקליכען יודען, און איך האָב שוין חרטה, וואָס איך האָב נאָר וואָס איהם גע־זירעלט אין האַרצען. איך זאָג איהם זעהר פריינדליך:

— גו, ניט זשע מיר זאָקען!

איך שטעק אַריין די האַנד אין קעשענע נאָכ'ן בייטעלע געלד — ניטאָ! איך זוך אין די הויזען, אין דער קאַפּאָטע, איך טאַפּ זיך אַרום פון אַלע זייטען — ניטאָ! מסתמא האָב איך עס אָנגעוואוירען נאָך נעכ־טען, בשעת איך האָב זיך גערראַפּעט אויף די גלייכע ווענד. אַ פּאָר מינוט שטעהען מיר אין געהאַקטע וואונדען און קוקען אָן איינער דעם אַנדערען — איך דעם יודען אין דער יוד מיך, און זיפצען. נאָכדעם געהמט דער יוד זיין פּעקעל אויף די פּלייצעס און געהט אַרוים מיט יסורים.

ס'איז נאָך אַ דאַנק און אַ לויב זיין ליעבען נאָמען, וואָס איך בין געפאַלען אויף אַנ'עצה, אַרויספּאָהרענדיג פון דער היים, אַראָבנעהמען עטליכע קערבלעך און זיי בעהאַלטען אין אַ קניפּעל אונטער'ן העמד. אַניט וואָלט מיר אויסגעקומען חאָטש באַלד זיך לאָזען איבער די הייזער. איך טאַפּ אָן מיט דער האַנד דאָס קניפּעל אויפ'ן בייך און זאָג זיך: שישו בני מעי! דאַנקען גאָט דערפאַר! — נאָכדעם טו איך אַ טאַפּ די לינקע פאה, אַ קראַץ אין קאָפּ — און לאָז זיך געהן.

איך בין נאָך ניט אַרויסגעגאַנגען פון דער אַכסניא, דערפיהל איך, אַז — ניין! לא מיט אַנ'אַלף! איך קען זיך ניט ריהרען פונ'ם אָרט. סע האַקט מיר אין די זייטען און סע טוט מיר וועה יעדעסביינדעל אינ'ם חוט־השדרה — נאָך אַלץ פון דעם נעכטינגען קלעטערען און פון דעם קלאַפּ אָן די באַנטעס. איך שטעה עטליכע מינוט ווי געלעמט, אין קאָפּ שווינדעלט מיר, די פים זענען ווי צוגעקאָוועט. קוים מיט צרות האָב איך זיך פערשלעפּט צוריק אין מיין ווינקעלע. פּאַוואָלינקע, אויף אַלע פיער, האָב איך זיך צוגערוקט צום בעטעל און מיט גרוים מיה אַרויפ־געקראָבען אויפ'ן געלעגער.

---

זיך ליעג אויפ'ן בעטעל און סע לאָזט מיך ניט ריהען.

סע טוט וועה דער גוף און ס'ז נאָגט אין דער נשמה. גוטע און שלעכטע געדאַנקען מישען זיך איבער, שטויסען זיך אָן איינער אָן צווייטען, ערקלעהרען מיר די אַלע מעשים אויף פערשירענע איפנים.

אָט קיק איך זיך צו צו די צרות מיט די אומגליקען, וואָס האָבען זיך געטראָפען די לעצטע טעג, און איך ווער ביי זיך גרויס. איך טראַכט מיר: אַז וואויל איז דיר און אַז וואויל איז דעם פאָלק ישראל, וואָס דער גאָט פון אברהם׳ן, פון יצחק׳ן און פון יעקב׳ן טוט אייך ביישטעהן אין אַלע אייערע נויטען. פרעהט זיך, יודעלעך, און דאַנקט זיין היילינגען נאָמען פאַר די נסים, וואָס ער בעווייזט אייך יעדע שעה, יעדע מינוט!.. אין איך ווער שטאַרק אויפגעלעגט און שיק אַ שבח דעם רבון עולם פאַר דעם נס, וואָס ער האָט מיט מיר געטאָן: וואָס איך בין נצול געוואָרען מיט׳ן לעבען, וואָס איך בין אָבגעקומען נאָר מיט אַ קלאַפּ, אַ שבורך, אַ וועהטאָג אין זייט, בשעת איך האָב געקענט ברעכען האַלז און נאַקען, חלילה. אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, אַבי מע לעבט, אַ דאַנק דיר, פאָטער אין הימעל. — און אָט ווערט מיר קאַלאַמוטנע אויף דער נשמה און איך זאָג מיר: אַז אָך און וועה איז דיר און אַלע יודען, וואָס איהר קענט אַ טאָג ניט איבערלעבען אָהן נסים! אַזוי לעבט נאָר אַ קנעכט, אַן׳עבד! מע דערלאַנגט איהם אַ פּאַטש אין פנים — ער מאַכט זיך ניט וויסענדיג; מע האַקט איהם אויס אַ צאָהן, מע נעהמט איהם אַרויס אַן׳אויג, ער דאַנקט גאָט, וואָס מ׳האָט איהם ניט אויסגעהאַקט צוויי ציינער, ניט אַרויסגענומען ביידע אויגען... קנעכט זענט איהר, יודעלעך, קנעכט! איהר ווייסט נאָר דאַנקען פאַר יעדער מכה, פאַר יעדער צרה שלא תבוא; אין יעדען אומגליק, אין יעדער אָנשיקעניש געפינט איהר נאָך נסים ונפלאות. אַז יענע יודעלע מיט׳ן פּעקעל סחורה, וואָס איז אין איין טאָג געוואָרען אַן׳עני ואביון, זאָגט דאָך אויך על הנסים..., אָבער צוריק, טראַכט איך מיר, אפשר איז טאַקי דער רבונו של עולם גערעכט? אפשר איז דאָס אַן׳אָבקומעניש פאַר אונזערע זינד?.. ענטפערט מיר דער יצר הרע: וואָס זענט איהר עפּעס זינדיגער פון אַלע אַנדערע מענשען? זאָגט מיר, איך בעט אייך, מיט וואָס האָט איהר זיך דאָס אַזוי פערזינדיגט? אפשר דערמיט וואָס איהר לעבט, וואָס איהר עסט און טרינקט און האָט קינדער? זענט איהר דאָך אָבער נאָר מענשען, בלוט און פלייש, איהר האָט אַ מאָגען, ווי אַלע אַנדערע מענשען, איהר האָט אויך חושים און געפיה־ען און תאוות און בעדערפעניסען, ווי אַלע לעבעדיגע בעשעפעניסען! דאַכט זיך, פערקעהרט, ניטאָ אויף דער וועלט קיין אומה ולשון, וואָס זאָל אַזוי דיענען גאָט פון אינדערפריה ביז ביי־נאַכט, ווי דער יוד. איהר לעבט דאָך גאָר ניט, איהר זענט דאָך פון אַלע זייטען אַרומגעצאַמט מיט דינים און

חומרות און סיגים, בײַ אײַך איז דאָך אויף יעדען פון אײַערע רמ"ח אברים, אויף יעדער אײנציגער פון אײַערע בערערפענישען אָנגעטשעפּעט גאַנצע פּעק מיט מצות און דקדוקים גרויסע און קלײנע. עסען עסט איהר קרענק, אָבער זאָגען זאָגט איהר זיך אָן, ווי אַ פּויק אי פאַר'ן עסען, אי נאָכדעם. אויף יעדען טריט האָט איהר אויסגעבויט שוהלען און בתּי־מדרשים און חדרים און ישיבות, אַלע אײַערע יאָהרען פערברענגט איהר באהלה של תורה. אײַערע קינדער לערענט איהר ניט דאָס, וואָס זיי דאַרפען קענען צום לעבען, מחמת איהר דאַרפט זיי דאָך שטאָפּען מיט דער הײליגער תּורה. די בערערפענישען פון דער איצטיגער צײט זענט איהר מבטל צוליעב אַזוינע הלכות און דינים, וואָס האָבען נאָר אַ שיכות צו פערגאַנגענע צײטען און דורות. און אַלץ צוליעב וואָס? כדי איהר זאָלט זיך אונטערקויפען בײַ'ם רבונו של עולם, כדי איהר זאָלט איהם דיענען מיט אַלע אײַערע חושים, מיט אַלע אברים, מיט אײַער גאַנצען לײב און לעבען. און איהם איז נאָך אַלץ קאַרג, ער איז אַלץ ניט צו־פרידען, ער האָט נאָך אַלץ צו אײַך טענות! נאָר לאָז שוין אפילו זײַן, אַז איהר האָט זיך יאָ אַמאָל טועה געווען, אַז ס'האָט זיך אײַך געטראָ־פען אַ מכשול — איהר זענט דאָך ניט מעהר ווי מענשען — נו, דאַרף מען שוין זײַן ברוגז אײביגע יאָהרען, דאַרף מען שוין גאָר קײנמאָל ניט וועלען פערגעבען? דער פּחד און די הכנעה האָבען פון אײַך געמאַכט אַ תּל, איהר זענט געוואָרען חניפה'ניקעס, צבוע'קעס, נידעריגע מענשען, איהר האָט מורא צו זאָגען דעם רבונו של עולם דעם אמת אין פּנים. איהר גיט איהם אָב דעם גערעכט, מחמת איהר ציטערט פאַר זײַן שווערען משפּט. דערמאָנט זיך אָבער, וואָס האָבען אײַערע עלטערען געטאָן! אָ, זיי האָבען קײנעם ניט גע'חנפ'עט, זיי האָבען געזאָגט דעם אמת אפילו נאָט אַלײן! געקומען ירמיהו הנביא און געזאָגט: וואו זענען זײַנע שרעקען? און האָט ניט געזאָגט: דער גאָט פון שרעק. געקומען דניאל און געזאָגט: זײַנע קינדער זענען געפאַנגען, וואו זענען זײַנע גבורות? און האָט ניט געזאָגט: דער גאָט פון גבורה... ווײל זיי האָבען געוואוסט, אַז ער האָט ליעב דעם אמת, איז ער מסכים מיט'ן אמת, דעריבער האָבען זיי ניט גערעדט פאַלש. און אײַערע ערשטע חכמים לײגען אַרײן אַזוינע ווערטער אין דעם מויל פון דער כנסת ישראל: רבון העולמים, דו האָסט געשריעבען אין דײַן תּורה: לא תקום ולא תטור *) —

---

*) ניט טראָגען קײן נקמה און האַס אין האַרצען.

אין אַליין ביסטו אַ נוקם ונוטר... דו מענטש און איך טאָר ניט ?!" — ניין, מענדעלע, מע דאַרף זיך ניט נאַרען, ביסט דאָך אַ יוד אַ למדן און קענסט די אַלע מאמרים אין גמרא און מדרש, אפשר וועסטו מיר ווילען פערשטאָפּען דאָס מויל מיט דער תשובה, וואָס עס שטעהט דאָרטען, דהיינו: דו וועסט זאָגען, אַז ער איז אַ נוקם ונוטר צו אַ נ ד ע ר ע, ניט צו אונז, יודען, — איז אומזיסט דיין טרחה! מיך וועסטו ניט אָפּ־פּטר'ען מיט אַזוינע תירוצים. דו ווייסט דאָך זעהר גוט, אַז א ו י ף אַ י י ך, אויף אייך אַליין, קומען אַלע צרות מיט אַלע אומגליקען, און דאָס ציהט זיך שוין, ברוך השם, ניט איין יאָהר און ניט הונדערט...

„וועה, וועה, וואָס טוט מען מיט'ן יצר הרע!" איך זיפץ נעבעך, אַז עס קען רירען אַ שטיין, איך וויל אָנרייצען דעם יצר טוב, ער זאָל פערטרייבען דעם דאָזיגען אומגעריכטען אַדוואָקאַט, וועלכער איז גאָר געקומען אינמיטען דערינען מלמד זכות זיין אויף דער כנסת ישראל. קום, בעט איך זיך, ענטפער אָב דעם טרפה'נעם מסית. מיין יצר טוב האָט אָבער אַ יודישע טבע: אַז ער זעהט פאַר זיך אַ פּריץ, ווערט ער דערציטערט און קען ניט עפענען אַ מויל; יענער שרייט, זידעלט, פּיל־דערט, און ער שטעהט ווי אַ ניונקעלע מיט אַנ'איינגעבויגענעם קאָפּ. דערפאַר, אַז יענער שרייט זיך אָן און געהט אַוועק, קריכט ער ערשט אַרויס פון זיין ווינקעל און הויבט אָן מוסר'ן מיט אַזאַ ברייטקייט און אַזאַ ליאַרעם, אַז הימעל עפען זיך. אַזוי איז די טבע פון יעדען שוואַכען. ווען ער איז עולה לגדולה. הערען זיין מוסר איז ערגער. ווי אַ פּאַטש אין פּנים.

אַז אָך און וועה איז מיר מיט מיין יצר הרע, און אַז ווינד און וועה איז מיר מיט מיין יצר טוב!..

געשלאָפען בין איך דוקא דעם טאָג אַזוי געשמאַק, אַז איך גע־דענק שוין ניט, איך זאָל אַזוי שלאָפען. דער שלאָף האָט פון מיר אַראָבגענומען אַלע דאגות, געמאַכט מיך פערגעסען מיין הארצקלעמעניש און אַריינגעגעבען כח אין מיינע אברים. אַז איך האָב זיך אויפגעחאַפּט אויפדערנאַכט, בין איך געווען פריש און געזונד, ווי אַ נייע הויט איז אויף מיר אַרויף. דער יוד איז ווי יענע קליינינקע בעשעפענישלעך, וואָס מע קען זיי שוין ניט אָנזעהן מיט'ן אויג. אַזאַ בעשעפענישעל קען ליע־גען אַ לאַנגע צייט טרוקען, דאַר, אָהן אַ סימן פון לעבען. פּרובסטו אָבער אַרויפגיסען דערויף אַ טראָפּען וואַסער, — אַהאַ, עס לעבט שוין, עס שוועבט שוין, עס יאָגט זיך אינ'ם טראָפּען, עס זוכט חיונה, פּריש,

לעבעדיג, אַקוראַט ווי ס׳איז גאָר קיינמאָל נים געלעגען פערשמאַכט, נעהם אַ יודען אַ דאַרען, אַ קוואַרען, וואָס קוים סע האַלט זיך אין איהם די נשמה, לאָז איהם נאָר איין מינוט חאַפּען פרייער דעם אָטעם, קוםט באַלד אַריין אַ נייַ לעבען אין זיינע אויסגעטריקענטע ביינער און ער נעהמט זיך צו דער אַרבייט מיט אַלע אברים און מיט דער גאַנצער נשמה.

אַז איך האָב זיך אויפגעחאַפּט, זעה איך, סע ברענט אַ ליכט אויפ׳ן טיש אין עק חדר, רב ישׂראל און בנציון און נאָך צוויי פרעמדע יונגע לייט זיצען אַרום טיש און פיהרען אַ הייסען וכוח. איך ליעג אויפ׳ן בעטעל, הער זיך איין אין אַלע זייערע טענות, שטעל מיר אַריין פאַר זיך מיינע הערות אין זייער שמועס און גיב זיי אָב דעם גערעכט.

— זאָגט אייך, וואָס איהר ווילט, — שרייט איינער פון די נייע,— איידער איהר וועט ניט בעפרייען דעם נפש, וועט די גאולה פון דעם גוף ניט האָבען קיין ממשות. אויב מיר ווילען אויסבעסערען דאָס יודישע פאָלק, דאַרפען מיר אָנהויבען פון די יודישע דעות, פון דער יודישער פיהרונג; מע מוז קודם כל אויסגלייכען דעם יודען׳ס נשמה. אַז ער זאָל נים זיין אַזוי געפאַלען ביי זיך, ער זאָל זיך אויפהערען אַרומטראָגען מיט נאַרישע געדאַנקען, ער זאָל זיך אָבזאָגען פון שאַחער-מאַכער, פון קנאה און שנאה און פון טויזענטער אַנדערע שלעכטע מדות, וואָס האָבען זיך צוגעקלעפּט צו איהם אין גלות אין אַ משך פון צוויי טויזענט יאָהר. מע מוז ערשט מאַכען אַזוי, אַז דער יוד זאָל קענען אויפנעהמען ריכטיגע געדאַנקען און אָרענטליכע מדות, אַניט וועט ער אין ארץ ישׂראל אויך נים אַיינפיהרען קיין רעכטען ישוב און זיין לעבען וועט האָבען אַ פּנים פון חוזק.

„גערעכט״! — טראַכט איך מיר אין מיין ווינקעל, און איך שטעל מיר פאַר די אייביגע רייסעניש׳ען אין אונזער קהל׳שען לעבען, די חוצפה און די פאַלשקייט פון אונזערע עוסקים בצרכי צבור, וואָס ס׳רוב זענען זיי גראָבע יונגען, בורים, נידעריגע מענשען און וואָס נאָר צוליעב זייער עזות ווערען זיי ביי אונז קהל׳שע מאַכערס. איך דערמאָן מיר די קריגע, די מסירות, די פּייערדיגע פּעטש, וואָס פליהען צוליעב עליות רבנים, שוחטים, חזנים. איך מאָל זיך אויס, ווי די קלענערע חנפ׳ענען ביי אונז די גרעסערע, זענען זיך מכניע פאַר אַ ליאַדע בעל יכולת, זינגען איהם שירות ותשבחות אָהן אַ מאָס און אַ שעור, און ווי יענער פעררייסט די נאָז, האַלט זיך מעשה תקיף און איז מבוזה מבזה זיינע ברידער, —

אַלץ ניט ווערליג דעם מענשענ׳ס פערדיענסט, נאָר גלאַט אַזוי, אָהן אַ כאָלק, אָהן אַ חשבון. — איך דערמאָן זיך די אַלע שענע זאַכען און טראַכט מיר: אויב אַזוינע וועלען זיך לאָזען קיין ארץ ישראל, איז שוין גלייכער בלייבען דאָ!

— אדרבא, קאַין! — ענטפערט בנציון, — דער שכל איז פונקט פע־קעהרט. פריהער דאַרף קומען די גאולה! אַז די יודען וועלען לעבען אויף זייער ערד און פערדינען זייער ברויט דורך שווערער אַרבייט, ווי פאַרצייטען, אַז זיי וועלען בעקומען אַ געזונטען גייסט און וועלען אויפ־הערען ציטערען פאַר׳ן מאָרגעדיגען טאָג, וועט די נשמה זייערע אויך ווערען געזונט. דעמאָלט ערשט וועלען זיי זיך אָנהויבען פיהרען מיט חכמה און מיט יושר, דעמאָלט ערשט וועלען זיי בעקומען גוטע מדות און געהויבענע געדאַנקען — און ס׳וועט ניט בלייבען קיין סימן פון די אַלע מאוס׳ע הנהגות, וואָס מיר זעהען איצט ביי׳ם דערשלאָגענעם יודען. אָרימקייט — דאָס איז די שטינקענדיגע בלאָטע, וואו סע מעהרען זיך אַלערליי פאַסקודנע שרצים און רמשים. זאָל נאָר אויסגעטריקענט ווערען די בלאָטע — וועט קיין שלעכטע בעשעפענישען ממילא ניט בלייבען.

„ער איז אויך גערעכט!“ — טראַכט איך מיר און איך דערמאָן מיר די אַלטע טענות צווישען דעם רבונו של עולם און דער כנסת ישראל. די כנסת ישראל זאָגט: רבונו של עולם, אין דיר איז געווענדט, דו זאָלסט אונז אויסלעזען. השיבנו ונשובה! ענטפערט ער איהר: ניין, ס׳איז אָן דיר געווענדט, שובו אלי ואשובה אליכם! בעגנוגענט זיך ניט די כנסת ישראל מיט אַזאַ פסוק, וואָס דער רבונו של עולם ברענגט פונ׳ם נביא מלאכי, און זי טענה׳ט זיך אוים מיט אַ פסוק פון תהלים: „שובנו אלהי ישענו“ — און זי איז דוקא גערעכט. וואָרום וואָס זעהען מיר דען אין דער וועלט? אַ גראָבער יונג, אַ גס, אַ מנוול, אַ נידעריגע בריאה, אַז סע שפיעלט איהם דאָס גליק און ער ווערט רייך, — ווערט ער גאָר אַנ׳אַנדער מענש. אינאיינעם מיט׳ן מזל בייט זיך ביי איהם אי די צורה, אי דער געדאַנק, אי דאָס ריידען, אי אפילו דאָס קול. אַז גאָט ריכט אויף אַ מענשען, און גיעט איהם ריינע קליידער, ווערען אפילו די וואַנ־צען שלום מיט איהם, פערשפאָרט ער זיך קראַצען...

— ניטאָ קיין גאולה אָהן דעם גואל צדק! — שרייט רב ישראל אין גרויס אימפעט. — ביאת הגואל איז אין די הענד פונ׳ם רבונו של עולם און דאַרף פאָרקומען בדרך נס. ווער סע וויל ברענגען די גאולה בדרך הטבע — איז אַ כופר און אַ הפקר־מענש און אַ גראָבער יונג.

„ער איז אויך גערעכט, אַזוי שטעהט טאַקי אין אַ סך ערטער אין גמרא און אין מדרש", — טראַכט איך מיר און דערמאָן זיך אַ טרויעריגע מעשה, וואָס איז זיך מיט מיר פערלאָפען, אַז איך בין געווען אַ יונגעל. ס'איז דעמאָלט געשטאָרבען מיין טאַטע, אַ יוד אַ לערנער און אַ מכובד. אונז, יתומים, האָט ער ניט איבערגעלאָזט גאָר ניט, אַחוץ זיין מזרח־שטאָרט אין בית מדרש, וואו ער פלעגט דאַוונען און לערנען. איך, אַ בן־יחיד און אַ חשוב קינד, אַז איך פלעג זיצען מיט'ן טאַטען אין מזרח, בין איך געווען זעהר גרויס ביי זיך און פלעג קוקען מיט גדלות אויף מיינע חברים. אַז דער טאַטע איז געשטאָרבען, האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט אין דער פרעמד לערנען. איך האָב זיך גוט אָנגעליטען גלות, אויסגעוואַלגערט זיך אין אַלערליי שטעדטלעך, אויסגעשטאַנען, וואָס סע קען נאָר אויסשטעהן אַנ'עלענדער, פערוואָהרלאָזטער יתום. דערווייל האָט מען פערקויפט אונזער שטאָרט — אונזער קרוין און אונזער שענקייט. אַז איך האָב שפּעטער מיט אַ צייט זיך אומגעקעהרט אַהיים, ווי אַ פריבלודנע שעפּעלע, און בין אַריינגעקומען אין בית מדרש, איז דאָרט יעדערער זיך געזעסען אויף זיין אָרט, נאָר איך האָב ניט געהאַט, וואו צו זיצען. איך האָב זיך געמאַכט האַרץ און געלאָזט געהן צו אונזער אַמאָליגער שטאָרט, וואוהין ס'האָט מיך אַזוי געצויגען אַלע יאָהרען. איך הויב אויף די אויגען — אי וועה! אויף מיין טאַטענ'ס אָרט זיצט אַ פרעמדער, אַ יוד פון אַ נידעריגען גראַד, וואָס דאָס רעדעל האָט זיך איהם אַ דרעה געטאָן און ער איז געוואָרען אַ גאַנצער גביר אין שטעדטעל; נעבען איהם שטעהען זיינע דריי בנים, דריי געזונטע בחורים, ווי די קאָטעס. — דער יוד וואונדערט זיך, קוקט אויף מיר מיט אַ בייזער מינע, ער האַלט זיך אָבער נאָך איין. די בנים האָבען מיך דערזעהען, האָבען זיי מיך גענומען שטופען, שטורכען מיט די עלענבויגענס און מיט די זייטען, חאָטש איך בין געשטאַנען שטיל, ווי אַ לעמעלע, און האָב זיך געהיט, איך זאָל זיי, חלילה, ניט פערטשעפּען. דער יוד האָט דאָס דערזעהען, האָט ער מיר פריהער אַ וואונק געטאָן מיט די אויגען: נעה! נאָכדעם האָט ער זיך שוין צושריגען אויף אַ קול: אַוועק, שייגעץ! דאָ האָבען די בנים זיך ערשט דערפיהלט תקיף און האָבען מיך מיט חרפות און בזיונות פעדיאָגט פונ'ם מזרח. אַז איך בין אַרויס פונ'ם בית־מדרש אַ דערשלאָגענער, מיט אַ פערקלעמט האַרץ און מיט ברעהרען אין די אויגען...

„אוי, ברידער, ניט פאַר אייך געראַכט אַזאַ וועהטאָג, ווי איך

האָב דעמאָלט נעפיהלט׳ . . . — שרייט אין מיר מיין האַרץ און איך קריעג
שטאַרק רחמנות אויף די יודען דאָרט אַרום טיש . . . אַז איך האַפּ זיך
אויף פון מיינע געדאַנקען און הויב זיך אָן ווייטער איינהערען אין שמועס,
האַלט איינער פון די נייע אַ לאַנגע דרשה און די איבעריגע שווייגען.

. . . אָט אַלצדינג, וואָס זיי טוען, איז בלאָטע, אַלע פרנסות טויגען
אויף קלאָג, אַלע געשעפטען הענגען אין דער לופטען, אַ טייל פון זייער
אַרבייט איז מיאוס־פּאַסקודנע, אַ טייל האָט ניט קיין פּיצעל ממשות! —
הער איך, ווי ער רעדט, און איך פערשטעה, אַז דאָס מיינט ער די
כנסת־ישראל. — זייער גאַנצער משא־ומתן, זייער האַנדלען און וואַנדלען,
זייער יאָגעניש נאָך מסחרים פון דעם מסחר מיט וועקסלען, ביז דעם
מסחר מיט אַלטע קליידער, מיט פערשימעלטע שמאַטעס, — איז נאָר
איין האַרץ־וועהטאָג, איין גרויסע קללה: סע טריקענט אויס דעם מוח,
סע נעהמט אַראָב דאָס פליייש פונ׳ם לייב, סע זויגט אויס דעם מאַרך
פון די ביינער, און סוף כל סוף בלייבט מען קבצנים, עניים ואביונים.
וואָס זשע טוט מען, ווי העלפט מען? דערצו איז דאָ נאָר איין רפואה:
געזונטע, עהרליכע אַרבייט, וואָס ברענגט רייכע פרוכט היינט און מע
דאַרף ניט ציטערן, אַז זי וועט זיך אויסלאָזען מ אָ ר ג ע ן. נאָר אין ערד־
אַרבייט איז איצט די יודישע גאולה, ניט אין יאָגען זיך נאָך אַנ׳איינגענער
מדינה, ווי איהר רעכענט. קאָץ! איהר, ברודער, פערשטעהט ניט ריכ־
טיג אונזער שטה, איהר ווילט מיט אַמאָל פערהאַפען צו פיעל, דערי־
בער מיינט איהר, אַז מע מוז פריהער מאַכען אַזוינע מורא׳דיגע הכנות:
זיך אויסלערנען פערשיידענע חכמות, זיך צוגעוועהנען צו מלוכה־פיהרונג,
זיך בעפרייען פון אַלערליי מיאוס׳ע מדות און אַזוי ווייטער. איהר ווילט
צו פיעל, דעריבער בלייבט איהר ביי גאָר ניט. וואָרום ממה נפשך:
אָדער די סבות פון אונזער פינסטערניש און אונזערע שלעכטע פיהרונ־
גען זענען ש ט ע נ ד י ג ע, זיי בלייבען כסדר, ווי זיי זענען איצט, וואָ־
רום מיר מיט אונזער איינענעם ווילען ק ע נ ע ן זיי ניט אָבשאַפען, און
ווער ס׳קען יאָ, דער ו ו י ל ניט, — איב אַזוי איז דאָך ניטאָ, וואָס צו
וואַרטען, אַז דער יוד אין גלות זאָל ווערען מעהר מענש, הייסט עס —
מיר דאַרפען נאָר ניט קיין האָפנונג אויף ווייטער; אָ ד ע ר סע וועט יאָ
קומען אַ גוטע שעה און עמיצער, ווער סע האָט די יכולת, וועט אָב־
שאַפען יענע ביטערע סבות, וועט דאָך דער יוד קענען לעבען בכבוד
דאָרט, וואו ער לעבט איצט און וועט פערשפּאָרען זיך שלעפען אין עק
וועלט. פערקערט: דעמאָלט וועט דער יוד נאָר פערגעסען אָן זיין

יודישקיים, ווי דער שטייגער איז פין אונזערע ברידער, אַז סע ווערט זיי אַביסעל גראַמער אין קאָפּ. ניין, ניין, קאַין! איהר זענט מיט אונז ניט מסכים נאָר דערפאַר, וואָס איהר פערשטעהט ניט גיט. וואָס מיר ווילען! מיר ווילען פראָסטע, פשוט'ע אַרבייט אין ארץ־ישראל. אָהן חכמות, אָהן קונצען. נאָר צוליעב דעם פאָהרען מיר אַהינצו. מיר ווי־לען איינפלאַנצען אונזער חברה אין דער דאָזיגער ערד, אין אַ מקום נאמן, מיר ווילען בעאַרבייטען די דאָזיגע ערד מיט אונזערע אייגענע הענד און לעבען דאָרט אַ חיים של שלום, חיים של ברכה, חיים של חלוץ עצמות, ווי אונזערע עלטער־עלטער־זיידעס האָבען געלעבט אין יענעם לאַנד. אונזער אַרבייט וועט אונז ניט נאָר אויסגלייכען אונזערע ביינער, פערהיילען די וואונדען פון אונזער גוף, זי וועט אויך אַריינגעבען נייע קרעפטען אין אונזער נשמה, זי וועט אויף אונז אויסגיסען אַ גאַנצען אוצר פון הייליגע געדאַנקען און טייערע זכרונות, זי וועט אומקעהרען דאָס האַרץ פון די קינדער צו זייערע עלטערען, פערבינדען דעם היינט מיט דעם מאָרגען, אַז אונזער היסטאָריע זאָל זיך ציהען ווייטער, אַז דער נאַציאָנאַלער געדאַנק זאָל לעבען און זיך וועבען אין דער מחנה ישראל; זי וועט פעראייניגען ביחודא שלימא דעם דת מיט דעם לעבען, אַזוי, אַז די תורה וועט זיין די נשמה פון די מעשים. און די מעשים— דער גוף פין דער תורה, און זיי וועלען לעבען איינס אין אַנדערען און איינס דורכ'ן אַנדערען, ניט אַזוי ווי אין גלות, וואו די ווערטער פערנעהמען דאָס אָרט פון מעשים און דאָס דאַוונען און לערנען און לייענען זענען געוואָרען אַ מיטעל צו מקבל זיין שכר. אָט דאָס ווילען מיר, איך און מיינע חברים, אָט צוליעב דעם פערלאָזען מיר אונזערע עלטערען, אונזער היים, אפילו אונזערע אוניווערזיטעטען, און געהען אַרבייטען אויף די בערג פון ישראל, אויסטרעטען אַ וועג פאַר אונזערע ברידער און ווייזען זיי אַ לעבעדיגען ביישפיעל. דאָס וויל אויך מיין חבר בנציון, זייט אויף אונז ניט ברוגז, רב ישראל, — קירעוועט זיך דער יונגער מאַן אוים צו רב ישראל'ן מיט אַ ליעבליכען שמייכעל, — מיינט ניט, אַז מיר זענען כופרים. מיר זענען יודען, געטרייע זיהן פון אונזער פאָלק, נאָר מיר ווילען ניט וויסען פון קיין סודות, פון הלכתא למשיחא. וואָס ס'וועט שפעטער זיין, דאָס ווייסט איין גאָט, מיר ווילען אָבער זאָרגען פאַר'ן היינט, פאַר דעם קיום פון אונזערע ברידער, ווי עס איז דער חוב פון יעדער לעבעדיגער בעשעפעניש.

„ער דרשנ'ט נאָר חריפות, ער איז, כ'לעבען, גערעכט", —

מדאַכט איך מיר, ווי דער מנהג איז ביי אונזערע לעווער, וואָס זיי לייענען אפּי יוצא זיין, הערען אוים אַלערליי מיינונגען, איינע אַ היפּך פון דער אַנדערער, און געבען זיך ניט אָב קיין דין וחשבון, וואָס עמיצער וויל. ביי זיי איז שטענדיג גערעכט דער לעצטער, ווער שמועסט נאָך דער. וואָס האָט אַ שאַרף צינגעל און קען יענעם דערגעהן ביז די לעבער מיט שטעכוויערטלעך און חכמה׳לעך, דער איז ביי זיי גאָר דאָס אייבערשטע פּינ׳ם שטייסעל און זיי האָבען פון איהם ווילד הנאה, ווי, אַ שטייגער, פון אַנ׳אָקס אַ גביר, וואָס האָט גענימען דעם אַנדערען אויף די הערנער אין צידק. איך האָב געחאַפּט אַ קוק אויף רב ישראל׳ן: ער האָט שטאַרק פערקריממט די נאָז און פערקנייטשט דעם שטערען, געשטאַנען עפּעס לאַי עליכם׳דיג, געקראַצט זיך אין דער באָרד און אין די פאית און געבאַכט מיט די ליפּען, ווי איינער, וואָס וויל עפּעס זאָגען און האָט ניט קיין ווערטער. נאָכדעם האָט ער אַ מאַך געטאָן מיט׳ן קאָפּ און אַ זאָג געטאָן:

— פוגדעסטיועגען... פינדעסטוועגען זענט איהר פאָרט כיפּרים און הפקר־מענשען, אָט וואָס! בעטראַכט זיך נאָר, וואו איהר האַלט! ביי אייך אַלע איז שוין אָבגעערדט איינמאָל פאַר אַלע מאָל, אַז אַ יוד איז טריף, אַז יודישע מדות טויגען אויף צעהן מויזענט כפּרות, אַז יודישע פּיהרעכצען זענען פּע, מאוס, פּאַסקודנע, לא יוצלח, טפו זאָלט איהר ווערען! ס׳איז דאָך אַ חילול השם! וואָרום באמת, וואו איז נאָך דאָ לייטישערס פון אַ יודען, עהרליכערס, כשר׳ערס פון אַ יודען? ווער טוט נאָך אַזוי פיעל מצות און מעשים טובים, ווי מיר, יודען? וואָס איז, אויב ס׳איז דאָ צווישען אונז שלעכטע, פערדאָרבענע, איינער צווישען טויזענט, זענען שוין אַלע, חלילה, פערפאַלען? וואָס איז, אַנדערע אומות זענען טאַקי כולו צדק, כלו קדש? ניין, ברידערלעך! מיר האָבען זיך מיט אונז ניט. וואָס צו שעמען, מיר האָבען ניט, וואָס צו פעריכטען! ווייסט איהר יאָ, וואָס אונז פעהלט? אַ גוטער מליץ יושר, אַ מענש מיט אַ צונג און מיט אַ פען, וואָס זאָל דערווייזען לפני העמים והשרים אונזער פיינקייט און פערשטאָפּען דאָס מויל יעדען שטן מקטרג. אָט וואָס מיר דאַרפען האָבען.

„יאָ, יאָ, רב ישראל, אַזאַ יאָהר זאָל איך האָבען, ווי איהר זענט גערעכט. אַ יישר כח אייך, וואָס איהר האָט זיי געגעבען דאָס קוויטעל — די דאָזיגע שנעקעס", — טראַכט איך מיר און קוק פון דער וויטענס אויף דער הב־ה. געדענקט האָב איך, אַז נאָך אַזאַ פסק וועלען זיי שוין

נאָר בלייבען אָהן לשון. האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזען, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות. רב ישראל'ס ווערטער האָבען זיי ערשט געגעבען אַ נייעם ענין צו שמועסען און טענה'ן און אַמפּערען זיך. איינער, דער דריטער, וואָס די איבעריגע האָבען איהם גערופען סעגאַל, האָט סוף כל סוף איבערגערעדט זיי אַלע. מ'איז ביסלעכווייז אַנטשוויגען געוואָרען און מ'האָט זיך צוגעהערט צו זיין היציגער דרשה.

— אויב אַזוי, — האָט סעגאַל געזאָגט, אומקעהרענדיג זיך צו אַ פריהערדיגען שמועס, וואָס איך האָב איהם, ווייזט אויס, פערהערט, — אויב אַזוי, מוז מען דאָך מודה זיין, אַז דאָס ליעגט שוין אין דער טבע פון אַ מענשען: אַזוי ווי יעדער איינציגער וואָלט אַ בעלן געווען זעטיגען זיין תאוה, ווען ער האָט חשק צו אַ נקבה, אַזוי וואָלט ער אַ בעלן געווען אויסגיסען אויף יענעם זיין כעס, ווען ס'איז איהם אָנגעזאַלצען אויפ'ן האַרצען. נאָר וואָס דען? אַזוי ווי אַ מענש איז ניט שטענדיג פריי צו ממלא זיין, ווען איהם ווילט זיך, זיין תאוה, נאָר ער מוז זיך איינהאַלטען, גובר זיין זיך אַליין צוליעב יענעמס כבוד און יענעמס גוטען נאָמען, אַזוי קען ער זיך ניט אַרויספּוואַרפען מיט זיין שנאה און מיט זיינע זידלערייען אויף יהיה מי שיהיה, וואָרום מ'וואָלט זיך פשוט ניט געלאָזט. ס'איז אָבער דאָ איין קלאַס מענשען, די אָרעמסטע, די דערשלאָגענסטע, די נידעריגסטע, וואָס זיי זענען שוין הפקר, פאַר זיי נעהמט זיך קיינער ניט אָן, אויף זיי קען דער בעל-תאוה'ניק, דער אויסגעלאָזטער שאַלטאַק, אויסגיסען זיי'ן תאוה, ווי זיין האַרץ גלוסט איהם, און זיי מעג דער כעסן, דער פערביטערטער מרה-שחורה'ניק, זידלען און שעלטען, וויפיעל ס'ווילט אין זיי אַריין, חאָטש זיי זענען גאָט די נשמה שולדיג. אַזוי איז אויך מיט די יודען. זיי זענען דאָס כפרה-הינדעל, דער אייביגער שעיר לעזאזל, אויף זיי שיט יעדערער אויס זיין פעקעל צרות: סיי די אומות העולם בכלל, ווען זיי רייסען זיך איינע מיט דער אַנדערער, סיי דער יחיד בפרט, ווען ס'איז איהם ביטער, פאַסקידנע אויף דער נשמה צוליעב אַ מכשול אין געשעפט, אין פרנסה, אין קהל'שע זאַכען און מאַלע אין וואָס סע קען זיך אַמאָל טרעפען אַנאומגליק. די יודישע פראַגע — דאָס איז דער ברייטער קאַנאַל, וואוהין סע געהען אַריין אַלע אומריינקייטען, מיסט און קויט און בלאָטע פון דעם מענשענ'ס נשמה. די דאָזיגע שטינקענדיגע וואַסערען גיסען זיך, פליצען, ווי דער שטייגער איז, פון דער הויך אין דער נידער, און כל זמן ס'איז דאָ אַזוינע מינ'ע פאַסקודנע שטראָמען — און ווערדליג

די טבע פֿון דעם מענטשענ'ס האַרץ, וועלען זיי זיך ניט אויסלאָזען איי־ בּיג — אין כּל זמן דאָס יודישע פֿאָלק וועט זיך געפינען אין דער נידער, וועט עס אייבּיג מוזען דיענען פֿאַר אַזאַ מין קאַנאַל צו די איבּעריגע פֿעלקער... יאָ, איך און מיינע חברים ווייסען אויך זעהר גוט, אַז יודען זענען ניט ערגער פֿון אַנדערע פֿעלקער. נאָר וואָס דען? די שפלות אונזערע מאַכט אונז מאוס. מיר זענען געגליכען צו אַ בּוים אָהן בּלעטער און אָהן צווייגען, — אַנ'אָבּל צווישען בּוימער. אונזער וואָרצעל איז אָבּער נאָך געזונד, אונזער שטאַם — זאַפֿטיג, פֿול מיט לעבּען. בּטבע זענען מיר גלייך, נאָר אונזערע צרות און אונזערע וועהטאָגען האָבּען אונז אויסגעקרימט; צוליעב זיי איז נישטאָ קיין סדר אין אונזערע קהל'שע זאַכען, נישטאָ קיין נחת און קיין בּרכה און הצלחה אין אַלע אונ־ זערע געשעפֿטען. אפילו אַ פּושע ישראל זינדיגט ניט צוליעב זיין בּייזען ווילען, נאָר די נויט בּרענגט איהם צו חטאים. ניט פֿערענטפֿערען זיך דאַרפֿען מיר, ניט קיין מליץ יושר איז אונז נויטיג, וואָרום דאָס שפּעלע איז שטענדיג שולדיג דערפֿאַר טאַקי, וואָס ס'איז אַ שפּעלע. מיר, יודען, זאָלען אפילו זיין ריין, ווי דער געפֿאַלענער שניי. וועט מען אויך אין אונז געפינען אַ פֿלעק. ניין, מיר אַליין דאַרפֿען דערקענען אונזער אייגענעם כּבוד, מיר אַליין דאַרפֿען זיך אויפֿהויבּען אויף אַזאַ מדרגה, אַז קיין שום רגזן, קיין שום פֿערבּיטערטער כּעסן זאָל צו אונז ניט קענען אויסלאָזען זיין האַרץ. אויפֿהויבּען זיך אָבּער אויף אַזאַ מדרגה איז מעגליך נאָר דאַן, ווען מיר וועלען שטעהען אויף דער ערד, ווען די ערד וועט ניט ציטערן אונטער אונזערע פֿיס, ווען מיר וועלען עסען די פֿרוכט פֿון אונזער אַרבּייט און וועלען פֿערשפּאָרען וואַרטען אייף שיריים פֿון פֿרעמדע טישען, קוקען אייף יענעמס מינע, אויף יענעמס וואונק, פֿער־ שוואַרצט און פֿערוואָגעלט און מבוזה ווערען פֿאַר'ן טרוקענעם שטיקעל בּרויט. קיום התורה איז מעגליך נאָר דורך אַרבּייט, דאָס ליכט פֿון דער שכינה וועט שיינען אויף אַ געזונטען גוף. דורך ישוב ארץ ישראל וועט אין אונז אַריין אַ נייע לעבּען — אָט דאָס איז אונזער וואונש, ווי איך האָבּ אייך געזאָגט פֿון אָנהויבּ אָן. די ליעבּע צו אונזער פֿאָלק ישראל בּרענט ווי אַ פֿייער אין אונזער האַרצען און זי אַליין בּעלייכט אונז דעם וועג אַהין. קדימה! — און איהר, רבּ ישראל, אייך זאָג איך מיט'ן גאַנצען האַרצען: שלום! איך שטעה פֿאַר אייך מיט כּבוד און מיט ליעבשאַפֿט און מיט אַ ווייך געמיט, ווי אַ געטרייער זוהן, ווען ער געזעגענט זיך מיט זיין געליעבּטען פֿאָטער. זיי געזונט.

טייערער פאָטער. גיב אונז דיין ברכה אויפ'ן וועג — מיר און מיינע חברים — אַז מיר זאָלען קומען בשלום אין אונזער אַלטער היים!...

איך דערזעה פלוצלונג אַ זעלטען בילד, אַ הייליג בילד, פול מיט געטליכער שענקייט, אַ בילד, וואָס מאַכט צוגעהן דאָס האַרץ און דערהויבט די נשמה און רופט אַרויס זיסע טרעהרען אויף די אויגען. ווער ס'האָט ניט געזעהען דאָס בילד מיט די מענשען מיט דעם האַרציגען חן, וואָס איז געווען אויסגעגאָסען אויף זיי, דער האָט ניט געזעהען קיין שענס! אַלע שטעהען און קוקען, פערזונקען אין אַ שטילען טרויער; אַ ליעבע פריינדשאַפט, אַ צניע'דיגער רחמנות האָט אויסגעשפרייט אויף זיי איהרע פליגעל; זיי שטעהען און קוקען איינער אויפ'ן אַנדערן און שווייגען. אָבער די הערצער רעדען אַזוי פיעל... וואונדערבאַרע געדאַנקען, טייערע געפיהלען ווערען געבוירען אין דער דאָזיגער הייליגער מינוט. שטילער! אַוועק, איהר אַלטע, פינסטערע צייטען! צוויי דורות האָבען זיך דערלאַנגט די הענד, יונג און אַלט האָבען געשלאָסען אַ פערבאַנד, איין נשמה רעדט מיט דער צווייטער. שלום, ברידערשאַפט. ליעבשאַפט צווישען אַלע. דעם אַלטער ישראל איז ניט צו דערקאָנען: ער שמייכעלט פאַר נחת, גרייזעלט די פאות, שאָקעלט-צו מיט'ן קאָפּ צו די יונגע, ווי איינער רעדט: אַזוי, קינדערלעך, האָב איך אייך ליעב. — איך ווער אייך שטאַרק נתפעל, איך טו זיך אַ דרעה, אַ שאָקעל, מיין בעטעל דערפיהלט און לאָזט אַרויס אַ סקריפּ מיט אַ קוויטש מיט אַ ברומעריי, אַז ס'עס הילכט אַזש אין די אויערען; איך שפּרינג אַראָב און געה צו צום טיש אַ צודרעהטער, אַ פערטומעלטער, ווי איינער, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אויפגעכאַפּט פון'ם שלאָף.

— שלום עליכם, רבי מענדעלע! — זאָגט צו מיר ר' ישראל מיט אַ שמייכעל און שטעלט מיך פאָר דער קאָמפּאַניע. — איהר זעהט, קיין עין הרע, געשלאָפען זעהר געשמאַק, האָט זשע קיין פאַראיבעל נים, וואָס מיר האָבען אייך אויפגעוועקט מיט אונזער שמועס. און בדיעבד, אַז איהר זענט שוין דאָ, וועלען מיר אייך פרעגען, ווי מע פרעגט אין אַ כפר הגורלות: זאָלען מיר געהן קיין ארץ ישראל?

— צו וואָס?.. נאָך וואָס?... — ברום איך האַלבע ווערטער, ווי איינער, וואָס הערט אַ משונה'דיגע נייעס און סע לעגט זיך איהם ניט אויפ'ן מוח בשום אופן. און אמת'ן האָב איך זעהר גוט פערשטאַנען, וואָס מע רעדט און ס'האָט זיך מיר נאָך לכתחילה געלעגט אויפ'ן מוח. א"א וואָס דען? אַזוי איז די טבע פון אַ תלמיד-חכם: אַז יענער זאָגט

יאָ, זאָל ער זאָגען ניין, אַז יענער איז מתּיר, זאָל ער דוקא אַסר'ן, אַז יענער זאָגט: ס'איז אַ שרץ, זאָל ער דעם שרץ מטהר זיין בק"ן טעמים, חאָטש ער ווייסט זעהר גוט, אַז יענער איז גערעכט, אַז אַ שרץ איז פאָרט אַ שרץ. דערפון נעהמען זיך דאָך ביי א: קריגע און רייסעניש'ן, פלפולים און וכּוחים און דין־תּורות אָהן אַנ'עק און אָהן אַ סוף. דער דאָזיגער מנהג פון אונזערע תּלמידי־חכמים איז ביי מיר הייליג און איך מרעט פון איהם קיינמאָל ניט אָב.

— אָהן טענות, רב מענדעלע! — זאָגט רב ישראל. — איך בין איצט ווי אַ חכם, איך וויל ניט קיין חקירות מיט טענות מיט פּירושים. פערשטעלט איהר זיך אויך אויף איין מינוט פאַר אַ תּם און זאָגט אונז אַ פּסוק, אַ וועלכען ניט איז, וועט דאָס זיין ווי אַ שטיקעל נבואה אין דעם ענין, וואָס מיר זענען אין איהם דאָ עוסק.

— צדקה עשׂה הקדוש ברוך הוא עם ישראל, שפּזרם בין אומות העולם! — זאָג איך אַ מאמר פון אונזערע חכמים און מאַך זיך כּלא ידע, אַקוראַט ווי דאָס האָט זיך ביי מיר אַרויסגעהאַפּט אומגערן; אין אמת'ן האָב איך פריהער אַ טראַכט געטאָן, וואָס צו זאָגען: אַזוי זענען זיך ביי אונז נוהג פרומע, כּשר'ע יודען. וואָס אַ קוק טאָן אויף זיי — קענען זיי, דאַכט זיך, קיין צוויי ניט צעהלען, רעדען נאָר כּמשיח לפּי תּומו, אין האַרצען זענען זיי אָבער גרויסע רמאים און גאָט'ס גנבים.

— עס! דער וויל אונז גאָר פערדרעהען דעם קאָפּ מיט אַ אַגדתא, — האָבען יענע אָנגעשפּערט. — אַ אַגדתא איז קיין בעוויין ניט. רעדט בעסער קלאָרע דבורים.

— אדרבא, — חאַפּ איך זיך דוקא אָן פאַר דער אַגדתא מיט הענד און מיט פיס, ווי אַנ'אמת'ער תּלמיד חכם, וואָס מוז זאָגען פערקעהרט, — אדרבא, קוקט זיך צו, וואָס פאַר אַ חלוק סע איז צווישען אַ שכן און אַ בעל־הבית. אַז עמיצער וויל בויען אַ דירה אין אַ שטאָדט, ווערט ער גענוג פערשוואַרצט און פערפינסטערט, איידער ער זעהט זי אַ פאַרטיגע: ער לעגט אַריין אי אייגען געלט, אי פרעמדס, ער פערזעצט זי אין באַנק, ער צאָהלט פּראָצענט; ער היט זי טאָג ווי נאַכט פאַר אַ שׂרפה און פאַר יעדער פּגע רע: היינט האָט זיך אויסגעקרימט אַ וואַנד, מאָרגען רינט פונ'ם דאַך; ער האָט צו זינגען און צו זאָגען מיט די שכנים, מיט די מאַנערס פון טשינש, מיט די דוואָרניקעס, מיט די קוימען־קעהרערס, מיט די מעשענע קנעפּלעך, וואָס זענען ממונה אויף ריינקייט, און מיט טויזענדער אַנדערע שלעק. ער דערעסט ניט, דערי-

פלאָפּט נים, האָט אַ פולען קאָפּ מיט דאגות, — און דער סוף לאָזט זיך אויס, אַז וואוינען וואוינט ער ערגעץ אינ'ם. אונטערשטען גאָרען ביי אַל די שוואַרצע יאָהר, און דער שכן, וואָס דער קאָפּ האָט איהם אויף דער שטיב קיינמאָל נים גערעט, קוממ אויפ'ן פּאַרטינגען, בעצאָהלט די עטליכע קלינגערס און זיצט זיך בהרחבה אין אַ שענער, ריינער, ליכטינגער דירה, וואו איהם געפעלט. אַזוי איז אויך מיט די יודען.
דער רבונו של עולם האָט פון אָנהויב אָן אַרויסגעזעהען, אַז ס'וועט זיין שווערע מלחמות צווישען די פעלקער פאַר יעדער שפאַן ערד, אַז מע וועט זיך בייסען און רייסען און קריכען איינער דעם אַנדערן אויפ'ן קאָפּ און מע וועט דאַרפען מיליאָנען סאָלדאַטען און ביקסען און האַרמאַטען און געלד אָהן אַנ'עק, כדי מע זאָל ביישטעהן אַנטקעגען שונא. נו, און די יודעלעך זענען דאָך שטענדיג געווען אַ קליין פאָלק, אַ פיצעל, אַ ברעקעל, ווי אין פסוק שטעהט: עם קטן בגוים, היינט ווען זיי בלייבען, אַשטייגער, אויף זייער ערד, וואָלטען זיי דאָך געהאַלטען אין איין ציטערען פאַר די גרויסע, די לויתנ'ס צווישען די פעלקער: מע וואָלט אָהן רחמנות געטרעטען זייערע פעלדער, געמאַרשירט איבער דעם קליינעם מדינה'לע, דער אַהין, דער אַהער, און דער סוף וואָלט זיך אויסגעלאָזט, אַז עמיצער וואָלט עס חרוב געמאַכט און ס'וואָלט פון די יודען נים געבליבען קיין זכר אויף דער וועלט. וואָס טוט גאָט? גרייט ער אָן די רפואה פאַר דער מכה: ער נעהמט און פערטרייבט די יודען בייצייטענס פון זייער לאַנד און זעצט זיי אַריין אין שכנות ביי די אומות העולם... טיטוס האָט נים פערשטאַנען, אַז די יודישע מפלה — דאָס איז זייער נצחון, און אַז זיין נצחון איבער יהודה איז גאָר אַ מפלה. טיטוס האָט זיך נים אויסגעמאָלט, ווי פון רוים וועט ווערען אַ חורבן... אַ לויתן האָט געוואָלט חאַפּען פלאָטיצעס — און איז אַליין אַריין אין דער נעץ.

— זענט איהר זיך, הייסט עס, מיאש פון דער גאולה? — חאַפּט מיך ר' ישראל ביי'ם וואָרט. — איז שוין נאָר אויס משיח, נאָך אייערע רייד, און די יודען וועלען שוין קיינמאָל נים קומען אַהיים?

— חלילה, ווער זאָגט דען. איך גלויב אַודאי בביאת המשיח, נאָר ווען וועט דאָס זיין? ווען די וועלט וועט בעקומען גאָר אַנ'אַנדער צורה, ווען ס'וועט נים זיין קיין מלחמות, קיין בלוט-פערגיסונג און אַלע מענשען וועלען ווערען גוט און פיין, ווי דער נביא זאָגט, דעמאָלט וועלען די פעלקער זיך לעבען בשלום ושלוה, יעדער־ער ביי זיך אויף דער

ערד, און דעמאָלט וועט נאָט אויך צונויפקלייבען די גולי יהודה און בעזעצען זיי אויף זייער אַמאָלינער נחלה.

— די נביאים האָבען נביאות געזאָגט אויף משיח'ס צייטען, — ריפט זיך אָן איינער פון דער חברה, — און מיר ווילען אַרבייטען איצט, ווי פּשוט'ע מענשען. איהר זענט נעשלאָפען, רב מענדעלע, האָט איהר נים געהערט, וואָס מיר האָבען גערעדט. יאָ, מיר ווילען בעאַרבייטען די ערד פון אונזערע אבות און עסען בכבוד אַ שטיקעל ברויט. איהר זענט גערעכט, רב מענדעלע: מיר זענען שכנים, אָבער שכנים איינגע־בעטענע, און דערצו נאָך גרויסע עניים, דלפנים. קיין פּרנסה איז ניטאָ, און דער בעל־הבית שטעהט איבער'ן קאַרק און יאָגט פון דער דירה; וואָס טויג איהם שלעפּערס, קבצנים, וואָס מעהרען זיך אין ענגשאַפט און אין בלאָטע? אַנ'עק! מע קען פון דער לופט שוין נים לעבען, ניטאָ שוין קיין כח, ניטאָ קיין געלט.

— יאָ, אויב פּרנסה... איז גאָר אַנ'אַנדער מעשה... — ענטפער איך מיט אַ מאָדנע טרויעריגען נגון, וועלכער הויבט זיך אָן נידעריג און ווערט אַלעמאָל העכער, ביז ער ענדיגט זיך מיט אַנ'אָבגעריסענעם שאַר־פען קוויטש, — דער געוועהנליכער נוסח פון אַ יודען, וואָס האָט דער־הערט אַ נייעס און איז געוואָרען שטאַרק נתפּעל. איך דערמאָן זיך מיין איינענעם מצב: דאָס געלד פערלוירען, אַליין אויסגעמוטשעט, אויסגע־האָרעוועט, ניטאָ קיין גאַנצער אבר. די פּרנסה — קיים־קיים וואָס מע שלאָגט זיך דורך. יאָ, ביטערע צייטען. אַ שווערער זיפץ רייסט זיך אַרויס ביי מיר פונ'ם האַרצען, און די חברה פערשטעהט דוקא, וואָס סע בעטייט אַזאַ זיפץ, און מע נעהמט איהם אָן פאַר אַ הסכמה צו זייערע פריהערדיגע שמועסען. מע הויבט מיך אָן אויספרעגען, ווער איך בין, פון וואַנען, וואָס איז מיין פּרנסה. איך דערצעהל, אַז איך האַנ־דעל מיט השכלה־ספרים, — איך האָב מיט אַ כיון געזאָגט השכלה־ספרים און נים ס ת ם ספרים, ווייל איך האָב געמיינט, איך וועל דורכדעם נושא חן זיין אין זייערע אויגען, — איך גיב אָבער אַ קוק: עפּעס פער־דרעהען זיי מיר שטאַרק די נעז, ווי איינער רעדט: נאַרישקייטען, נים ווערט אַ שמעק טאַבאַק. פערדריסט מיך: פ'טייטש, מיר זענען שוין עפּעס גאָר איבעריג: איך, די ספרים, די יודישע מחברים? וואָס הייסט? ביי דער חברה, ווערדליג איך פערשטעה, וואָלט איך געווען אַ כך אַ גרע־סערער חשוב, ווען איך האַנדעל, אַשטייגער, מיט שמאַטעס! פע!

— חדושים נפלאים. זאָג איך מיט אַ בעהאַלטענעם כעס, — ווי

מענשען בייטען זיך דאָס היינטיגע צייטען! אמאָליגע יאָהרען איז בּיי אַזוינע ווי איהר, יונגע לייטלעך אָהן פאות און מיט קירצע רעקלעך, ניט געווען קיין העבערס, ווי די השכלה. אַי, השכלה, השכלה, האָט מען געהערט און אַלע זייטען, די השכלה וועט אויסלעזען די יודען פון אַל דאָס בייז, די השכלה וועט זיין אַ רפואה צו אַלע מכות־בכורות. פאַר דער השכלה פלעגט מען זיך שניידען ביז׳ן בלוט אַריין מיט דעם אלטען דור, פאַר דער השכלה פלעגט מען ליידען גלות, אַנטלויפען פון טאַטע־מאַמע, פון שוועהר און שוויגער, זיך וואַלגערען ערגעץ אין דער פרעמד, ניט דערעסען, ניט דערשלאָפען, — וואָס איז? מען לערענט! ווער ס׳איז ניט אַרויסגעגאַנגען לתרבות רעה בפרהסיא, פלעגט זיך איינשטעלען דאָס לעבען און לערנען בגנבה אין קעלער, אויפ׳ן בוידעם, אין אַ לאָך, אין אַ פוסטקע. אַזוינע בעהאַלטענע צדיקים פלעגען פון מיר שטאַרק אָנקיועלען; וואווהין איך פלעג נאָר קומען מיט׳ן פערד און וועגעלע, איז געווען שמחה וששון ליהודים. גרויס און קליין איז צו מיר גע־אָפען, גערעדט מיט מיר, זיך נעפרעגט אויף ספרי חכמה, אויף מליצה, אויף שירים: רב מענדעלע, וואָס הערט זיך אין דער ליטעראַטור? רב מענדעלע, וואָס הערט זיך מיט לשון? רב מענדעלע, וואָס האָט איהר אונז געבראַכט עפּעס נייעס? און מע פלעגט זיך צונויפלעגען צעהן מענשען, און קויפען איין מליצה־ביכעל און לייענען מיט פערגעניגען, מיט התלהבות, מיט אַ ברען און פאָססאַקעווען יעדעס וואָרט און לעקען די פינגער. היינט... היינט איז אַנ׳איבערגעקעהרטע וועלט — משכילים זאָלען פיינט האָבען השכלה! איך, מענדעלע, מיט מיינע ספרים בין ניט ווערט ביי זיי אַ פעטרישקע. ניין, ניין, מיך וועט איהר ניט נאַרען: איך פערשטעה זעהר גוט, וואָס סע בעטייט אַייער דרעהען מיט די נאָז... היינט, היינט, היינט...

— איך וויל נאָך ווייטער ריידען, מוסר׳ן דעם עולם, נאָר סע פערשלאָגט מיר דעם אָטעם פאַר האַרצוועהטאָג, און איך קען מעהר ניט אויסריידען קיין וואָרט, אַקוראַט ווי סע וואָלט זיך מיר געשטעלט אַ ביין אין האַלז.

— היינט, וואָרט, איך וועל אייך זאָגען, וואָס ס׳איז היינט! — איז בנציון אויפגעשפרונגען, ווי אַנ׳אָבגעבריהטער. — היינט זעהען מיר, אַז דער עיקר איז אַ ר ב י ט! היינט פערשטעהען מיר, אַז דער פריהערדיגער מוח האָט געלעבט אין טעות, ניט קענענדיג אונזער פאָלק, ניט וויסענדיג, וואָס איהם פעהלט. זיי האָבען געהאַלטען די יודען פאַר

ווילדע ברואים, פאַר פראים; נאָך זייער נאַרישען שכל איז אויסגעקומען, אַז דער יבער איז דאָס יודישע מזל אַזוי ביטער, האָבען זיי געהאַלטען אין איין שרייען: השכלה, השכלה!... איצט וויסען מיר, אַז ניט פון השכלה ועט זיך צו אונז נעהמען די גאולה. אונזער אומגליק איז דער דלות, די שפלות, די געפאַלענקייט, די ניעדעריגקייט אי ביי זיך אין די אויגען, אי ביי יענעם. אונזער איינציגע רפואה איז — ערד-אַרבייט. היינט וויסען מיר, אַז מ צ י ו ן תצא ישועת ישראל! השכלה-ספרים קענען אינז העלפען, ווי דער נעכטינער טאָג.

רב ישראל קוקט אויף בנציונ'ען אין שיינט, ווי איינער רעדט: אַז וואייל איז די אויערען, וואָס הערען אַזוינע טייערע רייד! איך בעטראַכט אייך דעם נפש און זאָג מיר: וואָס וועל איך געהן מיט דיר טענה'ן, אַז אַ ייד קען אַנדערש ניט! הויבט ער איינס אויף, מיז ער אַלע אַנדערע אַראָבוואַרפען אין שאול תחתיה. אַ יודען איז ווייניג, וואָס סע געפעלט איהם אַ זאַך, נייז — ער מיז נאָך דערוויזען באותות ומופתים, אַז אַלע אַנדערע זאַכען פון דעם אייגענעם מין זענען בלאָטע שבבלאָטע. אַ חסיד וועט זיך לעגען אין דער לענג און אין דער ברייט צו איינריידען דיר, אַז זיין רבי איז דער איינציגער אמת'ער רבי. אַ משכיל, להבדיל, וועט מיט דעם אייגענעם אימפעט דיר טענה'ן, אַז אַחוץ זיין צדיק איז ניטאָ קיינער. נאָך מעהר: אַ ייד האָט משונה הנאה, ווען ער קען עפּעס מבטל זיין, זאָל זיין אפילו זיך אַליין, זיין אייגענעם כבוד. ניטאָ ביי אַ יודען קיין גרעסער פערגעניגען, ווי אויסטאָן זיין צורה, וואָס ער האָט זי בירושה פון זיין טאַטען, ניטאָ קיין גרעסערע שמחה, ווי אַנ-אפיקורס, אַז ער איז כופר בעיקר און זאָגט: הכל הבל!

— האָט קיין פאַראיבעל ניט, -- האָט זיך קאַין אַריינגעמישט אין די רייד, — מאַכט ניט אַזוי אַוועק מיט דער האַנד די השכלה און דעם גאַנצען פריהערדיגען דור! ס'איז נאָר ניט אזוי פראָסט, ווי אַייך דאַכט זיך. אמת, ס'איז היינט דאָ אַסך אַזוינע, אי ביי אונז, אי ביי אַנדערע פעלקער, וועלכע פרעגען שאלות אויף דער השכלה. ביי זיי קומט אויס, אַז די השכלה, די ציוויליזאַציע, האָט געבראַכט אַ סך שלעכטס אויף דער וועלט: מענשען יאָגען זיך היינט, מעהר ווי אַמאָל, נאָך תענוגים, נאָך כבוד, נאָך רייכקייט, בענשען ווילען הערשען איינער איבער דעם אַנדערען, סע שטאַרקט זיך די קנאה, די תאוה; בעסער וואָלט געווען, זאָגען זיי, ווען דער מענש וואָלט זיך אומגעקעהרט צו דעם מצב פון פאַרצייטען, ווען די וועלט וואָלט געלעבט ווערליג דעם נאַטירליכען סדר העולם. נאָר זאָלען

ווי דרשנ׳ען, וואָס זיי ווילען: השכלה איז אַ חוב אויף יעדען מענשען, וואָס טראָגט אויף זיך דעם צלם אלהים. אָהן השכלה איז ניטאָ קיין פער־שטענדליכע אַרבייט, ניטאָ קיין טאַלאַנט, קיין רעכטער מייסטער, קיין קינסטלער, ניטאָ קיין דרך ארץ, קיין עהרליכקייט, קיין מוסר, קיין גע־רעכטיגקייט, קיין גאָט אין האַרצען; אָהן השכלה איז דאָס לעבען נאָר צוליעב׳ן גוף. די פערגעניגענס זענען אומגעלומפּערטע, נידעריגע, גראָבע, פערקעהרט, וואָס מעהר השכלה, איז איידעלער דער גוסט, וואָס איידעלער ס׳איז דער גוסט, פיהלט מען מעהר דאָס שענע און דאָס געהויבענע, וואָס מעהר מע פיהלט דאָס שענע און דאָס געהויבענע, האָט די נשמה מעהר פערגעניגען, וואָס מעהר פערגעניגען די נשמה האָט, איז דער מענש גליקליכער, לעבט ער אַנ׳איידעלער לעבען, אַ געבענשטער לעבען. — מיר, בשר ודם׳ס, האָבען איבער זיך אַ שטאַרקען יצר הרע, וועלכער מאָנט ביי אונז די הצטרכות׳ען פון אונזער גוף און רעדט אַיין יעדען איינ־ציגען: האָב הנאה. מענש, די וועלט איז בעשאפען געוואָרען נאָר צוליעב דיר, אַנדערע קעהרען זיך מיט דיר ניט אָן. ווי האַלט מען מלחמה אַנט־קעגען איהם? מע פאָלגט דעם פּ ע ר ש ט א נ ד, מע פיהרט זיך מיט דער מרה פון י ו ש ר, וועלכע ווערט ביי׳ם מענשען מיט דער צייט אַלעכאָל שטאַרקער און לערענט איהם צו בעהערשען זיך אַליין, צו ברעכען די איינענע תאוה צוליעב יענעם. צוויי קרעפטען, הייסט עס, וואויגען אין אונז, האַלטען איינס מיט׳ן אַנדערען מלחמה פון דורות אָן. די היסטאָריע לערענט אונז, אַז דאָרט, וואו ס׳איז דאָ מעהר השכלה, איז גובר דאָס גוטע און דאָס שענע, דאָרט וואו די השכלה פאַלט, בעקומט דאָס שלעכטע און דאָס מיאוס׳ע די אויבערהאַנד. אַזוי איז געווען ביי אַלע פעלקער, אין אַלע צייטען. נים מעהר, ס׳איז אין יעדען כלל פאַרהאַן אַ יוצא מן הכלל. אין אַ שלעכטען, נאַרישען דור וועט איהר אַמאָל געפינען גוטע, אויפגעקלעהרטע יחידים, אין אַ קלוגען דור בעגעגענט איהר פּוסטע, נאַ־רישע מענשען. ניטאָ אָזא משכיל, וואָס זאָל ניט פערמאָגען אין זיך אַבי־סעל נאַרישקייט, און ס׳איז דאָ אַזוינע, וואָס פערמאָגען מעהר נאַרישקייט ווי חכמה; אַזוינע זענען אויפגעקלעהרט נאָר לפנים, אין האַרצען זענען זיי שוטים גמורים. דאָס זענען די שאָטענס, וואָס איהר געפינט אין יעדען ליכט; דאָס זענען די בייזע פלינען, וואָס פער׳מיאוס׳ען זייער דור. כל זמן זיי האָבען קיין מאַכט ניט, זענען זיי נאָר מיאוס פאַר זיך, ניט מען זיי ממשלה איבער אנדערע — פערפאַסקודען זיי דאָס גאַנצע לעבען... אונזער פאָלק, אַנ׳עם תורה ודעת, פערמאָגט זיין איינענע השכלה שוין

פון טויזענדער יאָהרען; די השכלה האָבען מיר בעקומען פונ'ם בארג סיני, זי שטעהט פערשריבען אין אונזערע אַלטע הייליגע ספרים. אין די ווערק פון אונזערע בעריהמטע חכמים און גדולים. אונזערע עלטערען האָבען זי איבערגעגעבען פון דור צו דור זייערע קינדער. נאָר וואָס דען, ס'זענען געקומען שווערע צייטען, מיר האָבען געוואַנדערט אין גלות פון לאַנד צו לאַנד, געליטען צער און בזיונות, זענען מיר געוואָרען פערפינסטערט, געפאַלען אַלע מאָל נידעריגער, פערגעסענדיג אונזער ח כ מ ה, אונזערע וויסענשאַפטען, דעריבער האָט די ת ו ר ה אויך ביי אונז אָנגעוואוירען איהר אַמאָליגען חן. לאַנגע יאָהרען האָבען יודען געלעבט אָהן קענטעניששען, אָהן אַ שפּראַך, אָהן כבוד, אָהן לייב און לעבען, ביז ס'האָט זיך בעוויזען פריהער מיט אַ דור די זון פון דער השכלה אויף דער וועלט און האָט בעלויכטען די ערד און די מענשען מיט איהרע ליעבע שטראַהלען. האָבען אונזערע ברידער געזאָגט: לאָמיר אויך געניסען פון דעם ראָזיגען ליכט, וועלען פעהילט ווערען אונזערע וואונדען, וואָרום אַז די גאַנצע וועלט וועט ווערען גוט און פיין, וועט אויף אונז אויך קומען אַ ישועה. און מיינט ניט: דאָס איז ניט געווען קיין פוסטע פאַנטאַזיע, קיין נאַרישער חלום. אַזוי וואָלט ג ע ד אַ ר פ ט זיין על פי דרך הטבע, דערצו פיהרט די היסטאָריע פון דער וועלט, אַזוי האָבען נאָך צוגעזאָגט אונזערע נביאים, און די אַלע האָפנונגען וואָלטען אַוודאי מקויים געוואָרען, ווען ניט...

דאָ האָט זיך קאַין שטאַרק פערהיצט, און אַזוי ווי ער האָט דערביי ניט אויפגעהערט צו ריידען, האָרחלענדיג און שלינגענדיג די ווערטער, האָב איך ניט געקענט האַפּען, וואָס ער זאָגט, ביז ער האָט זיך אויסגעהוסט און האָט ווייטער אָנגעהויבען ריידען קלאָרע דבורים:

... האָבען די יודען אויך געטוועט זיך אומקעהרען צו זייער פריהערדיגען מעמד... איצט, אַז די יאָהרען זענען שלעכט, קיין צייט איז ניטאָ, צרות וואַקסען אויפ'ן פּוד און פון דער האָפנונג איז געוואָרען אַ טייך, — איצט זידעלט מען די אַמאָליגע משכילים, איצט שיט מען אויף זיי שוועבעל און פעך! פרעגט, ווער זידעלט? יונגע לייט, וואָס האָבען צו פערדאַנקען דעם פריהערדיגען דור אַלצדינג, וואָס זיי פערמאָגען: אי זייערע געדאַנקען, אי דאָס געפיהל פון כבוד צו זיך אַליין, אי זייערע פלענער! יונגע לייט, וואָס ווען נישט די ערשטע משכילים, וואָלטען זיי נאָר ניט געקענט ריידען אַזוינע ווערטער ווי איצט, וואָלטען זיי נאָר ניט געהאַט אַזוינע השגות, וואָרום זיי וואָלטען געווען בלינדע מענשען, בהמות, וואָס האָלטען נאָר ניט געפיהלט, אַז זיי איז שלעכט און וואָלטען נאָר ניט גע-

זוכט קיין רפואה צו זייערע מכּות, נידעריגע בּרואים, וואָס וואָלטען געלעגען אין דער קרענק און געשוויגען, צו אונזער גרויסער חרפּה, ווי דאָס איז געווען אַמאָליגע יאָהרען! — אויב מיר זעהען היינט, אַז עפּעס וואַקסט, זאָלט איהר ניט פערגעסען, אַז געזייהט האָט מען עס פריהער: דאָס קערענדעל האָט געמוזט צופאַלען ווערען אין דער ערד, די שאָלעכץ האָט געמוזט ווערען פערפוילט, כּדי ס'זאָל זיך בּעווייזען דער תּוך, כּדי די פלאַנצונג זאָל אָנהויבּען וואַקסען און בּליהען און בּרענגען פרוכט. זאָלען דאָס געדענקען אונזערע יונגע און זאָלען זיי ניט זידלען זייערע עלטערן היינט, ווען אַלצדינג ווערט צופאַלען!... נו, אַ גוטע נאַכט אייך, ליעבּע פריינד, דאָס ליכט געהט שוין אויס. סע ווערט פינסטער און מיר אלע זענען שלעפעריג! איך געה שלאָפען, לעגט זיך אייך און גאָט זאָל אייך העלפען, איהר זאָלט זעהען גוטע חלומות אויף אייך און אויף כּל ישראל...

ס'איז שטיל... מע שלאָפט. סע הערט זיך אַ חראָפּען פון אַלע זייטען. די נעזער פייפען, פּישטשען, זינגען אויף אַ זמר, און בּיי מיר פליהען די געדאַנקען אין קאָפּ און לאָזען מיך ניט שלאָפען. סע געהט דורך פאַר מיינע אויגען די היסטאָריע פון די יודען: אַלץ קלאָג און געוויין, תּעניתים און געשרייען, צרות און שלעק, שפּאָט און שאַנד און צאָרען און צער און אַלע מינ'ע וועהטאָגען און וויסטע בּהלות, הונגער, פוילקייט, צונויפגעלענטע הענד, פערמאַכטע אויגען, קלעפּ און פּעטש און קולאַקעס — און שטענדיג געבּיקט זיך, געפאַלען אויף די קניע, געקראָכען אויף אַלע פיער, געבּעבּעט פּוסטע ווערטער, געחאַפּט מיט די הענד דעם ווינד, געשטויסען וואַסער אין אַ שטייסעל, געטריבען רכילות, געפיהרט פּליאָטקעס, גע'רודפ'ט מיט שנאה און מסירות, געטאָן לשם שמים אַלערליי רשעות... און פון דער אַנדערער זייט דערמאָן איך זיך די קאָמפּאַניע און די שמועסען פון היינטיגען אויפדערנאַכט, זייער חברה, זייער ציעל, זייער פעסטקייט, זייער חשק צו אַרבּייטען, און מיין האַרץ זאָגט מיר: גבּורים, מענדעלע, שטעהען אַרום דיין געלעגער! — —

די נעזער קוויטשען, פּישטשען, זינגען, און איך דרעה זיך פון איין זייט אויף דער אַנדערער, קלעהר מיר און טראַכט וועגען יודישער היסטאָריע, יודישע פיהרונגען, יודישע נענג, און איך האָב געקלעהרט אַזוי לאַנג, בּיז מיינע געדאַנקען זענען געוואָרען צומישט, און קאָפּ האָט מיר אָנגעהויבען רוישען, ווי אין אַ מיהל... איך הער, סע דונערט אינדרויסען. סע בּליצט און סע רעש'ט, ווילדע קולות, געוואַלדען, געשרייען פליהען

אין דער לופטען, הינט בילען, דער ווינד ברומט און וואָיעט און קלאָגט
— איך פֿאַל, ווי אין אַנ׳אָבגרונד און פערגעס אַלצדינג... אַז איך כאַפּ
זיך אויף, איז אויף מיר שוין גאָר אַ נייע הויט. איך געדענק נים, וואָס
פריהער איז געוועזן, אַקיראַט ווי איך האָב גאָר פריהער נים געלעבט,
אַקיראַט ווי איך בין גאָר וואָס בעשאַפען געוואָרען אין מיין איצטיגער
געשטאַלט: איך בין אַ קליין בעשעפענישעל מיט אַ האָריג פעלכעל, מיט
קורצע פיסעלעך און אַ קורץ וויידעלע. איך ליעג מיר אויף אַלע פיער,
שאַ, שטיל. דער קאָפּ איז ליידיג, דער מח אַרבייט נים, סע פליהט נים
דורך אפילו די קלענסטע מחשבה, דערפאַר דער מאָגען, די קישקעס
זענען שטאַרק אַריינגעטאָן אין דער עבודה: זיי מאָלען, רייבען, פער-
דייהען געטריי דאָס איינגעשלונגענע גראָז. איך לעב מיר פאַוואָלינקע,
אָהן אַ שום דאגה, א חוץ די דאגה פון עסען; מיר איז געגונג, וואָס איך
לעב. ניטאָ קיין שאלות, קיין חקירות, קיין „פאַר וואָס" און „פאַר ווען":
אָט אַזוי בין איך, אַזאַ צורה האָב איך, אַזוי לעב איך, אַזוי דאַרף זיין,
אַזוי איז מיין טבע — און ווייטער גאָר נים... ליעג איך אַזוי מיט אַנ׳-
אויסגעצויגענער מאָרדע, חאַפּ אַ דרעמעל און סאַפּע מיט דער נאָז. דער-
הער איך ווי מע זאָגט: אַ וואוילער באַיבאַק, אַ שען חיה׳לע, לאָמיר
איהם נאָר חאַפּען! — רייס איך זיך אויף פונ׳ם אָרט און אַנטלויף, וויפיעל
איך האָב כח, און פערקריך אין אַ לאָך. ווייס איך שוין, אַז איך בין אַ
באַיבאַק, אַ קליין חיה׳לע, פון נים קיין שטאַרקער משפחה. אינ׳ם
לאָך, וואו איך האָב זיך בעהאַלטען, געפין איך אַ גרויסע קאָמפּאַניע באַי-
באַקעס, קרובים פון דער איינענער משפחה; צווישען דער חברה זעה איך
אַ סך בלינדע, הינקענדיגע, מיט אויסגעריסענע זייטען, אויסגעבראָכענע
פיס, אויסגעפליקטע האָר, אויסגעצופּטע ווידלען — באַיבאַקעס זענען
אָבער גרויסע פעפערס, לעראַשטשעס, זיי האָבען נאָר ליעב צו ליעגען
און צו דרעמלען. האָב איך זיך אויך אויסגעצויגען און אינאיינעם מיט די
איבעריגע געחאַפּט אַ דרעמעל... ליעגען מיר אַזוי און רוהען זיך אָב,
הערען מיר — יעגער! האָבען מיר זיך אויפגעחאַפּט און אַ לאָז געטאָן
אויף גאַנצ׳ם בעראָט, יעדערער וואוהין די אויגען טראָגען. לויף איך אינ-
איינעם מיט עטליכע באַיבאַקעס, וואוילע יונגען, חוואַטעס, וואָס האָבען
געוואוסט פון עפּעס נאָר אַ קונציגער נאָרע, — אַ גאַנצער הייל צווישען
די שטיינער, וואוהין די יעגער וועלען בשום אופן נים דערלאַנגען. לויפען
מיר, יאָגען זיך פון לאָך צו לאָך, פון גרוב צו גרוב — זיי פאָרענט. איך
נאָך זיי. ס׳איז איינג, פינסטער, גלימשיג, טייל פון אונז פאַלען און קע-

געגן שוין נים אויפשטעהן, טייל שלעפען זיך אויף און לויפען ווייטער מיט יסורים; איך אליין האלט זיך שוין קוים אויף די פיס, איך בין מיעד, טויט הונגעריג, איך פאכע מיט דער נשמה, ניטאָ אין מיר קיין גאנצער אבר, די פעל איז אויסגעפליקט, צעריסען. איך הינק אויף א פיס. מיר לויפען אָבער אלץ מיט אנ׳אימפעט, ווייטער און ווייטער. אָט זענען מיר שוין גאָר נאָהענט, נאָר זיך פער׳גנב׳ענען אהינצו, נאָר זיך דורכשפּאַרען דורך א שפּאַרונג, דורך א שמאָלער לאָך... מיר פאלען אויף אנ׳עצה, מיר שטעלען זיך איינער הינטער׳ן אנדערען א לאַנגע שורה, מיר שטופען איי־נער דעם אנדערען, קוועטשען זיך אריין איינציגווייז אין דער שפּאַרונג. אז ס׳איז געקומען צו מיר און איך האָב אריינגערוקט דעם קאָפּ אין לאָך אריין, האָט דער הינטערשטער באיבאַק מיך געגעבען א שטאַרקען שטופּ, וויפיעל ער האָט געהאַט כח, האָב איך פאַר וועהטאָג און שטיקעניש אָנ־געהויבען פייפען, ווי דער שטיינער איז פון באיבאַקעס, וואָס זיי פייפען, אז סע ווערט זיי ענג.

— אוי, יודען, מע פייפט! — האָפּט זיך רב ישראל אויף אין הוילע שרעק. — געוואַלד, מע פייפט. דאָס איז נים אומזיסט...

— אוי, באַק, באַק—באַק, — בעלעמעטשע איך פונ׳ם שלאָף, און מיין קול הילכט ווי פון א פאַס..

— גאָט איז מיט אייך, רב מענדעלע, — שרייט רב ישראל, — וואָס איז דאָס פאַר קולות? וואָס איז דאָס פאַר א פייפען?

— גאָר נים, גאָר נים, — ענטפער איך, אז איך בין געקומען צו זיך. — קיינער פייפט נים און קיינער מאַכט נים קיין קולות, ס׳האָט זיך אייך גע׳חלום׳ט, רב ישראל, געהט לעגט זיך.

---

ווען גאָט זאָל מיר, א שטיינער, געוועזען זאָגען: וואָס איז, מענדעלע, דיין פערלאַנג, וועל איך דיר געבען? וואָלט איך איהם געענטפערט: רבונו של עולם, גיב מיר געלט איך זאָל קענען קויפען האָטש צו ביסלעך פון די פערשיעדענע ספרים, ספרי קודש און ספרי חול, וואָס איך האָב אויפ׳ן אנדערען טאָג געזעהען אויסגעשטעלט אין די קלייטען פון ספרים. ווייסט איהר, וואָס איך האָב דעמאָלט געהאַט פאַר א פנים? מאָלט אייך אויס א פוקס, וואָס האָט דערזעהען אין א גאָרטען וויינטרויבען, נאָר ער קען זיי נים דערלאַנגען: ער פּאַדעט אַרום, שפרינגט און טאַנצט און בעלעקט זיך, נאָר סע העלפט איהם נים קיין שום תחבולות — די וויינטרויבען

וואַקסען צו הויך! אזוי האָב איך דעמאָלט אויך אַרומגעפּאַרעט אַרום די קליימען פון ספרים, געחאַפּט אַלעמאָל אַ קוק אויף די ווערק פון אונזערע מחברים און שרייבער, פון שרה בת טובים ביז די היינטיגע בעלי־מליצה — אַלץ טייערע סחורה, נאָר קויפען — לא מיט אַנ'אַלף: ניטאָ קיין קלינגערס! ס'איז, פערשטעהט איהר מיך, אַזאַ מאָדע, אַז ווער סע האָט ניט אין קעשענע, זאָגט מען איהם: רב קרוב, געהט ווייטער! וואָס טוט אָבער אַ יוד, אַז ס'איז איהם אייסגעגאַנגען געלט און ער וויל פאָרט מאַכען אַ מקח? פאַלט ער אויף אַנ'עצה: שטעלט ער צו דעם פינגער צום שטערן און קלעהרט און טראַכט אַזוי לאַנג, ביז ער געפינט עפּעס אַנ'אָנהאַלט, — איך ווייס, אַ ווייטען קרוב, אַ שטיקעל בעקאַנטען, אַ גביר צו ניט קיין גביר, אַבי אַ מעורב עם הבריות, אַ מענש, וואָס האָט אַ נאָמען, געהט ער אין טשעפּעט זיך אין איהם אָן און לאָזט איהם שוין ניט אָב, ווי אַ וואַנץ, וואָס האָט זיך צוגעקלעפּט צו אַ מענשען און הערט ניט אויף זויגען, ביז סע רינט בלוט...

אין אַ נויט האָב איך זיך דערמאָנט אָן רב שמשון'ען פונ'ס ביידעם און אָן דעם אדון אַלבערט, דעם בעל־תשובה, וואָס האָט דאָרט, אין דער ישיבה של מעלה, זיך אומגעקעהרט צוריק צום יודישקייט און זיך אָנגערופען אברהם ב"ר פייבוש. כ'האָב מיר אַ טראַכט געטאָן: אפשר... פאַר וואָס זאָל איך זיך ניט דורכגעהן צו אַזוינע גוטע פריינד בעטען, זיי זאָלען מיר העלפען אין אַ עת צרה. ווער ווייסט...

אַ כלל איז, אַז קיינער געדענקט ניט אַזוי אַנ'אַלטע גוט־פריינד־שאַפט, קיינער דערצעהלט פון איהר ניט אַזוי פיעל גוזמות, קיינער קיועלט פון איהר ניט אָן אַזוי שטאַרק, ווי אַנ'אָרימאַן, אַז ער קומט צו אַ בעקאַנטען גביר און קוקט אַרויס אויף אַ נדבה. אַזאַ מין קבצן מאַכט אַ פרעהליך פנים, דערלאַנגט דעם גביר שלום מיט אַזאַ מינע, אַקוראַט ווי ער איז איינער אַ גליקליכער אויף דער וועלט, ער פרעגט זיך ביי איהם אוים, וואָס מאַכט ער, דערמאָנט איהם טויזענטער מעשיות, פּוסטע גליקען. וואָס יענער האָט שוין לאַנג פערגעסען, הכלל — ער שיינט, ווי די זון אין מיטען תמוז, ער צעגעהט זיך ממש פאַר שמחה, זאָגענדיג: אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, וואָס מע זעהט זיך געזונטערהייט! — און אַלץ צוליעב וואָס? אפשר וועט ער זיך אַריינ'גנב'ענען דורכ'ן גביר'ס האַרצען אין גביר'ס קעשענע. יענער איז אָבער אויך ניט קיין נאַר, ער ענטפערט מיט אַ האַלב מויל און מיט אַ ברוגז'ער מינע. ער שאָקעלט מיט'ן קאָפּ און רעדט געצעהלטע ווערטער, מאָמער וועט ער זיך, חלילה, אַרויס־

האַפּען און וועט ניט קענען פּטור ווערען פון אַ צרה. ס'איז אַ גרויסער חסד פון זיין ליעבען נאָמען, וואָס ער האָט אַריינגעגעבען יעדען בעשע־פעניש אַ בעזונדער חוש צו דערפיהלען אַ מזיק און צו היטען זיך פאַר איהם. אַ גביר, מעג ער זיין דער גרעסטער שוטה, האָט ער פונדעסטוועגען אַ גוטען חוש הריח אויף אַנ'אָרימאַן, ער דערשמעקט איהם פון ווייטען — און גיט זיך אַנ'עצה...

אַז איך בין אַריינגעקומען צו רב שמשונ'ען, האָב איך איהם גע־טראָפען ביי'ם אָנבייסען. פאַר איהם איז געשטאַנען אין אַ שיסעל אַ פיינע פּאָרציע רעטעך מיט ציבעלעס, צוגעשמאָלצען מיט פרישער, שמעקענדי־גער היהנער־שמאַלץ. רב שמשון איז געווען אַריינגעטאָן אין דער שיסעל מיט די הענד און מיט די אויגען, גענעסען. קיין עין הרע, מיט חשק, אַזוי אַז די נאָז און דער שטערען האָבען אַזש געגלאַנצט פון שוויים. איך קום אַריין, זאָג איהם גוט מאָרגען, רב שמשון מאַכט זיך, ווי ער הערט ניט. איך געה צו נעהענטער און זאָג איהם נאָך אַ מאָל: גוט מאָרגען אייך, רב שמשון! מיט אַזאַ שמחה, אַקוראַט ווי איך האָב דערזעהען מיין בעסטען גוטען פריינד. — רב שמשון הויבט אויף די אויגען און קיקט אויף מיר מיט אַ „בתמיה", ווי איינער רעדט: וואָס איז דאָס פאַר אַ שלאַק?

— איך האָב נאָך אייך באמת געבענקט, זאָל מיר אַזוי גאָט העלפען בכל אשר אפנה, — זאָג איך מיט אַ פרעהליך פנים און מאַך זיך האַרץ און זעץ זיך ניט געבעטענערהייט. — האָב איך זיך מישב געווען, פאַר וואָס זאָל איך טאַקי ניט אַריינגעהן. סע טוט מיר באמת הנאה אָבער טאַקי שטאַרק הנאה: ווי איהר זעהט מיך לעבען...

— שטאַרק הנאה... וואָס איז?... וואָרטשעט רב שמשון און פּאַקעוועט אָן אַ פול מויל מיט רעטעך.

— ס'טייטש, וואָס מע זעהט זיך בשלום, וואָס איך טרעף אייך, נאָט צו דאַנקען, אַ לעבעדיגען, אַ געזונטען ביי'ם טיש, ביי זיך אין דער היים — ענטפער איך און טו אַ זיפץ. — וואָס זאָל איך אייך זאָגען? מיר איז דאָס דוקא ניט אָבגעגאַנגען גלאַט... די ענגשאַפט. די שטיקע־ניש דאָרט אויבען... עט! איך פיהל אויף זיך ניט קיין גאַנצען אבר. סע האַקט מיך, ניט פאַר קיין יודען געדאַכט, אין די קריזשעס, סע טהוט מיך וועה אין די זייטען, ס'איז מיר, לא עליכם...

— הקיצור, רב יוד, וואָס זשע ווילט איהר? ענטפערט מיר רב שמשון מיט רוגזה און האַקט מיר איבער די רייד.

ס'איז זיך ניט שווער געווען אָנצוזעטטויכען, אַז רב שמשון איז כמט מיר ניט זעהר שטאַרק ציפריעדען און אַז ער האָט ניט קיין חשק מיך צו דערקענען. פרעג וואָס? ער האָט נאָך, דאַכט זיך, גאָר ניט געהערט, וואָס איך וויל פון איהם! ניט מעהר, מסתמא האָט דאָס האַרץ איהם געזאָגט, אַז סע שמעקט מיט אַ טובה, מיט אַ גמ"ח חסד. סע קען זיין, אַז דעריבער האָט ער מאַקי געזעהן פטור ווערען פון מיר וואָס גיכער. אַ שטיק צייט בין איך אַליין געווען אָהן לשון, נאָר עפּעס געבעבעט, געשטאַמעלט האַלבע ווערטער, אָהן אַ שום טאָלק. נאָכדעם בין איך געוואָרען אַ ביסעל רוהיגער און זאָג איהם מיט אַ טענה:

— ס'טייטש, איהר דערקענט מיך גאָר ניט? איך בין דאָך מענדעלע, אייער פריינד מענדעלע, דער איינגענער מענדעלע, וואָס איהר זענט מיט מיר געוואָרען גאָר נפש אחת דאָרט אויפ'ן בוידעם, בכּהילה.

— אַ, דאָס זענט איהר... יענער דער ליטוואַק! רופט זיך אָן רב שמשון, ווי איינער, וואָס דערמאָנט זיך אַ מעשה פון פריהער מיט צעהן יאָהר.

— חס ושלום! — האַפּ איך זיך אויף מיט אַ כּרוגז. — וואָס רעדט איהר! איך בין ניט קיין ליטוואַק, איך בין אַ קאַבצאַנסקער, מאַקי אַ געבוירטיגער פון קאַבצאַנסק.

— אַ קאַבצאַנסקער צו אַ ליטוואַק — אַלץ איינס!... אַ קיצור, וואָס ווילט איהר? — שטעלט אויף מיר רב שמשון אויף די אויגען. ער האַלט נאָך אַלץ אין איין קייען, און דער ריח פוג'ם רעטעך מיט די ציבעלעס פערגעהט מיר אין דער נאָז.

— אַ קיצור, רב שמשון, די מעשה דערפון איז אַזוי.

און איך דערצעהל איהם די גאַנצע מעשה פון אַלף ביז תּיו, און איך זאָג איהם מיט זיסע ריידעלעך, טראַכטענדיג בשעת מעשה, אפשר וועט דאָס איהם פאָרט ווייכער מאַכען:

— איהר זעהט, רב שמשון, פאַר אייך איז ביי מיר קיין סודות ניטא, פאַר אייך פערטרוי איך מיך, ווי פאַר אַנ'אמת'ען גוטען פריינד. בעט איך אייך, אפשר קענט איהר מיר אַ טובה טאָן און אַ סקלאַד פון ספרים, מע זאָל מיר נעבען אויף באָרג. איהר מעגט מיר גלויבען, איך שווער אייך בהן צדק שלי, אַז ס'וועט זיין אָבגעצאָהלט פיין און שען און צו דער צייט, איהר וועט, חלילה, צוליעב מיר ניט האָבען קיין שום ענמת נפש.

— יאָ, נעה גלויב אין אַ ליטוואַק׳ס יושר! — ברומט רב שמשון און קנייטשט מיט די פּלייצעס.

ס׳טייטש, רב שמשון, אויפ׳ן בוידעם האָט איהר דאָך גערעדט גאָר אַנדערע דבורים. דעמאָלט, בשעת צרה, ווען דער חלף איז געלעגען ביי אַלעמען אויפ׳ן האַלז, איז ביי אייך געווען כל ישראל אחים. דעמאָלט האָב איך געהערט פון אייער אייגען מויל, אַז אַ יוד איז אייך טייער נאָר דער־פאַר, וואָס ער איז אַ יוד, דעמאָלט האָט איהר ניט געקוקט, פון וואַסער אַ קאַנט איך, מענדעלע, בין: ניין, איהר האָט מיך גערופען ברודער און האָט מיר צוגעזאָגט העלפען בשעת הדחק. דעמאָלט זענט איהר געווען ווייך ווי אַ פּוטער, ווארום ס׳האָט אייך געקלאַפּט אַ צאָהן אין אַ צאָהן פאַר פּחד. היינט, אַז ס׳איז מיר באמת ענג, ס׳האָט זיך מיר געטראָפען אַן־אומגליק, און אייך, קיין עין הרע, איז גוט אויפ׳ן האַרצען, איהר זיצט זיך רוהיג ביי זיך אין שטיב און סע פעהלט אייך גאָר ניט, — היינט מאַכט איהר זיך שוין ניט וויסענדיג. היתכן! ווי טוט מען אַזוי? איך קען דאָך נאָך, חלילה, קלעהרען, אַז ס׳איז אַ בזיון, וואָס איהר זענט אַ יוד, איהר ניט דאָך דעם שונא אַ פּתחון פּה צו זאָגען: רעכט אויף די יודען! סע קומט זיי מאַקי דער גלות!

אַזוי מוסר איך רב שמשונ׳ען מיט ווייכע רייד. איך רעכען נאָך אַלץ, אפשר וועט דאָס איהם נעהמען. רב שמשון הערט און שווייגט און קוקט מיט כּונה אין שיסעל, רייבענדיג דעם רעטעך מיט די ציבעלעס אויף ביידע באַקען, — האָטש רעד צו איזם, האָטש רעד צו דער וואַנד, אַלץ איינס. איך האָב דערזעהען — אומזיסט מיין טרחה, אַזוינע יודען ווי רב שמשון קען מען מיט קיין ווערטער ניט ריהרען, האָב איך זיך אָבגעזעגנט און אַוועקגעגאַנגען מיט אַ שווער געמיט, טראַכטענדיג: אַזאַ חזיר קען טאַקי נאָר העלפען דער בוידעם...

אַ מענש, כּל זמן ער לעבט, האָפט ער אויף בעסערס. איך געה מיר איבער דער גאַס און טראַכט מיר אַזוי: אויב אונזערע עהרליכע יודען, נאָט׳ס סטראָפּטשעס, טיילען זיך אויף קלייזלעך, האָבען פיינט אַ פרעמדען חסיד, אַ יודען פון אַן׳אַנדער קאַנט, אויב ביי זיי איז די שנאה אַזוי איינ־געגעסען אין די ביינער, אַז ס׳איז ניטאָ צו איהר קיין שום תּרופה, איז אפשר ביי די דייטשע׳ן בעסער? אפשר פערשטעהען זיי יאָ, אַז ס׳איז ניטאָ קיין חלוק פון אַ יודען צו אַ יודען, אפשר איז ביי זיי א י י ן י ו ד י ש ק י י ט אָהן שום קלייזלעך... ווער שמועסט נאָך אַ דייטש אַ בעל־תּשובה, איז ער דאָך אודאי אַ לייט, מאָר מען דאָך אויף איהם געווים ניט איבערטראַכטען...

בלייבט בײַ מיר — אַרײַנגעהן צו אַלבערט'ן, בעטען בײַ איהם אַ שמיקעל טובה, און אַזוי ווי איך ווײס, אַז ער איז אַ בעל־תשובה וועל איך איהם ברענגען אַ יודישען ספר אַ מתנה, — דאָס וועט איהם געוויס פערשאַפען אַ נחת־רוח, וועט ער מיר ערפילען מײַן בקשה מיט פערגעניגען.

אויף מאָרגען מאַך איך ניט קײן שהיות און לויף אַוועק צו אַלבערט'ן. איך גיב האָפּעררינג אַ ציה פאַר'ן גלעקעל און סע לאָזט זיך הערען אינוועניג אַ שטאַרקער קלונג, ממש קולי קולות: די טהיר עפענט זיך, און אַ מיידעל בעווײַזט זיך אויף דער שוועל. זי קוקט מיך אָן ווי אַנ'עזות'ניצע און פרעגט מיט כעס:

— וואָס דאַרפט איהר דאָ האָבען, פּאַני זשיד?

— איך דאַרף האָבען צו רב אברהם ב"ר פייבוש, — שיט איך אױס און רוק זיך דערווײַל אַרײַן וואָס גיכער אין קאָרידאָר.

— ניטאָ דאָ, יוד, קײן אברהם'ס, דאָס איז אַלבערט האָצעקלאָצער'ס הויז, שרייט דאָס מיידעל.

— אָט איהם, מײַן איך דאָך מאַקי, יאָ, יאָ, הער אַלבערט. הער אַלבערט! — ענטפער איך שוין שטעהענדיג אין פאָר־הויז. — זייט זשע מוחל, מאָכטערוניע, געהט זאָגט דעם בעל־הבית, אַז אַ גוטער פרײַנד וויל זיך מיט איהם זעהען. נאָר מאַכט עס, נשמה מײַנע, אַביסעל גיכער, זאָגט איהם אָן די גוטע בשורה, וועט איהם הנאה טאָן.

אין עטליכע מינוט אַרום האָט זיך בעוויזען דער אָדון בכבודו ובעצמו. צוויי אַקטיאָרען זענען אַרויס אין טעאַטער אויף דער סצענע; ביידע שפּיעלען קלוג, קונציג, יעדערער וועדליג זײַן ראָלע און אויף זײַן איינגענעם שטייגער.

אַנ'עבירה, וואָס ס'איז פערפאַלען געוואָרען אַזאַ סצענע! קײנער האָט ניט געזעהען אינזער שפּיעל, אַ חוץ אונז ביידע. ווי געוועהנטליך זעהט מען ניט אַ סך שענע סצענעס צווישען מאַן און ווייב, צווישען גוטע פרײַנד. אַזעלכע סצענעס איז דוקא כדאי צו זעהען.

דער דײַטש, אַז ער איז צוגעגאַנגען נעהענטער און האָט מיך דער־זעהען, האָט ער אַזש אַ ציטער געטאָן און האָט בעקומען אַלערליי קאָלירען. ער האָט זיך אָבער באַלד בערוהיגט, אויסגעשטעלט אויף מיר אַ פּאָר אויגען און געקיקט שווייגענדיג, אַקוראַט ווי ער זעהט מיך דאָס ערשטע מאָל אין זײַן לעבען. איך מוז מודה זײַן, אַז ער האָט געשפּיעלט אויסגעצייכענט, מ'האָט מאַקי באמת געקענט מיינען, אַז איך בין איהם אַ

ווילד־פּרעמדער. איך ווייס אָבער אויך, וואָס איך האָב צו טאָן; איך בין דוקא אַ מבין אויף אַלע זיינע שטיק. איך זעה איהם דורך און דורך, נאָר איך שפּיעל מיט פערגעניגען די ראָלע פון אַ תם, כלומר׳שט הויב איך גאָר ניט אָן צו וויסען, וואָס ער מיינט.

איך ציה זיך אויס, ווי איך בין גרויס, און שטעה און קוק אויף איהם מיט אַ מין שמחה, אַקוראַט ווי איך בין נאָר וואָס געקומען פון אַ ווייטער נסיעה און האָב דערזעהען אַ נאָהענטען פריינד, אַ חבר פון קינ־דערישע יאָהרען. איך שטעה און קוק און שמייכעל — און רייד ניט אַ וואָרט. מיין שיינענדיגער פּנים אַנטקעגען זיין בייזען קומט אויס ווי אַ דערגעגבויגען אַנטקעגען דער חמאָרע.

ער צו מיר (אַז ס׳איז איהם שוין נמאס געוואָרען דאָס שווייגען): וואָס דאַרפט איהר, רב יוד?

איך צו איהם (מיט אַ ליעב שמייכעלע, הויבענדיג דעם קאָפּ אין דער הויך): אַנו, דערקענט!... אַדרבא, ווער בין איך?

ער צו מיר (מיט רוגזה; ער פערזשמורעט די אויגען, קנייטשט מיט דער נאָז): איך קוק און קוק און ווייס אַלץ ניט, ווער איהר זענט.

איך צו איהם (שאָקלענדיג מיט׳ן קאָפּ און פּישטשענדיג מיט די ליפּען): פּס, פּס, אַ וואונדער, כ׳לעבען! איהר דערקענט שוין ניט מענדעל׳ען?

ער צו מיר (מיט אַ משונה קול, וואָס האָט אין זיך אַלצדינג: אי כעס, אי געלעכטער, אי שפּאָט): מענדעלע!

איך צו איהם (כלומר׳שט מיין איך, אַז סע טוט איהם ווילד הנאה, וואָס ער ווייסט שוין מיין נאָמען): יאָ, רב אברהם.. נו, דערקענט איהר מיך שוין! (איך נעהם אַרויס פון דער קעשענע דאָס ספר׳ל, שטופּ עס איהם אַריין אין דער האַנד און זאָג אַרויס אין איין אָטעם) נעהמט, נעהמט, רב אברהם, פון מיר אַ מתנה, אַז איהר וועט לייענען אָט דעם יודישען ספר, וועט איהר מיך דערמאָנען צו גוטען!

ער צו מיר (קעהרט אום דאָס ספר׳ל מיט גרויס מהירות, אַקוראַט ווי ער האַלט אין דער האַנד אַ הייסע קויהל): איך דאַרף עס ניט האָבען! איך קען ניט קיין יודיש, איך פערשטעה ניט די אַלטע מצרים־שפּראַך.

איך צו איהם (אין האַרצען קאָכט מיר, נאָר ריידען רייד איך שטיל, בנעימות׳ריג): אויב איהר קענט ניט, וועט איהר זיך אויסלערנען, מיט׳ן אויבערשטענ׳ס הילף. איך ווייס דאָך, אַז איך ציהט צו דער הייליגער תורה און צו די ספרים פון אונזערע חכמים.

ער צו מיר (מיט נעשפעט, ער האָט שוין גיט די העזה צו שרייען אויף מיר און האַלט אַיין דעם כעס): איהר רעדט נאַרישקייטען, רב יוד, איהר האָט אַ גרויסען טעות! — אויב איך שטעה און הער אויס די אַלע ווילדע מעשיות אייערע, איז דאָס נאָר דערפאַר, וואָס ס'איז אַ שטיקעל קאָמעדיע צו קוקען אויף אַייך, ווי איהר גערהט אָנגעטאָן, ווי איהר רעדט, ווי איהר דרעהט זיך, ווי איהר מאַכט אַלערליי משונה'דיגע העויות. זאָל מען זאָגען אויף די יודען, וואָס מע וויל — אַז זיי זענען אַ ווילד פאָלק, אַ נאַריש פאָלק, אַז זייערע פיהרונגען זענען מיאוס, זייער חכמה איז פער־שימעלט, זייערע געלערענטע טויגען אויף קלאָג, זייערע ספרים זענען פוסט, זייער שפּראַך איז, ווי זיי איננאַנצען, אָרים, פויל, צעקאַליטשעט, אָהן חייב און לעבען, — פונדעסטוועגען איז אין זייערע ווילדע מנהגים, אין זייער שמועס, אין זייער הולך, אין זייערע אַלע פּאָסטעמקעס פאַרהאַן עפּעס אַזוינס, וואָס סע גלוסט זיך אויף זיי קוקען, ווי מע קוקט אויף קאָ־מעדיאַנטען, דעריבער האָבען טאַקי אונזערע עלטערען אַמאָליגע יאָהרען זוכה געווען צו שטעהן אין די פריצישע פּאַלאַצען: זיי האָבען געוויזען, ווי מע טאַנצט פאַר אַ כלה, ווי מע זינגט מה־יפית און זמירות פאַר'ן שבת'דיגען קוגעל, — זיי האָבען פּשוט פרעהליך געמאַכט די פּריצים מיט זייערע אומגעלומפּערטע גענג.

איך צו איהם (מיט אַ בעהאַלטענעם כעס און אַ פריינדליכען שמייכעל): איהר טרייבט קאַטאָוועס, רב אברהם! איהר גלויבט אַליין ניט, וואָס איהר רעדט. ווער ווייס נאָך אַזוי גוט ווי איך, אַז איהר האָט אַ יודישע האַרץ, אַז איהר זענט אַ יוד ווי אַלע יודען. דערויף זאָל מען מיך פרעגען, איך בין אַ נ'עדות.

ער צו מיר (מיט אַ הלצה'לע, וואָס ער האָט פון איהר אַליין שטאַרק הנאה): אָט דאָס איז דאָך די מעשה, אַז אַ יוד ווייסט אַלצדינג, אַ יוד איז אַ יאָהר־עדות, אַבי דו וועסט איהם נאָר ווייזען אַ מטבע.

איך צו איהם (אויך מיט אַ הלצה): איך בין דוקא אַ גוטער עדות. איך בין דאָך אַליין געווען דערביי, איך האָב אַליין געזעהען, ווי אַזוי אַ יוד ווערט אַ בעל־תשובה, אַ הייסער נאַציאָנאַליסט, אַ געטרייער זוהן פון זיין פאָלק — אַ מענש, וואָס ליידט גלייך מיט אַלע יודען... נאָר דעם אמת מוז איך זאָגען. אַז אויב אַזוינע שבי פשע ביעקב, אַזוינע „גע־הויבענע" יודען איז היינטיגע יאָהרען פאַרהאַן ניט איינער און ניט צוויי, זענט איהר, פאַני, אַנ'אויסנאַהם צווישען זיי. אין אַ'קורצער צייט זענט איהר, ס'זאָל אייך קיין עין הרע ניט זיין, נעשטיגען פון מדרגה צו מדרגה,

פון אַ פּושע ישראל געוואָרען אַ בעל־תשובה, פון אַ בעל־תשובה — אַ נסתּר, אַ למד־וו'ניק, אַ צדיק גמור, וועלכער פערשטעלט זיך נאָר פאַר אַ דייטש, און אין אמת'ען איז ער כּלו קדוש. א למד־וו'ניק מעג אַלצדינג, איהם איז אַלצדינג מותּר, אַלצדינג איז מען איהם מוחל, און זיינע מעשׂים איז ניטאָ קיין חלול השם, ער מאַכט ניט מיט דער בלאָטע די גרעסטע יודישע חכמים, בּיי איהם איז ניטאָ ניט קיין קופּערנער שטערען, ניט קיין מיאוס'ע ווערטלעך, ניט קיין נאַרישע דבּורים, ניט קיין פאַלשע רכילות, נים קיין יאָגעניש נאָך פּוסטען כּבוד, ניט קיין שווינדעל און נאַרערייען. ביי איהם איז אַלץ — סודות, טיעפע כּונות, דברים בּגו. איך מוז זיך מודה זיין: מיר איז גאָר אויפ'ן געדאַנק ניט געקומען. אַז דאָ אונטען וועט איהר זיך אַזוי גיך אויפהויבען אויף אַזאַ הייכקייט פון דער נידעריגער מדרגה, וואָס איהר זענט אויף איהר געשטאַנען דאָרט... דאָרט...

ער צו מיר (ער קען זיך שוין ניט איינהאַלטען, און פּנים בּייטען זיך איהם די פאַרבען — דאָס איז אַ חסרון: ער ווייזט אַרויס אַ אומצו־פריעדענקייט אינמיטען שפּיעל, אַזוי דאַרף נים זיין): וואָס ?! —

איך צו איהם (פאַזיאָלינקע, קלאָרע דבּורים, ווי אַ גוטער שפּיע־לער, כּדי איהם צו דערלאַנגען אין דער זיבעטער ריפּ): דאָרט, אויפ'ן בּוידעם! אַי איז דאָרטען געווען אויף אַייך אַ מחיה צו קוקען. אַ יוד זיצט זיך צווישען פּראָסטע יודען, הערט זיך צו צו זייער שמועסען, זייערע חכמות, זייער תּורה, קוועלט אָן פון זיי ווי אַ וויינינגער עפּעל. אַ קאַטאָוועס—יודען! איהר זענט דאָך צוליעב זיי אַפּילו נעקראָכען אויף די באַנטעס, מוחל געווען אויף אַייער כּבוד, געגעסען מיט אונז אינאיינעם ציבעלעס און קנאָבעל — און דוקא מיט פערגעניגען. איך געדענק — פאַר וואָס זאָל איך ניט געדענקען! איהר האָט מיר אפילו צוגעזאָגט אויס־העלפען אונטער אַ נויט, איהר האָט געשוואוירען, אַז איהר וועט בלייבען נאָהענט צו מיר מיט'ן האַרצען און מיט דער נשמה און מיט'ן גאַנצען לע־בען, — נו, האָב איך זיך מישב געווען, פאַר וואָס זאָל איך נים אַריינ־געהן זיך זעהען מיט אַ ליעבהאַרציגען פריינד. בּין איך טאַקי געקומען צו אַייך און פערנייג זיך פאַר אַייך מיט דעם גרעסטען כּבוד און דרך־ארץ (איך טו דאָס טאַקי מיט אַ ערנסטער מינע).

ער צו מיר (פערגיינגט זיך אויך מיט אַ בּיטער שמייכעלע, נאָר הנ'ודיג, ווי די מאָדע איז): כּע כּוט מיר שטאַרק הנאה. אָבער איצט, רב יוד, לאָזט מיך צורוה און געהט אַייך צו... (די לעצטע ווערטער זאָגט ער מיט אַ הויך קול און מיט התלהבות. די ווערטער געהען בּיי איהם

ארויס קלאָר און שאַרף און די האַנד זיינע איז אויסגעשטרעקט צו דער מהיר).

איך צו איהם (איך פערשטעה זיין כּונה, געה גיך אַרויס, זאָגענדיג שיין אויפ'ן וועג צו דער מהיר): צו אַל די שוואַרצע יאָהר, נאָר ניט צו אברהם ב"ר פייבוש!

אוים סצענע און אוים האָפּנונג!...

איך האָב נאָכדעם פערגלייכט רב שמשון'ען דעם פרומען יודען מיט אַלבּערט דעם דייטש, איך האָב זיך צוגעקוקט צו זייערע מעשים און זייער פיהרונג, וועלענדיג געפינען דעם חלוק צווישען זיי, פערשטעהען, וואָס האָט פון זיי דער כּלל, — האָב איך אַיינגעזעהען, אַז חאָטש זיי זענען פערשידענע בּרואים, איינער שימעל און דער אנדערער סם, בּריינגען זיי פונדעסטוועגען דעם כּלל־ישראל אַלץ איינע צרות: איבּער זיי בּיידע פוילט דאָס יודישע פאָלק, בּעקומט אַ שלעכטען, עפּוש'דיגען ריח...



סע געהט אַוועק אַ טאָג און צוויי און דריי... איך עס און טרינק און צאָהל פאַר מאָהלצייטען און צאָהל פאַר נאַכטלעגער אויף דער אכסניה. געלט ווערט וועניגער, דאגות אַלעמאָל מעהר, און פרעגט מיך בּהרם, וואָס דער סוף וועט זיין, ווי אַזוי וועל איך אַרויס פון דעם קלעם. קיין סחורה קען איך ניט קויפען, ווייל ס'איז ניטאָ קיין געלט. אמת, יודישע ספרים זענען ניט אַזאַ סחורה, וואָס מע קויפט זיי פאַר מזומנים, אָבּצאָהלען דאָס גאַנצע געלט אויפ'ן אָרט איז קיינער ניט מחויב; יודישע ספרים אָדער מע קויפט דורך אַ בּייט: נאַ דיר, וואָס מיר איז איבּעריג, גיב מיר, וואָס סע געהט בּיי דיר ניט, אָדער בּשעת דער קניה בּעצאָהלט מען האַנד־געלט און דאָס איבּעריגע לעגט מען אָב אויף אַ זמן צו גלאַט אַזוי, בּיז דער אייבּערשטער וועט העלפען, דער פדיון וועט ווערען גרעסער — אויף דעם סמך בּין איך דאָך טאַקי געקומען אַהער לכתחילה, גע־מיינט אַבּיסעל נעהמען פאַר מזומן, אַבּיסעל אויף בּאָרג, אַבּיסעל אויסדרעהען מיט אַלערליי מאַניפּאָרגעס, ווי דער שטייגער איז. בּעדאַרף זיך אָבּער טרעפען אַנ'אומגליק, איך ווער אָן די עטליכע קערבּלעך. און ווער וועט דאָס זיין משוגע געבּען סחורה אַ מוכר־ספרים אָהן אַ קאָפּיקע געלט? זיצען ווידער און וואַרטען, איז אויך ניט קיין פּלאַן, וואָרום וואָס קען איך זיך דערוואַרטען? ס'זאָל אויסגעהן דער לעצטער גראָשען, איך זאָל שוין אַפּילו ניט קענען פּאָהרען אַהיים ניט מיט דער בּאַהן, ניט מיט אַ בּעל־

עגלה? וואָס זשע וועט זיין? וועל איך מוזען געהן — איבער די הייזער, שלעפען זיך פון שטאָדט צו שטאָדט ווער ווייסט ווי לאַנג, ביז איך וועל זיך דערשלעפען אַהיים. איז אָבער די פרנסה פון אַ שלעפער, אַ מקבל שוין אויך היינטיגע יאָהרען ניט דאָס, וואָס אַמאָל: סע וואַקסען, ברוך השם, קבצנים ווי גראָז, וואו מען גיט אַ וואָרף מיט אַ שטיין, טרעפט מען אַ מקבל. היינטיגע יאָהרען איז סתם קבצן ניט ווערט אַ צובראָכענעם דרייער, מע דאַרף דערצו נאָך האָבען אַ שטיקעל געשעפטעל, אַ מסחר'ל, אַ שטייגער פערקויפען נאָרלען, שוועבעלעך, דעמאָלט איז ערשט גוט צו געהן אין די הייזער. אַזאַ קבצן, ווי איך, למשל, אַ יוד אַ מכובד און אין די יאָהרען, קלויבט זיך איים אַ שטיקעל קהל'שע אַרבייט, עפּעס אַ שליחות'ל אין א דבר־מצוה: ס'איז דאָ קבצנים־אַדוואָקאַטען, מליץ־יושר'ס, קבצנים־חיבבים, גוט־זאָגערס, קבצנים־עצה־געבערס, קבצנים־מחברים, בעל־לשונ'ס, קבצנים מיט'ן טיטול „אמת'ע", קבצנים־דרשנים און אַזוי ווייטער...

וואָס זשע פאַר אַ מין קבצנות זאָל איך מיר אויסקלייבען, אַז איך זאָל חלילה ניט געהן צו גרונד? זיין אַ מליץ־יושר פאַר יודען אויף יודען — איז דען דאָ אַ גרעסערע נאַרישקייט אויף דער וועלט? אַז מענשען לויבען זיך אַליין, דערצעהלען פון זיך אַליין שבחים צווישען זיך, איז דאָס ניט נאָר אַ פּוסטע אַרבייט, נאָר סע ברענגט נאָך דעם גרעסטען שאָדען, וואָרום מע געוועהנט זיך צוצומאַכען די אויגען אויף אייגענע חסרונות, אויף חטאים בזדון ובשגגה, מע טראַכט גאָר ניט וועגען לייטישער, פיינער...

נו, און אַ בטלן — אַ חובב איז אויך אַז אָך און וועה. סע בלייבט שטענדיג די קשיה: וואָס קען אויפטאָן אַזאַ מין חובב, רחמנא לצלן? אַז אַרבייטען קען ער ניט, קיין כח האָט ער ניט, קיין געלט פערמאָגט ער ניט, קיין טובה קען פון איהם אין קהל'שע זאַכען ניט אַרויסקומען בשום אופן, היינט וואָס טויג דאָס ריידען, דאָס הילכען, דאָס פּלאַפּלען גלאַט אין דער וועלט אַריין? ובפרט נאָך, אַז מיט דעם פּלאַפּלען ביזטו אויסען דיין אייגענע טובה, אַז דו מאַכסט עס גאָר פאַר אַ פרנסה! דו קומסט צו מיר מיט ווערטער, כדי איך זאָל קומען מיט קאַפּיטאַלען, מיט אַ ברייטער האַנד, וואָלט שוין באמת גלייכער געוועזן אי פאַר מיר, אי פאַר דער וועלט, אַז דו זאָלסט אונז גאָר אינגאַנצען לאָזען צו רוה. און גלאַט, מאי קא משמע לן? וואָסער יוד איז דען ניט קיין חובב? ניט מעהר, מע שווייגט, מע וועט זיך ניט געהן בעריהמען. אויף דערויף איז מען דאָך אַ יוד...

בעסער שוין איז די פרנסה פון אַנ׳עצה-געבער. דאָס איז אַ גרינגע און אַ ריינע מלאכה. ג ר י נ ג איז זי, וואָרום מע גיט דאָך עצות י ע נ ע ם, ניט זיך. אויב דער ענין איז אַ שווערער, איז ער דאָך ווידער שווער אַנ׳אַנדערען, ניט דעם עצה-געבער, וועלכער האָט אויף זיך ניט קיין שום אחריות. נו, און ווען איך זאָג, אַז די מלאכה איז אַ ר י י נ ע, מיין איך דאָס אַזוי, ווי עמיצער זאָגט: אַ ר י י נ ע ר משוגע׳נער, דאָס הייסט אַ מענטש, וואָס ער פערמאָגט ניט קיין פיצעל פערשטאַנד. סתם יועץ, האָבען מיר אַ קימא לן, איז אַ שוטה, און ס׳איז ניטאָ נאָך אַנ׳אַנדער מצוה, וואָס פרומע יודען זאָלען זי מקיים זיין מיט אַזאַ שמחה און מיט אַזאַ משונה׳דיגען פערגעניגען, ווי געבען יענעם עצות. אַז איך בין געווען יונגער, פלעג איך אויך שטאַרק מדקדק זיין אין דער דאָזיגער מצוה, ווי אַנ׳אמת׳ער יוד. איך פלעג שטענדיג געבען עצות, ווען קיינער האָט מיך ניט געפרעגט, ביז ס׳האָט זיך געטראָפען אַ פּאַסקודנע מעשה — מ׳האָט מיר אָפּגעהאַקט די פליגעל, אַ געשריי געטאָן: שוטה, וואוהין קריכסטו, נעהם דעם וועג! פון דעמאָלט אָן וועל איך שוין פערזאָגען אַ צעהנטען, מע זאָל זיך ניט רוקען מיט קיין אומגעבעטענע עצות. דאָס איז ביי מיר אַ נדר...

וואָס איז שייך צו דער מלאכה פון ו ו ע ר ט ע ר, מיין איך שרייבען ספרים, איז דאָס ניט פאַר מיר. די דאָזיגע מלאכה איז ג ר י נ ג נאָר דעמאָלט, ווען זי איז ר י י ן, דאָס הייסט, ווען דער מחבר איז ריין פון קענטענישען, ווען ער האָט ניט געלייענט די ווערק פון אונזערע חכמים, ניט אַריינגעקוקט אין דער אַלטער יודישער ליטעראַטור, ניט געלערנט, ניט געקלעהרט, ניט פערטיעפט זיך אין געדאַנקען, — איהם איז דאָס גרינג, ער האַקט אין קרויט אַריין, בעשאַפט נ אָ ר פון ג אָ ר נ י ט, ווי איהם ווילט זיך — ווער קען איהם זאָגען אַ דעה? די מלאכה איז אָבער זעהר שווער פאַר אַזוינעם, וואָס האָט אַמאָל יאָ געלערנט, אַריינגעקוקט אין די קליינע אותיות׳לעך. אַזוינער חאַפּט זיך ניט מיט זיינע חדושים ביז ער האָט ניט פערקוקט אין די אַלטע אוצרות, ביז ער האָט ניט איבערגעטאַפּט און איבערגעטרייסעלט אַלע בעהאַלטענע ווינקעלעך, טאָמער וועט ער געפינען אַ זאַך, וואָס זאָל איהם פּאַסען צו זיין ענין. אַזוינער, אַז ער טוט שוין עפּעס אויף, איז דאָס מיט אַ טעם און מיט אַ געדאַנק. בעשאַפען נ אָ ר פון ע פ ע ס איז זעהר אַ שווערע אַרבייט, דאָ דאַרף מען אַ סך קענען און אַ סך פערשטעהן!...

דער טיטול „אמת׳ער" אָדער „באמת" איז היינט אין גרוים חשיבות,

מע שענקט איהם יעדערען, ווען מע וויל אָבגעבען כבוד, נאָר איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך פערשטעה ניט, וואָס ער בעטייט. מע זאגט היינט: אַנ'אמת'ער חכם, אַנ'אמת'ער צדיק, אַנ'אמת'ער חובב, ס'איז דאָ אַזוינע, וואָס זאָגען אַפילו: אַנ'אמת'ער איש־אמת, אָדער: ער איז באמת א חכם, באמת א צדיק, באמת אַ חובב, באמת אַ איש־אמת. אויב אַזוי קומט דאָך אויס, אַז אַ סתם חכם איז ביי אונז אַ שוטה, סתם צדיק—אַ רשע, סתם חובב—אַ שונא, סתם איש־אמת—אַ ליגנער, סתם הס—אַ שווינדלער. און אויב אַזוי, הייסט עס דאָך, אַז היינטיגע יודען זענען אַלע איבערגעשפיצטע, דורכגעטריבענע יונגען, וועלכע ריידען נאָר אויף לשון סגי־נהור! היינט, אַז אַ יוד איז ניט בעגלויבט אויף אַ טיטול, וואָס ער אַליין האָט געשענקט אַ מענשען, איז ער דאָך במילא ניט בע־גלויבט אויך אויף אַ טיטול צו אַ טיטול. הייסט עס, אַז דער סגי־נהור, וואָס איז טייטש בלינדער, וועט טאַקי בלייבען אַ בלינדער לעולם ועד, מעגסט איהם רופען אמת'ער סגי־נהור, וויפיעל דו ווילסט אַליין? ווי פערענטפערט מען די דאָזיגע קשיה? — דאָ וואָלט איך געדאַרפט אָנקומען צו אַ שאלת חכם, נאָר מיר ווייסען אבער, אַז זינט ס'איז חרוב געוואָרען דער בית־המקדש, האָט מען צוגענומען די סמיכה ביי'ם בית־דין של חכמים און זי איבערגעגעבען צו קונדסים: אַ ליאַדע חדר־יונגעל גיט היינט וועמען ער וויל דעם גרעסטען, דעם ווילדסטען, דעם מורא'דיגסטען טיטול. פאַר אָט די יונגע צוציקעס איז קיין זאַך ניט שווער. אַמאָליגע יאָהרען האָבען די חכמים געזאָגט: ניט יעדערער, ווער עס וויל נעהמען אַ נאָמען, מעג איהם נעהמען (לא כל הרוצה ליטול את השם יבא ויטול), מיר אין אונזער צייט דאַרפען זאָגען: הלואי וואָלט ניט יעדערער, ווער עס וויל געבען אַ נאָמען, איהם געמעגט געבען!...

און נאָך אַלע זאַכען זענען די צוויי לעצטע פרנסות גאָר ניט קיין פרנסות — אפילו פאַר א קבצן. מע קען פון זיי קיין נחת נישט האָבען. אויב איך האָב זיי דאָ אַריינגעשטעלט אין צעטעל, איז נאָר פון כבוד וועגען, כדי איך זאָל ניט מביש זיין אַ געוויסען סאָרט קבצנים — שענע יודען.

הכלל, וואָס זאָל איך אַייך דערצעהלען? ס'איז אַריבער נאָך עט־ליכע טעג, רב ישראל איז אַוועקגעפאָהרען, די איבעריגע אורחים זענען זיך אויך צופאָהרען, איך בין געבליבען אויף דער סטאַנציע איינער אַליין. וואָס טוט מען, געוואַלד, וואָס טוט מען? ניטאָ קיין געלט, ניטאָ קיין ספרים, ניטאָ קיין פרנסה, און דער היים געלאָזט אַ ווייב מיט קינדער!

פער׳גנב׳עט זיך צו מיר אין מח אַ מחשבה׳לע: האַ, מענדעלע, אפשר פאָרט ווערען אַ דרשן?! — איך מאַך זיך ניט הערענדיג, ניט וויסענדיג, איך פערקאַטשע דעם אַרבעל ביז׳ן עלענבויגען און קראַץ זיך געשמאַק און סטאַרע זיך טראַכטען וועגען אַנדערע זאַכען. געהט אַוועק אַ שטיקעל צייט, און דער אייגענער געדאַנק קלינגט שוין ווידער אין מיר, ווי אַ גלעקעלע: געה, מענדעלע, מאַך ניט קיין שהיות, נעהם זיך צום זאָגען! דרשנים זענען איצט אין דער מאָדע, ס׳איז אַזאַ סחורה, וואָס זי געהט... חאַפּ איך שוין איצטיגס מאָל יאָ אַ פּאָר ווערטער פון דעם דאָזיגען געדאַנק, נאָר איך קווינקעל זיך, איך ווייס אַליין ניט, וואָס צו טאָן: פון איין זייט האָב איך מורא פאַר׳ן עולם — ווי געהט מען דאָס גלאַט אַרויף אויף אַ בימה און מע זאָגט פאַר אַן עדה מיט יורען, אַז מ׳האָט עס זינט מע לעבט ניט געפּרובט? היינט איז דרשנות טאַקי אַ שטיקעל עבירה אויך, וואָרום מע געוועהנט זיך צעקאַליעטשען די פּסוקים און מע ווערט אַ גרוי־סער עזות־מחוצף־פנים, ניט אויסגערעדט זאָל זיין; פון דער אַנדערער זייט אָבער טראַכט איך מיר: פּרנסה! און סע שטעהען מיר פאַר די אייגען גאַנצע קופּקעלעך מטבעות, וואָס מע צאָהלט פאַר אַ דרשה. איך קווינקעל זיך נאָך אַליין, נאָר עפּעס טאָרעט מיך שוין אינוועניג, סע טראָגט מיך אונטער: געה, געה, זאָג און פערדי׳ען אַ גראָשען. און זאָלען דיין ווייב מיט די קינדער פערשפּאָרען אויסגעהן פאַר הונגער!... סע ווערט מיר קאַלט און וואַרעם אין האַרצען און אין אַלע רמ״ח אברים; דאָס פּיבער פון דרשנות, די מגפה פון איצטיגען דור, חאַפּט מיך אַרום מיט׳ן גאַנצען כח: סע ציהט ביי דער נשמה, סע נאָגט, סע קיצעלט אינוועניג, סע לאָזט ממש ניט רוהען, איך זאָל נאָר, למען השם, רייד׳ען, ווערען אַ מגיד צווישען יודען. סע טרייבט מיך ווי אַ דבוק, ווי אַ שד, רחמנא לצלן. סע דאַכט זיך מיר — איך וועל ניט אויסהאַלטען, אויב איך ווער ניט אַ בעל־דרשן.

איך לעג זיך אַריין אין בעט און בין שטאַרק פערטאָן אין מחשבות, איך זוך, איך נישטער אין מדרשים, אגדות און פסוקים, איך קלייב שטיקלעך פאַר אַ דרשה, וואָס איך וועל, אם ירצה השם, האַלטען. איך בינד צונויף אין מיין געדאַנק איין מאמר מיט׳ן אַנדערען, חאָטש סע קלעבט זיך אָפּט ווי אַן׳ארבעס אָן וואַנד, איך האַלט מלחמה מיט די פסוקים: די נאָהענטע מאַך איך וויים, די וויימע נאָהענט, דאָס קרומע גלייך, דאָס גלייכע קרום, איך צו׳קאַליעטשע זיי, פערדרעה און פערפּלאָנטע זיי, אַז ס׳איז זיי ניט צו דערקענען; איך שפּרינג פון איין ענין צום אַנדערען.

הויב אָן און לאָז ניט אויס. הויב אָן עפּעס אַנדערש און האַק אָב אינמיטען; דערוויייל איז ביי מיר נאָך אַלץ אָהן אַ טאַלק, אָהן אַ סדר: פּיצעלעך, ברעקלעך, רמזים, מעהר געמיינט ווי געזאָגט, מעהר לאַטע ווי בגד. דער משל איז זיך אַ משל פאַר זיך, קיין נמשל האָט מען נאָך דערוויייל ניט געקאָכט. דער אָנהויב איז דאָ, דעם המשך וועט גאָט געבען. בכלל איז מיר די דרשה געראָטען, — אַ דרשה ווי גאָט האָט געבאָטען, מיט אַלע פּיטשעווקעס, מיט אלע פליטערלעך, מיט הכל בכל מכל כל: אַ סך נאַ־רישע מליצה, צוגעזאַלצען מיט צביעות אין שווינדעל, אַ מאָרנע ליעבשאַפט צום כלל ישראל, צוגעשמאָלצען מיט חנופה — זיס ווי לאַקריץ, אַ טראָפּען אמת און אַ פּאַס ליגענס, אַלצדינג ווי עס רעדט זיך ביי אונז, ברוך השם... איך ליעג אויפ'ן בעט און האָב הנאה פון מיין דרשה, איך קוועל ממש אָן, איך חזר זי אַלעמאָל איבער, דאָ שטעל איך אריין אַ צאַצקע, דאָרט מאַך איך אַ נייעם קנייטש. אַ נייעם אויפטו, איך האַלט שוין ביי „ובא לציון גואל" — קומט עמיצער אַריין...

דער משרת, האָב איהם אָבציג שווארצע יאָהר! וואָס האָט ער צו מיר...

— רב קרוב, מעות...

— לייזער, איך האָב איצט ניט!

— פּעטער, אַז אַ בעל־הבית'טע הייסט, מוז מען געבען.

— איך וויים, לייזער, אוי, ווייס איך, פאַר וואָס זאָל איך ניט וויסען. איך קען זי גוט, די מרשעת!

לייזער'ס וויזיט האָט איבערגעריסען מיינע מחשבות. איך האָב זיך אויפגעחאַפּט, ווי נאָך אַ חלום. לייזער'ן האָב איך פערדרעהט די צייהן מיט אַ תירוץ: מילא, דאָס, יענץ, איך וועל קריעגען, איך וועל איהם געבען מאָרגען. מיר אַליין איז אָבער זעהר געוועזען שטאַרק קאַלעמוטנע, וואָרום איך האָב גוט געוואוסט, וואו דער שוך קוועטשט מיר. טראַכט איך מיר, וואָס איז דאָס פאַר אַ פּלאַן — זיצען אין שטוב און ניט טאָן אַ האַנד אין קאַלט וואַסער. נאָר פערגעהמען זיך מיט פּוסטע פאַנטאַזיעס, וואָס ניט געשטויגען, ניט געפלויגען? אמעהר לאָמיך בעסער אַרויסגעהן אין מאַרק אַריין, אפשר וועט מיר דער אייבערשטער עפּעס צושיקען מיט זיין גרויס חסד.

---

אַז איהר וועט קומען, רבותי, קיין וואַרשאָ, און וועט געהן איבער

די גאַסען, זאָלט איהר זיך שטאַרק היטען פאַר אַ סכנה. וואָרום אויב אונ-זערע יודעלעך זענען אומעטום, ברוך השם, ריהרעוודיגע נפשות, לויפען, איילען, יאָגען זיך אויף וואָס די וועלט שטעהט, זענען די וואַרשאַוער יודען מיט זייער ריהרעוודיגקייט גאָר אַנ'אויסנאַהם צווישען אַלע. אַז אַ וואַרשאַ-ווער יוד קומט אייך אָן אַנטקעגען, איז דאָס ווי אַ באָמבע, ווי אַ פייל אויסע'ן בויגען. איהר אויספייעט זיך ניט אַרומקוקען, ליעגט איהר שוין אויף די שטיינער און קלייבט די צייהן. אַז אַ וואַרשאַווער יוד שנייצט, במחילה, די נאָז און איהר טרעט ניט אָב אָן אַ זייט, זאָלט איהר וויסען, אַז איהר דאַרפט היכף לויפען אַהיים און וואַשען די קאַפאָטע מיט זייף...

וויפיעל נסים האָט מיר גאָט געהאָלפען יענעם טאָג, וואָס איך בין ניט געוואָרען בלינד און הינקענדיג און ניט געבליבען אָהן זייטען, בשעת איך האָב זיך אַרומגעבלאָנקעט אַ פערטראָגענער אין די גאַסען אין געסלעך און מאַרקען, וואו סע זשומעט, קיין עין הרע, ווי אין אַ ביהן-שטאָק, וואר סע לויפען אין טומלען און דרעהען זיך און שטויסען זיך אונזערע יודעלעך אין חאַפעניש און איילעניש, ווי ביי אַ שרפה. געלעזט האָב איך דוקא יענעם טאָג — ניט צו פערזינדיגען — וואו אַ שטעקען, וואו אַ שטופ אין זייט, אַ קלאַפּ אין פּלייצע, אַ קולאַק אין בויך, סטוסאַקעס, באַבענציעס אָהן אַ צאָהל, און איך בין מיר אַזוי געגאַנגען ווייטער און מקבל געווען די קלעפּ באהבה. סוף כל סוף האָט זיך מיר געטראָפען אזא מין מעשה: צוויי יודען זענען אויף מיר אָנגעלאָפען אין איין צייט, איינער פון פאָ-רענט, דער אַנדערער פון הינטען, איינער גיט מיך אַ שטופּ רעכטס, וויפיעל ער האָט נאָר כח, דער אַנדערער שטופּט מיך מיט דעם איינענעם איטפּעט אויף לינקס. מיר ווערט פון אזא אָפּערציע אַזש ליכטיג אין די אויגען און איך זעה בחוש, אַז ס'איז אַ נס, וואָס פון אונז אַלע דריי איז ניט געוואָרען איין מאַטשינקע. אָט אַזוי געה איך אויף צרות און פאַל אין שטעה אויף און געה ווייטער, ביז מ'האָט מיך צוגעשטופּט אָהן מיין ווילען צו אַ גרויסען סקלאַד פון ספרים. וואָס זאָל איך אייך זאָגען? איך האָב טאַקי באַלד דערזעהען בעשיינפּערליך, אַז די קלעפּ זענען ניט געווען אומזיסט: פון זיי האָב איך, פערשטעהט איהר מיך, בעקומען מעהר שטאַרקייט, צוליעב זיי האָב איך זיך אָנגענומען מיט האַרץ און נענאַנגען און געטאָן און אויסגעלעזט געוואָרען פון אַ צרה און דערשלאָגען זיך, וואָס איך האָב געוואָלט. ניט אומזיסט זאָגט די וועלט אַ ווערטעל: דער הונד פערדיענט דעם שטעקען.

רבותי, איך בין שוין, קיין עין הרע, אַ יוד אַ בן-שבעים און זינט

איך בין געקומען צו מיין דעה האָב איך צו טאָן מיט יודישע ספרים, האָב איך געמיינט, אַז איך בין אַ חכם, אַז איך פערשטעה עפּעס אין דעם מסחר, — אָבער אין דעם סקלאַד, וואו איך בין פערגאַנגען, בין איך ערשט געוואויר געוואָרען, אַז איך פערשטעה גאָר ניט, אַז מיין געניטשאַפט איז דאָ ווי אַ טראָפּען אין ים. געוואוסט האָב איך, למשל, אַז ספרים זענען ביי אונז ניט אַי-אַי-אַי, אַז דער עסק פון ספרים איז געשלאָגען: דער פערקויפער ליעגט אין דער ערד און מוז באָרגען דעם קונה נאָך מיט אַ טאַנץ. אָבער אַז דער מסחר זאָל זיין אַזוי טויט, אַז מע זאָל קענען איינקויפען אַ גאַנצען פּאַק ספרים אַפילו אָהן אַ פּרוטה, אָהן אַ צעבראָכענעם גראָשען, נאָר מיט אַ וועקסעל און מיט אַ צוזאָג און מיט אַ הן צדק, און דערצו נאָך אַזאַ מוכר ספרים ווי איך, וואָס איך בין דאָס ערשטע מאָל אין וואַרשאָ און האָב דאָרט ניט קיין איין בעקאַנטען, — זאָגט אייך וואָס איהר ווילט, דערויף האָב איך זיך ניט געריכט. דעריבער אַז ס'איז מיר אויסגעגאַנגען געלט, האָב איך געמיינט — פערפאַל'ען, ניטאָ מעהר קיין האָפנונג. וויפיעל מאָל האָב איך זיך אומגעדרעהט איבער די סקלאַדעס, געקליבען, כלומר'שט. ספרים און זיי אָבגעלעגט אָן אַ זייט, ווי איינער רעדט: איך וועל נאָך האָבען אַ ישוב. — ריידען אָבער מיט דעם בעל-הבית פונ'ם סקלאַד האָב איך ניט געהאַט קיין העזה, וואָרום ווי קומט מען דאָס צו אַ מענשען און מע זאָגט איהם: גיב מיר סחורה און איך וועל דיר געבען אַ הבטחה אויף שפּעטער, אַז דער אייבערשטער וועט שענקען דאָס לעבען? איך האָב, פערשטעהט איהר מיך, גוט געפיהלט מיין וועהטאָג; נאָר יענעם טאָג איז, ווייזט אויס, שוין פול געוואָרען דער בעכער פון מיינע צרות, דאָס לויפען איבער די גאַסען מיט די קלעפּ מיט די באָכענציעס, וואָס האָבען זיך אויף מיר געשיט, האָבען מיך אַזוי צעשרויפט, אַז איך האָב שוין אַוועקגעוואָרפען בזיון אין אַ זייט. אַ צעטראָגענער, אַ בייזער בין איך אַריין אין סקלאַד און אויסגעשאָסען מיט אַ מאָל:

— רבי עזריאל, די מעשה דערפון, רבי עזריאל, איז אַזוי: איך האָב קיין געלט ניט!

— ווער האָט היינטיגע יאָהרען יאָ? — זיפצט רבי עזריאל און נעהמט מיך דורך מיט די אויגען, — שלעכטע געשעפטען, פּאַני, געשלאָגען דער מסחר, — זיץ און קוק אָן די פיער ווענד!... מע ווייסט דען, מ'שטיינסגעזאָגט, אויף וואָס פאַר אַ וועלט מע לעבט?... היינט בין איך דאָ, מאָרגען... ווייס איך, וואו איך וועל מאָרגען זיין?

— איך האָב ניט, מיט וואָס צו בּאַצאָהלען פאַר דער סחורה היינט, רב עזריאל, איהר הערט, וואָס איך זאָג?

— אוי, איך הער, איך הער, רבי מענדעלע, פאַר וואָס זאָל איך ניט הערען... נאָר וואָס דען, ס'איז עפּעס אַ חידוש? אַז אַ יוד קען ניט צאָהלען, זוכט מען זיך עפּעס אַנ'עצה, טוט מען זיך, ווי זאָגט מען דאָס, אַביסעלע אַ קוועטש, ציהט מען זיך איבער'ן כח... אַ ברירה האָט מען?... אַזוי פיהרט זיך שוין די וועלט, רבי מענדעלע, מע קוועטשט דעם יודען, קוועטשט ער זיך, קוועטשט ער יענעם, האַלט מען אין איין קוועטשען, אין איין שטופּען... דערויף איז מען דאָך יודען...

— גאָט איז יודע דעם אמת, רבי עזריאל, אַז איך וואָלט זיך דוקא געקוועטשט, וויפיעל איך האָב כח, די מעשה איז אָבער אַזוי, רב עזריאל... די מעשה איז, אַז סע העלפט ניט קיין קוועטשען זיך! לאָזט זשע, רב עזריאל, וועל איך איצט אייך אַביסעל אַ קוועטש טאָן...

— אַביסעל — פאַר וואָס ניט, אָך, מיט'ן גרעסטען כבוד, רב מענ-דעלע! אַביסעל זיך לאָזען אַ קוועטש טאָן, דהיינו: איצט במזומנים אַ העלפט, אַ דריטעל, דאָס איבעריגע אין אַ צייט אַרום — דאָס אַרט מיך דוקא ניט. דערויף בין איך מוסכם. וואָס דען זאָל מען טאָן?... געשעפט איז געשעפט. כל זמן שהנשמה בקרבי, ווי זאָגט מען דאָס, דאַרף מען מקיים זיין די מצוה, דאַרף מען האַנדלען און וואַנדלען... איך האָב גע-הערט אויף אייך, רב מענדעלע, אַז איהר זענט אַ בטוח, אַ איש נאמן... קוועטשט רב מענדעלע, קוועטשט, פאַר וואָס ניט, אָבער קוועטשט מיט רחמנות!

— ניין, ניין, רב עזריאל! היינט זאָלט איהר מיר ניט ריידען, היינט זאָלט איהר מיר בעסער שווייגען, היינט זאָלט איהר ניט האָבען קיין טענות, ווען איך וועל אייך, במחילה, אַ קוועטש טאָן אַריבער דער מאָס: קוועטשט זיך אַליין, רב עזריאל, קוועטשט זיך איבער די כחות און שווייגט, וואָרום ס'איז היינט שלעכטע צייטען אויף דער וועלט! די היסטאָריע פון דער מעשה איז אַזוי... אַזוי און אַזוי... אַ שעת הדחק... ניטאָ קיין מזומנ'ער גראָשען.

— און אַז דאָס איז ניטאָ... ס'הייסט מזומנים אַז סע פעהלט אויס, דאַרף מען, ווי זאָגט מען דאָס, זיך דרעהען... אפשר מאַכען אַ חילוף, רב מענדעלע? אפשר האָט איהר אויף צו בייטען?

— ניטאָ!

— וואָס זשע דען?

— אַ חתימה, רבֿ עזריאל. מיין וועקסעלע איז דאָס בעסטע ערבות. איהר דאַרפט ניט האָבען קיין בעסערע בעװאָרעניש.

— איהר זענט מאַקי אַ בטוח, רבֿ מענדעלע, אודאי. פון איין זייט איז דאָס אַזוי... אַז מיר וועלען אָבער נעהמען דאָס אייגענע פון דער אַנדערער זייט, וועט זיין ניט אַזוי, נאָר גאָר אַנדערש, — שלאָגט זיך רבֿ עזריאל מיט דער דעה, און דערביי דרעהט ער מיט די פינגער דעם שפּיץ באָרד און לעגט איהם אַריין אין מויל אַריין, נאָכדעם שטעלט ער אויף מיר אויס די אויגען און זאָגט:

— אַזוי, אַזוי טוט זיך דאָס היינט אויף דער וועלט, ניטאָ!...
נו, שרייבט זשע, רבֿ מענדעלע, שרייבט און חתמ'עט און נעהמט סחורה און זאָל זיין אין אַ גוטער שעה. נאָר געדענקט, אַ וואָרט איז אַ וואָרט...

---

אויף מאָרגען בין איך למזל שוין געפאָהרען אַהיים מיט דער באַהן. אין וואַגאָן איז דער עולם געזעסען האָפּטעסוויז, יודען באַזונדערס, גויים באַזונדער. די יודען ריידען פון מסחר, פון דער בירזשע און דעם תבואה־מאַרק. מע רעדט אויף יודיש, אַלע מיט אַמאָל, און ס'איז, קיין עין הרע, אַ געפּילדער, אַ יריד, ווי דער שטיינער איז. די גויים ריידען אויף זייער לשון, טייל שעפּטשען זיך, טייטען מיט די פינגער, שפּעטען אָב — אויך ווי דער שטיינער איז. אין וואַגאָן איז פינסטער. איך זיץ מיר אין אַ ווינ־קעל און וויל גאָר ניט וויסען, וואָס סע טוט זיך אַרום מיר. איך זיץ איינער אַליין, איך דערמאָן מיך אַלע מעשים מיט אַלע טרעפענישען, וואָס האָבען זיך מיר געטראָפען די לעצטע טעג, איך בעטאַפּ מיך, צו בין איך טאַקי באמת געבליבען גאַנץ מיט אַלע מיינע אברים, און דאָס האַרץ פרעהט זיך מיר, וואָס פון אַלע צרות מיט שלעק מיט אומגליקען בין איך אַרויס געזונד און שטאַרק און פיהר נאָך דערצו אַ שלל מיט סחורה אויך! אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, אַ דאַנק דיר, פאָטער אין הימעל, פאַר דיינע גרויסע נסים. פאַר'ן דראַפּען זיך אין דער הויך, פאַר'ן ווינקעלע אויפ'ן בוידעם, פאַר'ן נצול ווערען פון אַ סכנה, פאַר די געשעפטען מיט די מסחרים מיט די פרנסות מיט אַלע גרויסע וואונדער און חסדים, וואָס דו האָסט געטאָן מיט אונז, כדי צו גרויסען א ו נ ז ע ר נאָמען און צו הייליגען דיין גרויסען, פאָרכטיגען נאָמען, וואָס ווערט גערופען אויף אונז...
איך שטעל מיר פאָר מיין אַלטיטשקע, ווי זי וועט זיך דאָס דערפרעהען, ווען זי וועט דערזעהען, אַז איך קום אַריין אין שטוב מיט גאַנצע פּעק

ספרים, ווי זי וועט דאָס שיינען, אָנקווועלען פאַר נחת; איך מאָל מיר אויס, ווי איך פעסטע זיך פאַר איהר, און זי מוט מיין רצון, זי בעריעגט מיך, זי קיכעלט מיך, זי זאָגט מיר מיט אַ ווייך קול: מענדעלע, עס, מענדעלע טרינק, און לאָז דיר וואויל בעקומען! מענדעלע, גיְה, לעג זיך צו אַביסעל! מענדעלע אַהין, מענדעלע אַהער!

זיץ איך מיר אַזוי און מאָל מיר אויס בילדער, איינס שענער פונ'ם אַנדערען. איך גלעט מיר די באָרד, גרייזעל די פאות און שמייכעל מיט פערגעניגען, — דערהער איך פלוצלינג אַ געשריי, אַ קללה, אַ זידלעריי: איינער שרייט: אַ רוח אין ריין טאַטענ'ס טאַטען! נאָכ'ן טאַטען דערהער איך אַ קנאַק, ווי פון אַ פאַטש, נאָכ'ן קנאַק — אַ קוויטש און אַ געלעבטער. וואָס קען דאָס זיין? איך שטעה אויף און געה צו נעהענטער... אַ שענע מעשה, כ'לעבען.

איך דערזעה רב שמשונ'ען און אַלבערט האָצעקלאָצער — זיי רייסען זיך, ווי די הינער! אַרום און אַרום שטעהען יודען און גויים און לאַכען...

די מעשה איז געוועזען אַזוי:

צו אַ קאָמפּאַניע פּאָליאַקען, גויים, וואָס זענען זיך געזעסען בעזונדער אין אַ ווינקעל, איז געהאַט צוגעשטאַנען אויך אונזער בעקאַנטער אַלבערט. געהאַלטען האָט ער זיך אַזוי, אַז מ'האָט געקענט מיינען — ער איז טאַקי באמת אַ פּאָליאַק. ער האָט גערעדט מיט זיי אויף זייער לשון, אָבגעלאַכט פון יודען גלייך מיט זיי, חוזק געמאַכט און געזאָגט ווערטלעך — און געהאַט שטאַרק הנאה. איז אָבער אַ גזרה פון זיין ליעבען נאָמען, אַז אַ יודען איז גיט בעשערט קיין גוטס, האָטש ער מעג זיך אַפילו שעמען מיט'ן נאָמען יוד. דאַרף זיך טרעפען, אַז אין אַנדערען ווינקעל, פונקט אַנטקעגען, איז גראָד געזעסען רב שמשון צווישען אַ קאָמפּאַניע יידען. דערזעהען פון דער ווייטענס אַלבערט'ן, ווי ער זיצט דאָ אַזוי בהרחבה און רעדט און לאַכט און איז גאָר בגילופין, דאַרף מסתמא רב שמשון אויפשטעהן פון זיין אָרט, צוגעהן צו איהם. דערלאַנגען איהם דעם פרעהליכען שלום עליכם, און דוקא אויף יודיש, און דוקא גאַנץ ברייטליך, אַזוי אַז אַלע זאָלען הערען, און רופט איהם דוקא: רב אברהם, און איז זעהר צופריעדען, וואָס מע זעהט זיך נעזונטערהייט. דערהערען דאָס די פּאָליאַקען, וואונדערן זיי זיך, און אַלבערט איז זיך גרייט צו בעגראָבען ניין איילען אין דער ערד. וואָס זשע טוט ער? מאַכט ער זיך הארץ און מיט אַ געשריי אויף רב שמשונ'ען, און דוקא אויף פּויליש: געה ווייטער,

יוד, איך קען דיך נים! — דערהערט דאָס רב שמשון, ווערט ער שטאַרק אין כעס: ס'טייטש, מע קען איהם שוין גאָר ניט! און אַזוי ווי ער ווייסט, אז דאָס איז אַ יוד, ניט קיין גוי, וויל ער דאָס ניט פערשוויייגען, זאָגט ער שוין אויף פויליש: אַז אָך און וועה איז רב פייבוש'ען, וואָס ער האָט נאָר געהאַט אַזאַ בן סורר ומורה! זיין פאָטער, רב פייביש, — דערצעהלט ער די פּאָליאַקען אויף אַ געבּראָכענער שפּראַך, — איז געווען אַ פרומער, אַ כּשר'ער יוד... ווערט אַ געלעכטער, אַ זידלעריי: די פּאָליאַקען לאַכען, אונזערע יודען, רב שמשון און אַלבערט, זידלען זיך, סע ווערט אַ רעש, אַ טומעל, און אינמיטען דערינגען פאַלט אַ פּאַטש. ווער ס'האָט איהם געגעבען דער ערשטער, דערינגען איז דאָ חלוקי דעות, די זאַך איז נאָך ניט קלאָר עד היום. איינס אָבער איז בּעוואוסט און זיכער, אַז ביידע צדדים האָבען זיך נאָכדעם צעטיילט מיט די פעטש חלק כחלק. בשעת איך בין צוגע-גאַנגען נעהענטער אינאיינעם מיט די איבעריגע יודעלעך, וואָס זענען גע-וועהנטליך להוט נאָך נייעס, איז דאָס מחלוקת געווען אין סאַמע ברען. דערזעהט מיך רב שמשון און חאַפּט מיך אָן און שלעפּט מיך צו די פּאָליאַקען:

— אָט האָט איהר, פּאַנאָוויע, אַנ'עדות! זאָגט איהר, רב מענ-דעלע, איהר קענט אָט דעם רב פייביש'עס זוהן? איך פערלאָז זיך אויף אייך.

— אַוודאי קען איך איהם, רב שמשון! פאַר וואָס נים? איך קען איהם אַזוי, פּונקט ווי איך קען אייך! — ענטפער איך איהם בקול רם, און אין האַרצען טראַכט איך מיר: הלואי וואָלט אייך ביידע געקענט דער שוואַרץ יאָהר... איהר זענט, כ'לעבען, ווערט איינס דאָס אַנדערע.

— מיאוס'ער זשיד, פּרא אדם! — שרייט אויף מיר דער דייטש.

איך דערהער אַזאַ חוצפה, עפּען איך אַ מויל און הויב אָן ריידען מיט אַמאָל אויף דריי לשונות — פויליש, רוסיש און יודיש. איך זאָג מיר רוהיג, געלאַסען:

— פּאַנאָוויע! ווי מע שמועסט, איז ציבעלעס און קנאָבעל אַנ'-עדות ביהוסף, אַז...

נאָר איך האָב נאָך ניט דערדעדט ביז'ן סוף, בלייבט דער צוג שטעהען ביי עפּעס אַ סטאַנציע, די קאָנדוקטאָרען קומען אַריין און שלעפּען אַוועק אי רב שמשונ'ען, אי אַלבערט'ן צום נאַטשאַלניק סטאַנציע — בּע-שטראָפען זיי פאַר אַ סקאַנדאַל אין אַנ'עפענטליכען אָרט. דער צוג פאָהרט ווייטער, און מיין עדות-זאָגען וועגען רב אברהם בר' פייבוש איז טאַקי אַזוי

געבליבען נים דערזאָגט — דערוויילע, ביז די צייט וועט קומען...

די פּאָליאַקען זיצען און שמועסען וועגען דעם ענין און טייטשען איהם אויס אויף פערשיעדענע אופנים: מע לערענט אָב פונ׳ם פרט אויפ׳ן כלל, מען פערגלייכט, מע אַמפּערט זיך. איינער, דער עלטסטער פון זיי, וואָס האָט געשוויגען די גאַנצע צייט, רופט זיך אָן:

— מיינע הערען! אויף מיין וואָרט, איך האָב בעסער ליעב די פּראָסטע יודען פונ׳ם פּאָלק, וואָס זענען מקיים זייער חוב פאַר גאָט, וואָס חקירה׳ן נים און פּאַלשעווען נים און לעבען, ווי זייערע טאַטעס און זיידעס האָבען געלעבט, און איך קען נים איבערטראָגען די, וואָס פערשטעלען זיך פאַר פּאָליאַקען, מאַכען זיך מיאוס, שעמען זיך מיט זייער יודישקייט, טוען אָן אַ־ערליי מאַסקעס, ווילען נאָכמאַכען אַנדערע פעל־קער, כדי מ׳זאָל נים דערקענען, אַז זיי זענען יודען.

פיעלע פון די פּאָליאַקען זענען מיט איהם מסכים, און צוויי דער־צעהלען אזאַ מין מעשה:

— געווען איינער אַ יודישער פּאָליאַק, וואָס איז געזעסען מיט אונז אין קלוב און געשפּיעלט אין קאָרטען, האָבען מיר גראָר געדאַרפט וויסען, ווען עס געפאַלט דאָס יאָהר סוכות ביי יודען, פרעגען מיר איהם. זאָלט איהר געזען זעהען, ווי דער איז געוואָרען אַ פערביטענער, אַ קוראָט ווי מיר האָבען איהם באמת אָנגערירט זיין האָנאָר, און ווי ער האָט אונז געענטפערט מיט אַ מין גאוה און אַ אומצופריעדענקייט: פרעגט איך, פּאַנאָווע, אַנ׳אַנדערן, איך ווייס נים פון קיין יודישע ימים־טובים. — אויף עהרען־וואָרט, פּאַנאָוויע, דאָס איז אַ פּאַקט. נו, היינט ווי קען מען איהם שעצען, אַז ביי איהם אַליין איז ניטאָ קיין כבוד צו זיינע הייליגקייטען, צו זיינע ימים־טובים, צו זיין איינענער פערזאָן?

אַזוי ריידען צווישען זיך די פּאָליאַקען, וועד סע לויבט, ווער סע זידעלט די יודען, ביז זיי ווערען ביסלעכווייז אַנטשלאָפען. איך גיב זיי אָפּט אָב דעם גערעכט, און איך שעם זיך פאַר זיך אַליין, און דאָס הארץ בוים מיר וועה. אַ גאַנצע נאַכט בין איך אַזוי געזעסען אין יסורים, גע־זיפצט, געזאָרגט זיך, נים געשלאָפען און נים געוואַכט. אין קאָפּ האָבען זיך מיר געדרעהט אַלערליי בילדער, ווי אַזוי סע לעבען אונזערע יודעלעך, ווי אַזוי זיי פיהרען זיך, ווי אַזוי זיי שטעהען און געהען, ווען זיי האָבען ליעב, ווען זיי האָבען פיינט, ווען זיי יאָגען און ווען זיי נעבען אָב כבוד, אַלע משונה ווילדע מעשים זייערע בישיבה של מעלה ובישיבה של מטה. איין בילד שלעפּט נאָך אין קאָפּ דאָס צווייטע, איין געדאַנק דערוועקט אַנדערע גע־

דאַנקען. סע מאָלט זיך מיר אַזוינס, וואָס ס'איז געווען פריהער מיט הונדערטער יאָהרען, וואָס ס'איז געשעהן אין עק וועלט. איך דערמאָן זיך, אַגב, איין מעשה, וואָס איך האָב געהערט נאָך קינדוויייז פון איינעם אַ שרייבער, אַ געלעהרענטען נאַטור־פאָרשער. ער האָט מיר דערצעהלט, וואָס הומבאָלד האָט געזעהען ביי אַ טייך ערגעץ אין די ווייטע מדינות.

דער טייך האָט אַ כבע, אַז פון צייט צו צייט געהט ער אַרויס פון די ברעגען און פערפלייצט דאָס לאַנד אַרום זיך. ווען ס'הויבט זיך אָן אַ געוויסער, פאַלט אַ גרויסע אימה אויף אַלע חיות און אַלע בהמות אַרום און אַרום, אַ מהומה, אַ געלאַף! דעמאָלט פערגעסט מען די שנאה. דעם האַס, מע בייסט זיך ניט, מע רייסט זיך ניט, מע טראַכט נאָר וועגען של"ם און פריינדשאַפט. איין חיה העלפט דער אַנדערער, דער שטאַרקער האַלט אונטער דעם שוואַכען: אַ וואָלף ראַטעוועט אַ שאָף, אַ בער ציהט אַרויס פונ'ם וואַסער אַ ציקעלע. סע געהען אינאיינעם גרויסע חיות און קליינע, ווילדע און היימישע, פריעדליכע און בייזע; מע געהט, מע לויפט, מע קומט צו אַ הויכען באַרג און מע בלייבט דאָרט די גאַנצע צייט, ביז די צרה וועט אַריבער. — אַז סע פאַלט אָבער אָב דאָס וואַסער, סע ווערט אַביסעל גראַמער, אהאַ! איז שוין ווידער אויס ברודערשאַפט, אויס ליעבשאַפט! דער לייב קריצט מיט די ציינער, דער לעמפּערט רע־וועט, ברומט, דער טיגער שטרעקט אויס זיינע נעגעל, ווער סע קען נאָר, בעפאַלט דעם שוואַכערען און פערצוקט, די שפּעלעך, די ציגען לאָזען זיך לויפען. ס'איז אויף ווי אַ פחד, אַ צרה, אַנ'אומגליק. ראַטעווען קען זיך נאָר דער, וואָס איז גרינג אויף די פיס. מע צעלויפט זיך אין אַלע זייטען...

גאָט, האָב רחמנות אויף דיין פאָלק ישראל! — — —

---

גאַנץ פריה האָט דער צוג זיך אָבגעשטעלט נעבען אַ גרויסען וואָק־זאַל, פון וואַנען סע שיידען זיך די וועגען: איינער נעהמט זיך קיין גלופּסק, דער אַנדערער קיין בויבעריק. דורכ'ן פענסטער פונ'ם וואַגאָן האָב איך געקוקט אויף די גרויסע מחנות דורכפאָהרער, וואָס דרע־העז זיך דאָרט אַרום איבער דער פּלאַטפאָרמע, צווישען זיי אַ היבש ביסעל יודען. גרויסע און קליינע, מאָגערע, דאַרע, קוואַרע, איינגעבויגענע, איינגעהויקערטע, פינסטערע, חשב'דיגע, וויסטע — אַ געמיש פון כל המינים. אַלע לויפען מיט גרויס איבפעט, סע שלעפּט קלומקעס, בעט־

געוואַנט, אַלערליי בעבעכעס. מע רעדט, מע שרייט, מע פּילדערט, ס׳איז אַ יריד, אַ טאַראַראַם, ממש טויב צו ווערען. צווישען אַט דעם גרויסען עולם דערזעה איך פּלוצים — טרעפט וועמען? שמואל דעם קליינעם! ער האַלט זיין שותּף יעקב פאַר דער פּאָלע, שפּרינגט איהם אין פּנים אַריין, רעדט עפּעס מיט גרויס היץ, גיסט אויף איהם אויס זיין בייז מזל. איך גיב אַ געשריי: שמואל! — איינמאָל, דאָס אַנדערע מאָל, ער הערט ניט. איך שריי דאָס דריטע מאָל — ער דרעהט זיך אוים און דערקענט מיך.

— יעקב, יעקב! — שרייט ער, און שלעפּט דעם שותּף פאַר דער פּאָלע, — זעה נאָר, זעה, אָט איז דאָך רב מענדעלע אין וואַגאָן, רב מענדעלע, יענער פון׳ם בוידעם, רב מענדעלע, וואָס איז געזעסען מיט אונז דאָרט אין עק בוידעם!.. שלום עליכם, רב מענדעלע! — שרייט ער און לויפט צו מיין פענסטער.

— שלום עליכם, רבי שמואל! רבי יעקב! — ענטפער איך זיי פון דער וויטען. נאָר איידער זיי לויפען צו, טוט מען אַ קלונג, אַ פייף, און דער צוג ריהרט זיך פון׳ם אָרט.

— וואָס מאַכט איהר, ברידער?.. וואָס הערט זיך עפּעס?... וואוהין פאָהרט איהר?.. שריי איך צו זיי מיט׳ן גאַנצען כח און שטרעק צו זיי די הענד.

און יענע לויפען, איילען, שרייען עפּעס, נאָר איך פערשטעה שוין ניט, וואָס... איך הער נאָר געשרייען הינטער זיך, ניט קיין קלאָרע ווערטער, און דער סוף לאָזט זיך — אין בויבעררעדק!...

(ענדע).



# די נשרפים.

## א.

דאָס, רבותי, וואָס איך וויל אייך דאָ דערצעהלען, איז געשעהן פונקט אין דעם יאָהר, וואָס נאָך דער גרויסער שרפה אין קאַבצאַנסק.

די דאָזיגע שׂרפה, מוזט איהר וויסען, שטעהט פערשריבען אין די קראָניקעס, אין קהל'שען פנקס הייסט עס, און קאַבצאַנסקער יודען רע־בענען אַלסדינג וואָס געשעהט אין זייער לעבען נאָך דער צייט פון דער שרפה. מען זאָגט אַ שטיינער: דער און דער איז געבאָרען געוואָרען, דער און דער האָט חתונה געהאַט אָדער איז געשטאָרבען אַזוי פיעל און אַזוי פיעל נאָך דער שרפה. דער עפוש, נישט היינט געדאַכט, דאָס אויסרייניגען די מקוה, די ברונענס וכדומה, איז געשעהן אין דעם און אין דעם יאָהר נאָך דער שרפה.

איך אַליין בין דענסטמאָל ביי דער שרפה נים געוועזען אין שטאָדט, בין אַרומגעפאָהרען, ווי געוועהנליך, מיט מיין ביידעל ספרים צווישען יודען. גאַזעטעס, ווי היינט, זענען דענסטמאָל ביי אונז יודען נאָך ניט געוועזען, נישט קיין „קאָרעספאָנדענציעס" און „אַרטיקלען"-שרייבערס, נישט קיין מודעות וועגען עגונות און נישט אַ צוגיסען-זיך אין „לשון", אין שאַרפע מליצות אויף מתים און אויף שרפות. האָט אַ יוד מענן געוועזען דאָס חייב מילא, איז זי זיך אַ עגונה, איז אַ יוד געשטאָרבען, מילא, האָט מען איהם בענראָבען, אַ באָד האָט אָפּגעברענט, אַ שטעדטיל, ניט-דאָ-געדאַכט, איז אַוועק מיט'ן רויך — נו, שאַ! אָט אַזוי האָט זיך גאַנץ קאַבצאַנסק אָפּגעברענט און איך זאָל דאָס נאָר אָנהויבען אפילו צו-וויסען!

געה איך מיר אַזוי איינמאָל טריט בײַ טריט נאָך הינטער מײַן אָנגעלאָדען וועגעלע, דאָס פערדיל מײַנס ריהרט זיך ווי אַ בלײַען פויגעלע, שמשיפעט בײַם וועג-געהענדיג גראָז און קײַעט עס רוהיג גאַנץ געלאַסען. געווען איז עס דענסטמאָל ל״ג בעומר, איינער פון יענע זומער-טעג, אין וועלכען אַ יוד איז ניט אין טרויער און מעג הנאה האָבען פון גאָטס וועלטעל דער שענער. איך געה מיר אַזוי האָפּערדיג, האַפּענדיג אַ קוקע-לע אויף אַ בוימעלע, אויף אַ גרעזעלע, אַ בלימעלע און אויף גרינע תבואות. הדודאים, די פײַלכעליך נתנו ריח, גיבען די שמוכט, די פעלד-פויגעליך שפּילען מיר אַ מאַרש און מיר דאַכט זיך, איך הער די פּידעל מיט דער פויק, די פּלעט, די באַנדורע מיט דער צימבעל — דאָס גאַנ-צע כלי-זמר-שפּיל אויף די חתונות היינטיגען טאָג בײַ יודישע קינדער, איך קוועל גאָר אָן פון זייער שמחה און שיק פונדערווייטענס זיי אַ מזל-טוב. הלואי זיי זאָלען זיך מעהרען בײַ-זיך אין שטעדטיל דאָרט, ווי דאָס גראָז אופ׳ן פעלד ראָ.

און ווי איך בעטראַכט מיר גאָטס שענע וועלט און די וואונדער-ליכע חערק זײַנע, שטאַרק הנאה האָבענדיג דערפון, דערזעה איך פונ-דערווייטענס עפּיס גאַנצע קומפּאַניעס פאַרשוינען מיט שטעקענס אין די הענד, מיט טאָרבעס אויף די פּלייצעס ווי עכטע קבצנים. אמת טאַקי, בעגעגנען אויפ׳ן וועג קבצנים איז זעהר אַ געוועהנליכע זאַך. ס׳איז שוין איינמאָל אַזוי געשטעלט בײַ יודען פון אײַביגע צײַטען, אַז קבצנים זאָלען בײַ זיי זיך שטענדיג אַרומשלעפּען איבער שטעדט און שטעדטליך, נאָר אַזוי פיעל קבצנים אָבער מיט-אַ-מאָל אין גרויסע מחנות ווי די היישרעקען — דאָס איז מיר שוין געווען אַ גרויס וואונדער. און נאָך גרע-סער איז מיר געוואָרען דאָס וואונדער, אַז זיי זענען צוגעקומען נאָהענט און איך האָב אין זיי דערקענט מײַנע קאַבצאַנסקער יודען!

— אוי, קאַבצאַנסק וואַנדערט! — רוף איך אויס דערשראָקען דערזעהענדיג פאַר מיר די גאַנצע מחנה יודען, מענער, ווייבער און קינ-דער, אָפּגעריסענע-אָפּגעשליסענע, הונגעריגע, דאָרשטיגע, אין צעהנטען אײַנגעהויקערטע — וואָס איז אַזוינס געשעהן, ברידער?!

— אוי, חרב געוואָרען אונזער שטאָדט! — ענטפערען אלע מיט אַמאָל — יאָ, קאַבצאַנסקער זענען מיר, קאַבצאַנסק אָבער איז שוין נימאָ!

— אַ שטראָף פון גאָט איז געקומען, אַ אָנשיקעניש פון זײַן ליע-בען נאָמען! — פאַלען אַרײַן ווייבער אין-דערמיט מיט אַ געוויין.

— אַ צאָרן פון גאָט איז אויף קאַבצאַנסק אויסגעגאָסען געוואָ־רען — העלפען־אונטער מאַנספּילען מיט אַ קרעכץ.

— בעוונותינו הרבים — הויבען עטליכע אָן צו דערצעהלען — בעוונותינו, פאַר די זינד אונזערע האָט זיך אָנגעחאַפּט די סאַזע ערגיץ אין קוימען...

— אין נפתלי דעם רויטענס קוימען — פאַלען אַנדערע אַריין אין די רייד — ביי איהם אין קוימען האָט זיך עס אָנגעצונדען די סאַזע, וואָס איז ניט געווען געקעהרט שוין אַ לאַנגע צייט. פון דאָרט איז דאָס פייער אַרויס, בעוונותינו הרבים, איז געפלויגען מיט דעם ווינד אויף די שטרויענע דעכליך, זיך אָנגעחאַפּט אין די הילצערנע הייזליך. עס ברענט, עס פלאַקערט אַ שרעק. ס'איז אַ געטימעל, אַ געשריי, אַ געוואַלד — און ווער זאָל אין אַזאַ מהומה, אַזאַ לויפעניש זיך שטעלען לעשען? אוי, וואָס פון אונז איז געוואָרען! עפּיס טאַקי נאָר פונ'ם הימעל איז אַרוים אַ פייער און פאַרברענט אונזער שטעדטיל!

— ברידער! — חאַפּ איך מיך אַרויף אויף זיי מיט אַ טענה — אָנגעהויבען האָט איהר מיט אַ פייער פון נפתלי דעם רויטענס קוימען און אויסלאָזען לאָזט איהר נאָר אויס מיט אַ פייער פונ'ם הימעל! ווי קומט אַ העך דער הימעל?

— דאָס פייער פונ'ם הימעל, פערשטעהט איהר, איז בעשיעהרט געווען צוקומען דורך דעם רויטענס קוימען — ענטפערען מיינע קאַב־צאַנסקער פשיט'ע יודען, וואָס ווייסען ניט קיין חכמות — פון דאַנען, פון דאָרט—אַלץ איינס. אַ בעוויז האָט איהר אַייך אָט וואָס: יאָהרען־לאַנג איז דעם רויטענס קוימען, ווי אַ סך אַנדערע קוימענס, נישט געוועזען גע־קעהרט, און פונדעסטוועגען מיט חסד, ס'איז גאָרנישט געשעהען. ס'זע־נען דאָ טפשים אַזעלכע, וואָס זאָגען אונז: רעכט אויף אייך! איהר האָט די שרפה כשר פערדיענט דערפאַר, וואָס די הייזער אייערע זענען געשטאַנען הארט איינס נעבען אַנדערען, וואָס די דעכער, מ'שטיינס געזאָגט, זענען געווען נעדעקט מיט שטרוי, וואָס די אויוועגס זענען ניט געמאַכט ווי געהעריג און דערפאַר וואָס ביי אייך זענען נימאָ די כלים די אַלע נויטיגע מיטעל צום לעשען.״ די דאָזיגע שוטים אָבער ווילען ניט פערשטעהן, אַז מכמה ובמה יאָהרען איז קאַבצאַנסק זיך אַזוי געשטאַנען נישט צו־וויסען קיין־ביזן, דער אמת איז טאַקי ווי גם שטעהט געשריעבען: אם ה' לא ישמור עיר, אַז דער אויבערשטער היט אַ שטאָדט ניט, שוא שקד שומר, איז אומזיסט די מיה פון אַ בי

חעלכען שומר. איז בעשעהרט א פייער פונ׳ם הימעל, קען קיין שום וואסער ניט, עם פארלעשען.

א קענען א פסוק העלפט נישט קיין זאך, נישט קיין חכמות, נישט קיין טענות, דעריבער האב איך אנגעבויגען דעם קאפ און געשוויגען.

## ב.

מײנע קאַבצאַנסקער זענען שיער ניט געפאַלען פון די פיס, אַזוי אָפּגעמאַטערט זענען זײ געװען פון צופוס געהען. מיר אַלײן האָט שױן אײך טאַקי געבראָכען די פיס פונ׳ם נאָכגעהען הינטער דעם װעגעלע; דעריבער האָבען מיר זיך אָפּגעשטעלט אױסצורוהען אַ ביסעל נעבען אַ װעלדעל בײ אַ קלײן װאַסערעל. אױף די װערבעס דאָרט האָבען די קאַבצאַנסקער אױפגעהאַנגען זײערע טאָרבעס און אַלײן זיך אױסגעצױגען אױף דער האַרטער ערד. מאַנסבילען אָחען און קרעכצען. האַמפערען זיך, קריגען זיך, בעטראַכטענדיג זײער לאַגע. װײבער קלאָגען פאַרשעלטענדיג זײערע טעג און יאָהרען. עופעליך, קלײניטשקע לעכצען נעביך, זוכען בײ די מאַמעס צװױגען און געפינען נישט קײן קאַפּ מילך. עלטערע קינדער חלש׳ען נאָך אַ שטיקעל ברױט און װײנען מיט ביטערע טרערען. לײזעריל, דער קאַבצאַנסקער שנאָרט=משוגענער, אײך ער געפינט זיך דאָ צװישען דעם קאַבצאַנסקען עולם. די קלײדער פאַרשמירט, צעריסען, די האָר צושױבערט, דאָס היטעל פאַרריקט אַ הינטען. ער דרעהט זיך אַרום, געהט נאָך, װי אַ קוה אַ קעלבעל, אַ מאָל נאָך דעם, אַ מאָל נאָך יענעם, עפענט אַ מױל און קוקט, ברײנגט אַרױס אַ מאָל עפּיס אַ פאַרדומפּפט קול, אָהן װערטער. פאַראומערט, פאַרזאָרגט זיץ איך צװישען מײנע פאַרװײסטע, אומגליקליכע קאַבצאַנסקער נעביך, עס רײסט מיר דאָס האַרץ צװעהענדיג זײערע ביטערע צרות, װױסט און פינסטער איז מיר נאָטס װעלטעל. אױ, װאָס געהט זי מיך אָן, די שײנע נאַטור מיט איהר חן? פאַר אַנדערע איז זי גוט און שען, ניט פאַר אונז יודען. די זון קװיקט מיך ניט מעהר מיט אַ ליעבע װאַרימקײט,

זי ברענט מיך ווי פייער, דאָס לינדע ווינטעל איז פאַר אונז אַ ווינט צו שרפות, דאָס גערוך פון פעלדבלומען און קרייטעכצער שמעקט פאַר אונז מיט רויך. אוי, אונז מאָהלט זיך נאָר שרפה'ס — פייער, חינט און זיילען רויך! דאָס שפּילען פון די פייגעלעך דאַכט זיך אונז אַ ווייגענרינגס, דאָס געזאַנג זייערס — אַ קלאָג־ליעד!

— וואוהין־זשע, ברידערליך, געהט איהר? — טהו איך לסוף אַ פרעג מיינע קאַבצאַנסקער יודען, האָבענדיג אויף זיי שטאַרק רחמנות.

— וואוהין קענען יודען נשרפים געהען? — ענטפערט חברה ויפצענדיג און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ — אהין וואו אַלע יודישע אָרימעלייט געהען. צו אונזערע באַרמהערציגע אחינו בני ישראל געהען מיר. מיר האָבען כתבים אונטערגעשריבען פונ'ם רב און פון די ראשי הקהל, אַז מיר מעגען אַרומגעהען איבער די הייזער, מעגען מיר. אונזערע ראשי הקהל, זאָלען לעבען, האָבען פאַרזאָרגט די נשרפים, אייגענטליך צווישען זיי די יודישע שטעדט על פּי גורל. אַ מהייל קומפּאַניעס איז אויסגעקומען אוועקצולאָזען זיך אהין, פון יענער זייט קאַבצאַנסק, און אונז איז דער גורל אויסגעפאַלען צולאָזען זיך אהער, אין דער זייט. אַ צינר בעדאַרפען מיר דאָ נאָך אַ צווייטע איינטהיילונג, וועמען זאָל געהערען די שטעדט און וועמען יענע שטעדט. קענען מיר זיך אָבער נישט אויסגלייכען. וואָהין יענע ווילען, שטופען זיך נאָך זיי אויך די אַנדערע, בכן האַלטען מיר זיך, ווי איהר זעהט, צונויפגעשטיקט אַלע אינאיינעם, אין איין גרויסע קומפּאַניע. מען האַמפּערט זיך, מען זידעלט זיך, מען עסט זיך איינער דעם אַנדערען אויפ'ן גאַנצען וועג. טאָמיר ר' מענדעלי, וואָלט איהר זיך דאָ אַריינגעלייגט אין־דערמיט און געמאַכט צווישען אונז אַ עק.

— צווייהט זיך, צושפּרייט זיך, קבצנים! — טהו איך אַ זאָג מיינע יודען, זעהר דעליקאַט — צו וואָס, קבצנים, שטיקט איהר זיך צונויף אינאיינעם און בייסט אייך און רייסט אייך איינע מיט די אַנדערע? דערמיט טהוט איהר דאָך שלעכטס אייך טאַקי אַליין; — איינער בייםט אַנדערען חאַפּט אויס די שטיקעל ברויט, אַלע וואַרפען זיך, ווי די הינט להבדיל, אויף אַ אָפּגעלעקט ביין. און וואָס נאָך, איהר ציהט אויף אייך אַרויף לייטישע רייד, שאַנד און שפּאָט, אַז איהר בעפאַלט זיי ווי אַ היישרעק, נישט אויסצושטעהן פון אייך. געוואַלד, האָט רחמנות אויף זיך אַליין און צושפּרייט זיך, יודישע קינדער!

און זועהענדיג, אַז איך רייד ווי צו דער וואַנד, קיינער הערט מיך נים, האָב איך שוין מעהר נים געזאָגט קיין וואָרט, געקוקט אויף זיי און בעדויערט, טראַכטענדיג ביי מיר: אַ שרפה אַפילו איז נים אימשטאַנד אייך צושיידען, יודעליך!

— אונז גיבען זיי דאָס ערגסטע, טונעיאַדעווקער געגענד מיט די הייזער, און זיך נעהמען זיי דאָס בעסטע, גלופסקער חינקעל. נישקשה, מיר האָבען אויך אַ חלק אין גלופסק — לאָזען זיך הערען קולות פון שרעקליך אויפגעבראַכטע.

— ניין! מיר וועלען נים מוחל זיין דאָס אונזערינגע. מיר האָבען אויך אַ יודישע נשמה. אויך אַזוינע מיוחסים, שמיילינגע ווי איהר, זענען מיר — שרייען אַנדערע.

— מיינע ליעבע יודען! — ווענד איך מיך צו די, וואָס האָבען אָס־מייסטען געשריגען — איהר זענט דען אויך אָפּגעבּרענט געוואָרען? איהר זענט דאָך, ווי איך וויים, קיינמאָל קיין בעלי־הבתים נים געוועזען.

— מילא, וואָס איז דאָ די נפקא־מינה, בעלי־בתים אָדער שכנים — ניבען מיר יענע צו פאַרשטעהן דעם טעם דערפון — אַצינד זענען מיר אַלע אביונים. הייזער איינענע האָבען מיר, אמת טאַקי, נישט געהאַט, אָבער דירות האָבען מיר דאָך יאָ געהאַט. נו, האָבען מיר אַלע גע־וואוינט ביי יעקב־שמשון אין קעלער, איטליכער מיט זיין געזינדעל אין אַ בעזונדער ווינקעל דאָרט. אַז יעקב־שמשון'ס הויז האָט אָבער אָפּגע־ברענט, זענען מיר דאָך, פערשטעהט איהר, געבליבען אָהן דירות, און װאָהין, זאָגט אַדרבה, זאָלען מיר זיך איצט אַהינטהאָן?

— מיין דירה איז געוועזען אין בית־המדרש, וואו איך האָב גע־שלאָפען — שרייט מיט אַ גמרא־נגון עזריאל בטלן — ווי באַלד דאָס בית־מדרש האָב אָפּגעברענט, אם־כּן איז דאָך מעהר נים שייך דאָרט צושלאָפען. הייסט דאָך עס, אַ פנים, אַז איך בּין אַ נשרף ווי אַלע נשרפים.

— אַ מערכה, כ'לעבען — טראַכט איך ביי מיר — וואָס די וואַנ־צען און פלעה, וועלכע זענען געוועזען אויף קעסט און קוואַטיר ביי אונ־זערע יודען אין קאַבּצאַנסק, האָבען נים קיין מויל צום ריידען, זיסט האָלטען זיי אויך געקומען מיט די איינענע טענות.

— מיר איז די שרפה געוועזען דריי מיתות: שרפה הרג וחנק אינ־איינעם — קלאָגט זיך דוד־יודיל דער קרעמער — אָפּגעבּרענט דאָס

קלײטעל, מילא איז אָפּגעברענט, קען מען דינגען, שטעלען אַ אַנדער קלײטעל, אַבי עס זאָלען זײן יודען, קונים. אַז אָבער קאַבצאַנסק האָט זיך אַװעקגעשלעפּט, בין איך דאָך געבליבען דער׳הרג׳עט, דערװאָרגען!...

— איך בין אַ אָרימאַן, אַ אביון טאַקי לכל־הדעות — גיט מיר נחום דער מלמד צופּאַרשטעהן גאַנץ שכל׳דיג — זענען בעלי בתּים געװען אין שטאָדט, בין איך געװען אַ מלמד, געלעהרענט מיט זײערע קינדער און געלעבט בּדוחק. הײנט אַז אין בעלי־בתּים, נישטאָ קײן בעלי־בתּים, זענען נישטאָ קײן קינדער. נישטאָ קײן קינדער, איז נישטאָ קײן חדר, נישטאָ קײן חדר, איז נישטאָ קײן תּורה. נישטאָ קײן תּורה, איז נישטאָ קײן קמח — קומט אױס צולײגען די צײן אויף די פּאָלעצעז!

— אָט דאָס אײגענע טאַקע זאָג איך דאָך אויך, אַז ס׳איז נישטאָ קײן הײזער, איז נישטאָ קײן מזוזות — רופט זיך אָן מיט אַ קרעכץ יוסיל־שמעון דער סופר — אַז ס׳איז געװען אַ קאַבצאַנסק בין איך געװען אַ מזוזה־שרײבער, הײנט אַז ס׳איז אויס קאַבצאַנסק, אויס הײזער, איז אויס סופר, אויס מזוזות.

— און מיר — רופען זיך אָן אַ היבש פּעקיל פּאַרשױנען, װאָס הײסען בײ אונז יודען כּלי־קודש, נעמליך: שמשים, בעלי־תּפלות, שדכנים, קברנים, תּהלים־זאָגערס, משניות־לערנערס, טוקערענס, גבאי׳טעס, שפּרעכערענס וכדומה נאָך אַזעלכע — מה נאמר ומה נדבּר, װאָס זאָל מיר זאָגען, מיר זענען דאָך אַצינד געבליבען װי פּאַסטוכער אָהן שאָף, װי פיש אָהן װאַסער. װעה איז אונז, װינד און װעה אונזערע קינדער. אויסגעלאָזט זיך די פּרנסות, נישטאָ מעהר פון װאַנען ציציהען. אוי, ביטער! אונזער אײנציגע האָפנונג אַצינד איז פריהער אויף גאָט, דערנאָך אויף אונזערע קרובים, אויף גוטע לײט און בעלי־צדקות. זאָלען זײ אונטערהעלפען אונז אין דער שלעכטער צײט, מהאָן חסד מיט אונזערע קינדער ביז השם־יתבּרך װעט זיך דערבאַרמען. קאַבצאַנסק װעט װידער װערען אַ שטאָדט און מיר װעלען זיך נעהמען װידער צו אונזערע פריהערדיגע פרנסות.

— ס׳איז גאָר ניטאָ אויף דער װעלט אַזאַ צרה װי מײנע — גיסט פאַר מיר אויס דאָס האַרץ שלמה, װאָס האָט געהײסען אין שטאָדט: בעל־דברן, פאַר זײן פּה־קדוש — מײן צרה, דאָס איז די צרה פון דער מויד! קוקט זי אָן, אוי, אַ בושה, אַ חרפּה, אָן־זיטצט זי דאָרט מײן טאָכטער, הינדא־רחל, נעביך! אַ כּלה געװען הינו א־רחל. בּעראָרף זײן, לויט װי אָפּגעשמועסט אין די תּנאים, די חתונה ל״ג בעומר. הײנט

מאַקי בעדאַרפט זיין די חתונה. וואָס־זשע טהוט גאָט? מאַכט גאָט אַ שרפה, אָבער אַ שרפה אַ גרויסע, אַז דער גאַנצער מאַרק הייזער און די וואָס אַרום און אַרום געהען אַוועק מיט'ן פייער, און מיין הויז אויך. אויף גאָט פרעגט מען נישט קיין קשיות, פאַר וואָס האָט ער עס אַזוינס געטהאָן. מסתמא ווייסט ער, פאַר וואָס ער האָט עס געטהאָן. ווי באַלד אָפגעבּרענט, פאַרשטעהט זיך דאָך ממילא, אַז איך בּלייב אַ אָרימאַן, און סילוק נישט דעם נדן, ווי איך האָב מיך מתחייב געווען אין די תנאים. וואָס מיינט איהר, איך האָב נישט געוואָלט? חס־ושלום! געוואָלט האָב איך זעהר, נאָר פּשוט איך האָב נישט געהאַט. וואָס־זשע דער שענער בחור, דער חתן מיינער? זאָגט ער, לאו! אַז נישטאָ דער עיקר, צו־וואָס טויג מיר די טויד. נעהמט ער און צערייסט די תנאים. מילא, צו־וואָס דאָ לאַנג בּרייען, דער שפּיץ דערפון איז, מיין טאָכטער איז אויס כלה און ווייטער אַ מויד! און אָט זיטצט זי שטענדיג פאַראומערט און וויינט. מיין ווייב, זאָל לעבּען, גיסט אויך בּיטערע טרערען, און וויינט איבּער מיין קאָפּ — „גזלן! זאָגט זי, פאַר־וואָס האָסטו אַרויסגע־לאָזט דעם חתן? פאַר וואָס האָסטו קיין רחמנות נים אויף דיין טאָכ־טער? אַלע חבר'טעס איהרע זענען שוין ווייבּליך, האָבּען קינדער און זי, גזלן איינער, זי איז נאָך אַ מיידעל! אוי, אַזאַ חרפה, אַזאַ בּושה!" און היינט ל"ג בּעומר, וואָס האָט געזאָלט זיין די חתונה, כפי ס'איז אָפּגערעדט געוואָרען אין די תנאים, איז דאָס געווען נאָך גרעסער־ממש ווי תשעה־בּאָב. די וויינט, יענע וויינט, בּיידע וויינען, און מיר איז בּיטער און פינסטער. אַ הונד זאָל אַ לעק טהון מיין הארץ וואָלט ער משוגע געוואָרען. וואָס זאָל איך טהאָן און וואָס קען איך טהון? איך וועל נאָך פּריוווען טהאָן אָט וואָס: מיין ווייב מיט'ן בּני־בּית זאָלען זיך אַרומגעהן מיט די נשרפים און איך ווע'ל מיך אַ לאָז טהון אין דער וועלט עקסטרא פאַר זיך אויף הכנסת כלה. הא, וואָס זאָגט איהר דער־צו, רב מענדעלי?

— וואָס זאָל איך זאָגען? — ענטפער איך דעם בּעל דבּרן מיינעם — אודאי איז הכנסת כלה אַ שען געשעפט און בּיי אונז יודען נאָך פיעל חשוב'ער ווי נשרפים.

בּשעת דעם שמועס מיט די קבּצנים האָבּען די ווייבּער זיי אונ־טערגעבּאַסעוועט מיט בּיטערע זיפצען, מיט טרערען און טויטע קללות.

איך די פרעש אין דעם טײכעל, די זשוקליך, די גרילען צווישען גראָז און תבואות, האָבען זיך געלאָזט הערען אויף זײערע קולות — ס'איז געווען אַ קוואַקען, אַ שמוצערען, אַ געררויש, אַ געפּילדער, אַ יאָמער: קלאָג ווײט אַרום און אַרום.

## ג.

קיין שום זאך נעהמט מיך ניט אן אזוי ביים האַרצען, דערוועקט נישט אין מיר הייסע געפיהלען פון ליבשאַפט, גוטסקייט, התגלות און נאך אזעלכע, וואס שווער אנצורופען זיי ביים נאמען, ווי דאס פנים'ל פון אַ אומשולדיג קינד, אַ שלאפענדיגס. בעזאנדערענס, ווען עס איז איינגעשלאפען פאַר שלאַפקייט, נעביך, אדער נאכדעם ווי מען האט עס געפיינינגט נעביך, געשלאגען.

איינס פון די קליינע, אומגליקליכע קינדערליך, אַ שלאַפס, אַ בלייכס, איז שטיל אומבעמערקט צוגעקומען צו מיר, בשעת מיין פאַר־טיפען זיך אינ'ם שמועס, האט אנידערגעלייגט דאס קעפעלע זיינס מיר אויף די קניע און איז זיך איינגעשלאפען. ערשט ביים ענדיגען דעם שמועס, אז איך האב איהם בעמערקט, בין איך געבליבען צוקאכט פאַר גרויס רחמנות. אַ זיס פנים'ל, זעה איך, אַ דאַרס אהן אַ טראפען בלוט, ליפעליך פאַרטריקענטע, האלב געעפענטע; הענטליך דינע, צווישטעק־ליך, איינס ליגט איהם אויף דער ברוסט, וואס בעוועגט זיך ביים אטהמען אַרויף און אַראפ, און דאס צווייטע הענגט שוואַך אַרונטער. אויף איהם איננאַנצען ליגט עפּיס אויסגעגאסען אַ טרויערדיגער חן. עפּיס רעדט עס, בעט עס, קלאגט זיך נעביך אויף יסורים, וועהטיגען, בעט רחמים, רחמנות צוהאבען אויף זיינע יונגע יאהרען. איך קוק עס אן און עס רייסט מיר דאס האַרץ! עס ווילט זיך מיר חיינען, האלזען, אַרומנעהמען דאס בידנע קינד, מיינע אומגליקליכע שטאדט־לייט, מיינע

אומגליקליכע ברידער פון מיין פערוואָגעלט פאָלק, ארומגעהמען זיי אלע און אויסקושען זיי די גלידער! איך קוק אַ מאָל אויף דאָס אומשולדיג קינד, אַ מאָל אויף די וויסטע, עלענדע, בעטריבטע, פאַרביטערטע קאַבצאַנסקער יודען — און ווער שיער ניט משוגע קוקענדיג. רבונו-של-עולם, שרייעט אין מיר דאָס הארץ, אָך ווי ביטער ס'איז דיין פאָלק ישראל, ווי משונה פאַרענדערט ער איז מיט דעם שטיינער לעבען זיינעם, מיט אַלץ-מיט-אַנאַנדער ביי איהם פון אַלע אַנדערע אומות אויף דער וועלט! וואו איז נאָך דאָ אַזאַ פאָלק, וואָס די מענשען זיינע האַלטען זיך ווי די גלידער פון אַ גוף צונעוואַקסען איינס צום אַנדערען, ווירקען איינס אייפ'ן אַנדערען, דערנעהרען זיך איינער פונ'ם אַנדערען און ווערען אַ תל איינער דורכ'ן אַנדערען. דאָס אומגליק פון יחידים, פון אַ טייל יודען, טרעפט דעם כלל ישראל. אַ שרפה איז געקומען אויף קאַבצאַנסק, עס האָט אויסגעקויקעלט אַ טהייל הייזער און אַלע יודען דאָרט וויינען, בעוויינען די שרפה! עס בעוויינען זי אַלע, אפילו די, וואָס האָבען קיינמאָל קיין הויז נישט געהאַט. עס וויינען קאַבצאַנסקער בטלנים, מלמדים, דיינים, שמשים, חזנים, שוחטים, שדכנים, חתנים, כלות, קרעמער, סוחרים, מעקלער מיט אַלע איהרע קבצנים,

אוי, אומגליקליך קינד... אוי, בידנע פאָלק, מיין אָרעם פאָלק!...

— חנה, חנה! -- לאָזט זיך הערען אַ קול פינ'ם קינדס פאָטער, רופענדיג דאָס ווייב — קום, נעהם חיים-יעקלין. זעה נאָר, ווי ער שלאָפט ביי רב מענדעלין אויפ'ן שוים!

— וועה איז דער מאַמע, וועה צו איהר לעבען! — שרייעט-אויס חנה פאַר גרויס רחמנות און ליבשאַפט, אויסשטרעקענדיג די הענד צו-נעהמען דאָס קינד — קוקט איהם נאָר אָן, מיין טרייסט, מיין נשמה, ווי ער ליגט! מיד, אָבגעשוואַכט ליגט ער זיך איינגענורעט, דאָס הענטעלע פאַרלייגט און שלאָפט ווי אַ פייגעלע, טהייער קינד מיינס! אַזאַ ברעקיל, נאָך ניט אָנגעקוקט די וועלט, ניט געלעבט — און שטעהט שוין אויס אַזויפיל צרות!

— עט, נישקשה, זאָל ער זיך ליגען, נישקשה, און שלאָפען — זאָג איך דער מוטער און לאָז מיך אריין אין אַ שמועס מיט דעם קינדס פאָטער, אַ יוד אַ למדן און פשוט אָהן חכמות אַ גוטער מענש. —

— זאָגט מיר אָקאָרשט, זאָלט איהר מיר געזונט זיין, רב יחיאל מרדכי, ווי אַזוי און מיט וואָס האָט איהר זיך דערנעהרט אין דער שלעכטער צייט, וואָס ס׳איז אויף אייך אָנגעשיקט געוואָרען?

— געלויבט חשם־יתברך — ענטפערט רב יחיאל־מרדכי, אויפ־הייבענדיג די אויגען מיט אַ דאַנק צום הימעל — מיט דעם אויבערשטענס נסים האָבען מיר געלעבט. און וויפיל בעדאַרף דען אַ יוד האָבען צום לעבען? אַ יודען איז גענוג אויף צו דערהאַלטען די נשמה אַ ביסעל קאַרטאָפעל, אַ ביסעל דאָס... אַ ביסעל ווייס איך וואָס... גאָרנישט. אַ ציבעלע, אַ רעטיכעל. האָבען מיר זיך געלאָזט בענוגענען, מיט בטחון אויף זיין ליבען נאָמען און אויף דעם חסד פון אונזער אחינו בני ישראל.

— נו, האָבען אונזערע אחינו בני ישראל אייך געהאָלפען אין דער נויט?

— פון איין שטעדטיל און פון די אַרומיגע דערפער האָט מען אונז אַריינגעשיקט עטליכע וועגעליך ברויט באַלד נאָך דער שרפה. פון די איבעריגע שטעדט — גאָרנישט. נאָר עפּיס קליינע נדבות עטליכע פון יחידים.

— פאַר־וואָס־זשע, האָט קיין פּאַראיבעל נישט, האָט איהר זיך געפוילט אַרויסשרייבען זיי אין בריף אייערע גרויסע צרות, אַז איהר געפינט זיך אין אַזאַ ביטערער נויט?

— געשריבען, רב מענדעלי, געשריבען, געשריבען! אויך אַרויסגעשיקט האָבען מיר משולחים צונויפנעהמען פאַר אונז נדבות ביי יודען. האָבען מיר אַרויסגעשיקט, און גאָרנישט. ביז אויף היינטיגען ניטאָ פון זיי קיין תמונת אות. מען זעהט ניט, מען הערט ניט, ווי אין וואַסער אַריינגעפאַלען. אַז מיר האָבען אַרויסגעזעהן, קיינער פון אונזערע ברידער קומט אונז ניט צו הילף און מען קען שוין מעהר נישט אויס־האַלטען, האָבען מיר זיך בעטראַכט מקיים זיין די הייליגע ווערטער פון אונזערע הייליגע חכמים: „אַל תדין את־חברך, דו זאָלסט ניט בע־שולדיגען דיין חבר עד שתגיע למקומו, ביז דו זאָלסט נישט שטעלען זיך אויף זיין אָרט“. געהען מיר, הייסט עס, אַצינד פון קליין ביז גרויס, מיט ווייבער און קינדער, בחורים מיט מיידלעך, זיך שטעלען אויפ׳ן אָרט פון אונזערע ברידער. זאָלען זיי זעהען, אָנקוקען אונז אַליין. אפשר

וועלען זיי רחמנות האָבען. און ווי מיינט איהר, רב מענדעלי. וועלען מיר עפּיס מאַכען מיט אונזער וועג, האַ?

— זאָגט נאָר, רב יחיאל מרדכי, האָט איהר געליטען אַ־מאָל אַ וועהטיג אין איינעם פון אייערע גלידער?

— אַ שאלה אַ בּיטעל, אויב איך האָב געליטען! אוי, געליטען. אי היינט נאָך בּין איך, לא עליכם, געפאַלען אויף די קריזשעס. איהר בּעמערקט דען ניט אין מיין פּנים, אַז איך לייד דערפון גרויסע יסורים?

— נו, וואָס פאַר אַ מיטעל מהוט איהר דערצו, רב יחיאל־מרדכי?

— תחלת, אַז די שלאַפקייט האָט זיך ערשט בּעוויזען און איך בּין נאָך געווען פאַרמעגליך עפּיס צוטהאָן אַ מיטעל, האָב איך מיך נישט ווינסענדיג געמאַכט און גאָרנישט געטהאָן, אַלץ געטראַכט, עט, עס וועט מיט גאָטס הילף בּעסער ווערען. אַצינד, אַז די שלאַפקייט איז שטאַרק, און איך בּין ניט בּיכולת צוטהאָן דערצו אַ מיטעל, אפילו בּיים בּעסטען ווילען, און ווער ווייסט, אויב די מיטעל וועלען שוין העלפען — אַצינד איז דער וועהטיג זיך צונאַנגען אין אַלע מיינע רמ״ח אברים, און איך בּין, לא עליכם, אַ צעבּראָכענער שאַרבּען. נאָר אַקעגען וואָס אָבער פרעגט איהר מיך, רב מענדעלי, אַזוינס, וואָס איז נים שייך צו אונזער שמועס?

— אַקעגען וואָס איך פרעג ווילט איהר וויסען? — ענטפער איך מיט אַ בּיטער געמיטה — אַקעגען די קאַבּצאַנסקער נשרפים, פאַרשטעהט איהר מיך, און אַקעגען טויזענטער אַנדערע מיני אָרמענקע, געפאַלענע, אָפּגעקומענע. זיי אַלע זענען געפלאַגטע, קראַנקע גלידער אין דעם יודישען גוף. ווען אונזערע יודען זאָלען פאַרשטעהן, וואָלטען זיי בּעדאַרפט אָנווענדען כּל־המיטעל, געפינען אַ סגולה צו די קראַנקע גלידער בּעציייטענס, איידער די קראַנקייט פערשטאַרקט זיך, בּלייבּענדיג אַ איי־בּיגע מכּה, אַ וועהטיג, אַ קריינק פאַר דעם גאַנצען גוף. ווען אונזערע בּרידער, אַ שטיינער, וואָלטען אַנטהייל גענומען אין דעם אומגליק פון קאַבּצאַנסקער יודען בּאַלד ווי דאָס אומגליק האָט זיי געטראָפען, העלפענדיג זיי איטליכער מיט אַ קלייניגקייט, וואָלט פון אַ גראָשען צו אַ גראָשען זיך אָנגעקליבּען אַ היבּשע סומע געלט, עס זאָל מעגליך זיין ווי ס'איז אָפּצובּויען זייערע הייזער, יעדער זאָל זיך נעהמען ווידער צו

זיין אַרבייט, נישט געצוואונגען זיין פאַרוואָגעלט ווערען פון דער היים און אַרומשלעפען זיך מיט די טאָרבעס איבער דער וועלט. אַצינד אָבער, אַצינד...

האָרכט־זשע, רב יחיאל־מרדכי, אַצינד וועל איך נביאות זאָגען, וואָס פון אייך, פון נאָך אַזעלכע פאַרוואָהרלאָזטע, פאַרוואָגעלטע, וועט ווערען מיט דער צייט. קאַבצאַנסקער יודען, ווי אַלע אומגליקליכע זייער גלייכען, פון וועלכע מען האָט זיך נישט וויסענדיג געמאַכט תחילת, ביים אָנהויב זייערען צופאַלען, וועלען אַלץ וואָס ווייטער פאַלען און פאַלען און שוין קיינמאָל נישט אויפשטעהען, קומען צוריק צו זייער פריהערדיגען שטאַנד. דאָס ביסעל, וואָס זיי וועלען צונויפנעהמען, וועט אוועקגעהן אויפ'ן עסען און וועג, און דער סוף זייערער וועט זיין, צו־בלייבען קבצנים, שלעפערס, אַ פּלאָג, אַ מכה, וואָס וועט זיך איינעסען דעם פאָלק אין די ביינער און אָנטהאָן איהם גרויסע יסורים. עס האָבען ניט געשטיצט אונזערע יודען די געפאַלענע ביי זיי, אין־אָנהויב, יעדער מיט אַ קליינינקייט און מיט דעם גוטען ווילען, וועלען זיי לסוף גע־צוואונגען זיין מיט געוואַלד צוגעבען אייך, קבצנים, אַ סך און דאָס וועט שוין ניט העלפען. די אָרימע לייט וועלען תמיד זיי בעפאַלען און ווילענדיג־נישט־ווילענדיג וועלען זיי געבען ווי אין אַ לעבעדיגען זאַק אַריין כפי זייער כח און אַריבער דעם כח. זיי וועלען מוזען מאַכען „הקדשים" פאַר אורחים, אָרימע וואַנדערער, שלעפערס. זיי וועלען מוזען אויסבויינגען געלד אויף קראַנקע, שלאַפע, צעבראָכע, אייך אויף פוילע ליידיגגעהערס. זיי וועלען מוזען מפרנס זיין אַלמנות און אויסהאַלטען יתומים. זיי וועלען מוזען אַריינגעהמען צו זיך אין שטוב אָרימע קרובים, מוזען און מוזען געבען נאָך אויף זאַכען אַזוינע אָהן אַ שיעור ביז זיי וועלען שוין ניט זיין מעהר פאַרמעגליך און מוזען פאַר־קלענערען זייערע אויסגאַבען. די געשעפטען וועלען וועניגער ווערען, פיל וועלען אַראָב פון דער פונקציע און עס וועלען צוקומען נייע, פריש־צאַפּעלדיגע אָרימעלייט, קבצנים, דלפנים, אביונים, אָפּענע, באַהאַלט־נע, אַלערליי מינים... איהר זעהט, רב יחיאל־מרדכי, וואָס די פּראָש האָט אָנגעמאַכט ביים אַריינשפּרינגען אַט דאָ אין דעם טייך? צו ערשט איז דורך איהר שפּרונג געוואָרען אין וואַסער אַרום איהר אַ רעדעל, דערנאָך אַ צווייטס, אַ דריטס, אַלץ מעהר און מעהר ווייטער און ווייטער. אָנגעהויבען האָט זיך עס פון אַ קליינינקייט און פון דעם קליינינקייט קומט אַרויס זעהר פיל אַזוינס, וואָס ציהט זיך, ציהט זיך אָהן אַ עק.

א שרפה איז געקומען אויף קאבצאנסק, קומט פון איהר ארויס צרות א סך — און אין א צייט ארום וועט האבען צו בעווייגען די שרפה כל־ישראל!

— אונזערע הייליגע חכמים האבען שוין דאס פריהער פאר זיך געזאגט—מאכט רב יחיאל־מרדכי מיט א קניטשעלע, א ציה־געבענדיג מיט׳ן אקסעל, ווי דער שטיינער איז פון בית־מדרשניקעס, אוועקצומאכען יענעמס א ווארט, ווייל מען געפינט עס ערגיץ אין א שטעל ביי אונזערע חכמים, אם־כן טא וואס־זשע לאזט מיך דא יענער הערען? — דער מדרש „שיר השירים" זאגט: „מה אגוז זה, אזוי ווי ניס, אתה נוטל אחד מחברו, אז דו ריהרסט איינעם פון א קופקעלע, כולן מדרדרין ומתגלגלים זה אחר זה, צוקייקלען זיך און צולויפען זיך איינע נאך די אנדערע, כך הן ישראל, אזוי זענען די יודען, לקה אחד מהן כלן מרגישין, ריהרט דאס אומגליק אן איינעם פון זיי, דערפיהלען עס אלע".

— און וואס טהוט מען דערצו, רב יחיאל־מרדכי? — טהו איך א פרעג זעהר פארביטערט — געוואלד, רבונו של עולם, ווילען דען יודען תמיד אזוי זיין אפהענגיג, אפגעלאזט, נישט צוטהאן פון דאנען אהין, צופארבעסערען זייער צושטאנד, אז זיי זאלען ניט קוייקלען זיך ווי די ניס?!...

רב יחיאל־מרדכי בעדעקט מיט דער האנד דאס פנים, זיפצט, ערכצט, נישט צוענטפערען קיין ווארט. מיר זיצען ביידע און שווייגען, פארטיפענדיג זיך איטליכער אין די געדאנקען ביי זיך.

שפעטער אביסעל האבען די קאבצאנסקער זיך געריהרט אין וועג ארייין רעש׳דיג, האק־און־פאק מיט די ווייבער און קינדער, און לייזעריל דער משוגענער שלעפענדיג זיך נאך זיי. איך האב זיי ביז א געוויסען פונקט בעגלייט, נאכגעהענדיג נאך מיין פערד־און־וועגעלע, דערנאך האב איך מיך געזעגענט מיט זיי און בין געגאנגען מיין וועג.

* * *

יענע אומגליקליכע קאבצאנסקער האב איך שוין מעהר אין מיין לעבען ניט געזעהען און איך ווייס נישט, וואס פון זיי איז געווארען. זיי האבען זיך אוודאי געמוזט קוייקלען ווי די ניס מיט די

אַלע אַנדערע יודישע אָרימעלייט, ביז זיי זענען פאַרשוואונדען געוואָרען פון דער וועלט. לייזערלען נאָר האָב איך אין אַ צייט אַרום בעגעגענט אין גלופסק, אַרומלויפענדיג דאָרט אין די גאַסען בתורת שטאָדט־משוגענער, און קינדער־קונדסים מיט אַ געשריי, אַ געלעכטער הענדום־פענדום נאָך איהם...

---

